— און איך בין דער גילגול פון אלע דורות . . .
— לעבעדיק איז דער סינטעז . . .
— אויף ס'ניי מוז אויפבליען א יידיש לעבן.
— די יידישע פאלקסטימלעכע סימבאלן און לעגענדן, פון ס'ניי אפגעפרישט, וועלן זיין טוי און רעגן.
— אויפלעבן וועט דאס פאלק . . .

— י. ל. פּרץ

1944

5טער יאר
2טע וועלט־מלחמה



און מיר בעטן ניט,
מיט בעטלען ניט,
שטאלצע יידן זיינען מיר !
נישט איבערגעריסן, נייז,
די גאלדענע קייט !

# דרייסיק יאר
## י. ל. פּרץ שול

„איין פאלק יידן — זיין שפּראַך איז יידיש, און אין דער שפּראַך וועלן מיר אונדזער אוצר זאמלען, אונדזער קולטור באשאפן, אונדזער נשמה ווייטער וועקן און קולטורעל זיך פאראייניקן צווישן אלע לענדער און אין צייטן.

י. ל. פּרץ.

תרע״ד — תש״ד

1914

1טער יאר
1טע וועלט־מלחמה

ווינניפּעג
יוני 1944

# הקדמה

דרייסיק יאר פון איינער א יידישער שול . . . וואלטן מיר, יידן, געטראגן אין זיך אן אמתן פאלק געפיל — אן אחריות פאר אלע אטריבוטן פון יידישקייט און א אינעווייניקסטן פארלאנג ממשיך צו זיין; א געפיל פון פארבונדנקייט צווישן דורות און איבער לענדער, — דעמאלט וואלטן אזוינע יום־טובים געווען אלגעמיינע און ניט קיין פריוואטע — פון איינער א גרופע יידן, אין איינער א שטאט, ערגעץ אין ווייטן צפון לאנד.

בעוונותינו הרבים אבער באמיען זיך יידן אר־מעטום אריינצופעדימען זיך אין אנדערע קאלעקטיוון און פאר דעם יידישן פאלק זאל גענוג זיין א גוט־ווארט, א נדבה, און אפילו ווארט־פירער וואס שרייבן צו טויזנטער און צענער טויזנטער, שעמען זיך ניט צו שרייבן אפן, אז זיי האבן ניט קיין ווילן פאר קיום־האומה, זיי זעען ניט קיין זינען אין דעם. און אז דעם "פאלק אינסטינקט" לעבט מען מיט שערבלעך אידעאלן: צעריסענע, אפגעשטאנענע גרופעס — טיילן פון א פאלק, וואס לאזן זיך אין פארשיידענע ריכטונגען . . .

אבער "אם אין פאלק — אין שול, ואם אין שול אין פאלק" — אן דעם באוווסטזיין פון פאלק אין זיין גאנצקייט אין הארצן, קען ניט געמאלט זיין קיין יידישע דערציונג; אן אן ארגאניזירטער, סיסטעמאטישער און אלגעמיינער דערציונג קען ניט זיין קיין פאלק.

דרייסיק יאר פרץ־שול אין וויניפעג, דרייסיק יאר יידישע שול אין אמעריקע און דאך — דאך איז נאך דער אידעאל פון אט דעם גייסטיקן קיבוץ גלויות, דעם "קיבוץ גלויות של מעלה", וואס אן אים קען ניט קומען דער קיבוץ גלויות של מטה, נאך אלץ "פון אוידן און ווייטער", ערגעץ פארויס און ווייטער.

גייען מיר צו אים. איז א יידישע שול א דיליזשאנס וואס לאזט זיך צום קיבוץ גלויות; איז די פרץ שול אט אזא וואגן אהין, צו יענעם "פארויס".

די פרץ־שול אין וויניפעג איז געווען פון די ערשטע ראדיקאלע שולן וואס האבן געוואגט "אין ווארצל" (ראדיקאל הייסט ווארצלדיק) זיך אפזאגן פון דער אלטער טעזע, אז יידישקייט איז בלויז דאס וואס איז געשאפן געווארן אמאל און וואס האט געלייקנט אין דער "קדושת העם" פון דעם אלעם וואס עס שאפט זיך אין פאלק כסדר און אן אויפהער.

און ווען אפשטויסנדיק זיך פון טעזע איז מען צו ווייט אוועק צו דער אנטי־טעזע, האט זיך די פרץ־שול אין וויניפעג ראדיקאל, אין ווארצל אריין, ה"ד, א נייג געטאן צום סינטעז, צו דעם פאלקס "אחד", דורך צייטן און רוימען וואס ניט אין הימלשע נעפלען, — אין הערצער דארף ער רוען.

איבעריקס, האט דאך אזוי געלעבט און אזוי געלערנט דער פאטראן פון דער שול, י. ל. פרץ, אליין, ווען ער, דער משכיל און אפיקורוס, האט אויסגעשריען "רבש"ע ! בעסער מיט כל ישראל אין גיהנום, איידער אליין אין גן־עדן". און איז אוועק צו יוחנן דעם מלמד, צו יוחנן דעם וואסערטרעגער און געלערנט זייער תורה. דאס איז דער וועג פון דער יידישער שול צום פאלק, צו דער שכינה פון פאלק, וואס איז אין זיינע שאפונגען.

און שווער איז דער וועג, און שטרויכלונגען אן צאל: גיי, פאר איבער שטורמישע ימים, לאז זיך צו א ווייטן פינקט ווען דער קאמפאס איז צעבראכן און קורצזיכטיקע אויגן זעען ניט די שטערן . . . שווער איז דער וועג בארג ארויף מיט שווערע פעק אויף די אקסלען און אן שטעגן אויסגעטראטענע, אן פירער געניטע. אבער ווי איז צו די וואס לאזן זיך "אויפן גרינגן וועג וווּ עס גייט זיך אליין" — בארג־אראפ, ווער ווייס וווּהין. איז זאל דאס דא געזאגט ווערן אין די אויערן פון אלע וואס די שכינה פון פאלק — כל ישראל — איז איבער זיי, איבער זייערע געפילן; זאלן עס הערן יידישע דערציונגס טוער און פארנעמען יידישע שולן פון אלע ריכטונגען און לענדער — מיט דרייסיק יאר צוריק האט זיך איינע א שול, אין איינער א קהילה, אין ווייטן צפון־לאנד געלאזט מיט דעם זיגזאג־וועג פון טעזע — אנטיטעזע צו דעם סינטעז פון אייביקער און אומעטומיקער יידישקייט. און — לאמיר האפן — עס וועלן דאס אינגיכן אויך דערהערן און דערפילן דער שארית־הפליטה דארטן פון וואנען מיר אלע קומען, פון וואנען מיר שטאמען און וווּ עס האט זיך די תוכחה אויסגעגאסן . . .

שמע — ישראל — אחד ! לאמיר אלע לאנג און שטארק ציען דעם "אחד". זאלן די דרייסיק יאר פרץ־שול זיין א צושטייער צו אט דעם "אחד".

---

דער רעדאקטירטער טייל פון אט דעם יובל־בוך איז אויפגעקומען בהיסח־הדעת. ער איז ניט געפלאנט געווארן פון לכתחילה, מהאי טעמא זיינען פאראן אייניקע דעפעקטן וואס עס איז געווען אוממעגלעך אויסצומיידן אין דער קורצער צייט.

די ערשטע ארטיקלען באהאנדלען אלגעמיינע פראבלעמען: דר' י. שאצקי ברענגט ארויס פון פארגאנגענהייט אן עפיזאד פון דעם אייביקן געראנגל אין יידנטום צווישן די וואס ציען אונדז צום נאציאנאלן "איך" און צווישן די וואס רייסן זיך צו אנטלויפן פון אים. אן אלטער קאמף, וואס גייט היינט ווי אלעמאל, ווי אייביק. האט אנומלט טאקע א תלמידה אויסגעשריען "ווי ווייניק יידן לערנען זיך פון זייער געשיכטע!". קענטיק — די נארמען און געזעצן פון פאלקס לעבן זיינען א סך מער אינעווייניקסטע, אין דעם פאלקס לעבן, אין זיין כאראקטער איידער אין די דרויסנדיקע באדינגונגען. די צווייטע ארבעט פון דעם סאציאלאג ל. ראזנבערג, קלערט אונדז אויף די סאציאלע און קולטורעלע טענדענצן פון דעם יידישן ישוב אין מערב קאנאדע. און מאדנע ווי די טענדענצן זיינען ענלעך צו די וואס מיר וויסן פון דער קליינער ליטווישער פראווינץ פון פאר דער ערשטער מלחמה, און דאס — כאטש צווישן די דרויסנדיקע תנאים פון צארישן רוסלאנד און דער פיינער דעמאקראטישער קאנאדע ליגט דאך א תהום. ווידעראמאל איז קענטיק — די געזעצן און טענדענצן פון דעם יידישן לעבן זיינען א סך מער אינעווייניקסטע, אין נאציאנאלן כאראקטער און זיי וואנדערן צוזאמען מיט די יידן. די דערציונג פון א פאלק קען ניט פארבייגיין אזוינע פאקטארן. די ווייטערדיקע ארטיקלען קערן אונדז אום דירעקט צו אונדזערע שול פראבלעמען.

די ארטיקלען וועגן דער פרץ־שול גופא שעפן צום באדויערן ניט אויס דעם גאנצן אינהאלט פון שול. אבער א בילד באקומט מען דאך.

עס בלייבט צו ווינטשן אז צו די ווייטערדיקע יובלים אירע זאל די שול ניט זיין מער קיין באזונדערע טייל פון אן אפגעזונדערטער גרופע, נאר איין טייל פון דעם ארגאניזירטן שול וועזן פון דעם ארגאניזירטן יידישן פאלק איבער דער גארער וועלט.

א. ג.

# ערשטער אָפּטייל

## אַלגעמיינע פּראָבלעמען —

אַרטיקלען פֿון: דר׳ יעקב שאַצקי
ל. ראָזנבערג
א. גאָלאָמב
י. שטערן
דר׳ י. שאַפּירא
ל. שפּיזמאַן
י. זיפּער

● דר. יעקב שאַצקי (ניו־יאָרק)

# אַ אַנטי - משׂכּילישע קאָרעספּאָנדענץ מיט 100 יאָר צוריק

(אַ קאַפּיטל ייִדישע קולטור־געשיכטע)

די שטעלונג פֿון דער אָרטאָדאָקסיע צו די פּראָבלעמען, וואָס די השׂכּלה האָט אַרויסגערופֿן, האָט נאָך עד היום נישט געפֿונען קיין מאָנאָגראַפֿישע אויספֿאָרשונג. די פּראָטעסט־שטימען פֿון איינצלנע קעגנער פֿון דער השׂכּלה, וואָס זײַנען באַקאַנט פֿון רוסלאַנד און פּוילן, זײַנען מיטן אויסנאַם פֿון אפֿשר אַבֿרהם שטערן, דעם מאַטעמאַטיקער און ראָש פֿון די וואַרשעווער מתנגדים[1] — געווען אַזוי אומגעלומפּערט מאָטיווירט — אַז זיי האָבן געהאַט דווקא אַ פֿאַרקערטע ווירקונג, ווי זיי האָבן געצילט.

די אַנטי־השׂכּלה שטימען אין דײַטשלאַנד וואָס זײַנען געווען אַ סך געלונגענער קאָנסטרויִרט, ווי די פֿון מיזרח־אייראָפּע, זײַנען געבליבן פֿאַרשטעקט אין זעלטענע ביכלעך און אַלטע בלעטער. און דאָס איז אַ גרויסער שאָד! ווײַל אין דעם גרויסן כאָר פֿון די שטימען וואָס האָבן זיך דערהערט אין שייכות מיט דער השׂכּלה באַוועגונג, איז די שטימע פֿון דער דײַטשער אָרטאָדאָקסיע דווקא אַן אינטערעסאַנטע ביז גאָר.

אין דעם דאָזיקן אַרטיקל וועט זײַן אַנאַליזירט אַ קאָרעספּאָנדענץ צווישן אַן אָרטאָדאָקסישן רבֿ און אַ גרויסן אָנהענגער פֿון דער השׂכּלה. ביידע האָבן געשטאַמט פֿון אויבער־שלעזיע.

דער רבֿ איז געווען ישׂראל דײַטש. ער איז געבוירן אין צילץ (שלעזיע), אין 1800, און איז געשטאָרבן אין בוטן (פּויליש — בטאָם), אין 1853, וווּ ער איז געווען רבֿ זינט 1829.

דער אַדרעסאַט זײַנער איז געווען אַ משׂכּיל מיטן נאָמען אַבֿרהם מוהר. ער האָט געשטאַמט פֿון אַ חשובֿער משפּחה אין פּראָג, וואָס האָט זיך אין דער צווייטער העלפֿט פֿון 18טן יאָרהונדערט באַזעצט אין בערלין[2]. זײַן זיידע יוסף (יאָסל) בן זאַנוויל (געשטאָרבן אין 1762) איז געשטאַנען נאָנט צום קרײַז פֿון משה מענדלסאָן. זײַן זון, שמעון, האָט, אין 1770, חתונה געהאַט מיט אסתר יערעסלאַוו, די טאָכטער פֿון דעם ברעסלויער משׂכּיל און פּרנס, יעקבֿ בן משה אהרן יערעסלאַוו (1723—1790). דער דאָזיקער יערעסלאַוו האָט קאָרעספּאָנדירט מיט משה מענדלסאָן און זיך באַמיט צו באַקעמפֿן "די פֿאַרדאָרבנדיקע השפּעה פֿון וואָלטער און זײַנער חבֿרה"[3].

אהרן יערעסלאַוו, אויך פֿון דער זעלבער משפּחה, איז געווען דער הויז־לערער פֿון מענדלסאָנס קינדער און האָט געשריבן אַ פּירוש צו זײַן ביאור. אין 1784 האָט ער אַרויסגעגעבן אַ דריטע אויפֿלאַגע פֿון מענדלסאָנס פּירוש צו דער טערמינאָלאָגיע פֿון רמב"ם־לאָגיק מיט אייגענע הערות און תּיקונים[4].

1) וועגן אים און זײַן קוק אויף דער השׂכּלה, זע: יעקב שאַצקי, ייִדישע שול פּאָליטיק אין פּוילן, (1806—1877). ייוואָ ניו־יאָרק, 1943. 37—40.

2) לאַנדסהוט, תּולדות אנשי שם, 118.

3) משה מענדעלזאָן. געזאַמלטע שריפֿטן (דײַטש), 1929, באַנד 16, זייט 63. יעקב טוגענהאָלד, דער וואַרשעווער צענזאָר און משׂכּיל, איז געווען זײַן אייניקל.

4) לואיס לעווין — געשיכטע דער חבֿרא קדישא צו ברעסלאַו (1726—1926). 29—27.

שמעון מוהר איז געווען דער הויפּט־בוכהאַלטער פֿון דער ייִדישער קהילה אין בערלין. ער איז געווען אַ ייִד, אַ למדן, משׂכּיליש שטאַרק פֿאַרשפּיצט. זײַן נאָמען געפֿינט זיך אין די רשימות פֿון פּרענומעראַנטן פֿון אַזעלכע ווערק, ווי סעדיא גאונס "אמונות ודעות" און אַ סך אַנדערע חיבורים.

בײַ דעם דאָזיקן מוהר איז דעם 7טן אַפּריל, 1781, געבוירן געוואָרן אַ זון, וועמען ער האָט אַ נאָמען געגעבן אַבֿרהם.

דער דאָזיקער אַבֿרהם מוהר האָט געהאַט גאָר אַן אינטערעסאַנטן לעבן. אין זײַן יוגנט איז ער געווען אַ פּריוואַטער לערער בײַ אַ רײַכן משׂכּיל, אין האַזנפּאָט (קורלאַנד), שפּעטער אין קראָקע און אין פּלעס (שלעזיע). משמעות, אַז פֿון לערערײַ האָט ער נישט געקאָנט האָבן קיין חיונה, ווײַל ער איז געוואָרן אַ בוכהאַלטער. אין פּלעס איז ער געוואָרן אַ ספּעדיטאָר און איז רײַך געוואָרן. אַבֿהם מוהר האָט זיך באַטייליקט זייער אַקטיוו אין דעם קאַמף פֿון דעם פּרייסישן ייִדנטום פֿאַר עמאַנציפּאַציע. אין יאַנואַר, 1813, האָט ער אָנגעשריבן, אויף דײַטש, אַ ביכל (45 זײַטן), א"נ "ירובעל אָדער איבער די רעליגיעזע רעפֿאָרם אין פּרויסישן שטאַאַטע", וואָס איז דעם זעלבן יאָר דערשינען אין ברעסלוי. דאָס איז די בראַשור, וואָס זײַן קרובֿ, יעקבֿ טוגענהאָלד (1794—1812), האָט איבערגעאַרבעט אויף פּויליש און אַרויסגעגעבן אונטער זײַן נאָמען, אין יאָר 1818.

מוהר איז אין אָנהויב אַרויס קעגן די ראַדיקאַלע רעפֿאָרמען פֿון דוד פֿרידלענדער, דעם פֿאָנגענטרעגער פֿון דעם "לינקן" פֿליגל פֿון דער דײַטשישער השׂכּלה. ער האָט געהאַלטן, אַז רעפֿאָרמען, אײַנגעשלאָסן די רעליגיעזע קאָנען נאָר דעמאָלט האָבן אַ פּעולה, ווען די מאַסע גופֿא וועט דערפֿילן, אַז זי נייטיקט זיך אין זיי. מען קאָן דערפֿאַר מיט צוואַנג קיין רעפֿאָרמען נישט דורכפֿירן, ווײַל דאָס פֿאָלק קען צו די פֿאָרזאָרגער קיין צוטרוי נישט האָבן.

מוהר האָט געשריבן, אַז דער טעות פֿון די רעפֿאָרמער באַשטייט אין דעם, וואָס זיי באַקעמפֿן דאָס אַלטע נאָר צוליב דעם, וואָס עס איז אַלט, הגם עס איז נישט אַלעמאָל אַ ראָיה, אַז דאָס וואָס איז אַלט, טויג שוין נישט. ער האָט געהאַלטן, אַז מען טאָר די העברעיִשע שפּראַך נישט אָפּשאַפֿן, ווײַל העברעיִש איז הייליק בײַם ייִדישן פֿאָלק.

וואָס איז שייך די רעפֿאָרמען גופֿא, איז דאָס ווײַט נישט דעמאָקראַטיש, וואָס מען פֿרעגט זיך נישט אַן בײַם פֿאָלק, וואָס עס טראַכט וועגן דעם. דער רובֿ מנין ייִדן, — שרײַבט מוהר, — איז קעגן רעפֿאָרמען, בפֿרט אַזעלכע ראַדיקאַלע, ווי באַזײַטיקן דאָס דאַווענען אין לשון הקודש.

די דײַטשע שפּראַך, — האָט ער געשריבן, — קאָן נישט פֿאַרבײַטן די העברעיִשע שפּראַך בײַם דאַווענען. עס

איז אויך אַ סך שענער, — האָט ער מוסיף געווען, — צו האָבן פֿאַר תּפֿילות אַ שפּראַך, וואָס ווערט ניט באַנוצט אין טאָג־טעגלעכן לעבן, פּונקט ווי קאַטוילן האָבן לאַטיין.

זייער אייגנאַרטיק האָט אַבֿרהם מוהר פֿאַרטיידיסט דעם משיח געדאַנק בײַ ייִדן. ער ווײַזט אָן, אַז כּל־זמן אַלע פֿעלקער וועלן האָבן אַ משיח אידעע, וואָס איז אָריגינעל ייִדיש, פֿאַרוואָס זאָלן זיך דווקא די ייִדן פֿון אים אָפּזאָגן. אָט, — זאָגט ער, — גייען די פּאָליאַקן אויף סיביר פֿאַר זייער משיח־אידעע און דאָס גיט זיי מוט און האָפֿנונג.

מוהר איז געווען פֿאַר אייניקע רעפֿאָרמען, ווי, למשל, פֿאַר אָפּשאַפֿן חזנים בכלל און פּוילישע בפֿרט. אויך אין דער דערציִונג פֿון ייִדישע קינדער האָט ער געוואָלט אַרײַנברענגען מער קלאָרקייט און סיסטעמאַטישקייט. ער האָט באַשולדיקט די גבֿירים, דאָס רובֿ רײַכע משׂכּילים, אַז זיי דערליידיקן דעם ייִדישן חינוך פֿון זייערע קינדער אויף אַ ריין פּריוואַטן אופֿן. זיי האַלטן פֿאַר זיי פּריוואַטע לערער, דאָס רובֿ גרויסע אַפּיקורסים און זייער שלעכטע פּעדאַגאָגן, און דער רעזולטאַט איז אַז די דאָזיקע קינדער ווערן דערווײַטערט פֿון ייִדישקייט. זייערע טאַטעס מיינען, אַז אַזוי ווי זייערע קינדער דענקען, דענקט אויך די ייִדישע מאַסע. מוהר ווערט ניט מיד אונטערצושטרײַכן, אַז דאָס איז ניט ריכטיק. די מאַסע, ד״ה, די אָרימעלײַט זײַנען בדרך כּלל קעגן יעדער זאַך וואָס איז ניט ייִדיש. וואָס איז ייִדיש באַשטימט זי ניט, נאָר האַנדלט אַזוי ווי אירע מנהיגים און מדריכים ווײַזן איר אָן.

מוהר איז אָבער דערפֿאַר, אַז מען זאָל עפֿענען סעמינאַרן כּדי אויסצובילדן רבנים און לערער, אָבער מיט אַ קאָנסערוואַטיוון פּראָגראַם פֿון לימודים. ער איז אויך געווען דערפֿאַר, אַז מען זאָל עפֿענען ספּעציעלע שולן צו לערנען אַ מלאכה די ייִדישע קינדער. כּדי אַרײַנצופֿירן מער סדר אין דער אָנפֿירערשאַפֿט פֿון די קהילות, האָט מוהר פֿאָרגעשלאָגן צו שאַפֿן אַ מין קאָנסיסטאָריע, ד״ה, אַ פּערמאַנענטע אַסיפֿה פֿון רבנים, אויסגעוויילט פֿון די קהילות גופֿא.

דעם דאָזיקן פּראָיעקט האָט אַבֿרהם מוהר צוגעשיקט דער בערלינער קהילה, וועלכע האָט אים אין אַ בריוו פֿון 28טן פֿעברואַר, 1813, באַדאַנקט פֿאַר זײַן צושריפֿט.

דאָס איז אָבער געווען געשריבן אין דער תּקופֿה פֿון ”פֿרילינג” בײַ די פּרייסישע ייִדן, וואָס מען האָט אין מערץ, 1812, באַשאָנקען מיט אַ כּמו־גלײַכבאַרעכטיקונג. עס זײַנען אָבער געקומען די יאָרן פֿון רעאַקציע און ממילא פֿון אַ גרויסער שמד־באַוועגונג צווישן די פּרייסישע ייִדן.

מוהר האָט שוין דעמאָלט געוווינט אין דעם שלעזישן שטעטל פּלעס, וווּ ער איז געווען זייער טעטיק אין דעם קהילה־לעבן. אין 1827 איז מוהר געפֿאָרן קײַן בערלין זיך משתדל זײַן פֿאַר די שלעזישע ייִדן. ער האָט אויסגעאַרבעט אַ גענויע סטאַטיסטיק פֿון 1,300 ייִדישע משפּחות, וואָס האָבן צו יענער צײַט געלעבט אין שלעזיע. דער ציל פֿון דער דאָזיקער סטאַטיסטישער אויספֿאָרשונג איז געווען צו באַווײַזן די נויטווענדיקייט פֿון אָפּשאַפֿן געוויסע גזירות, כּדי ייִדן זאָלן קאָנען זיך עקאָנאָמיש ”איבערשיכטן”.

אין יענער צײַט האָט מוהר אָנגעהויבן אָפּטרעטן פֿון זײַן פֿריערדיקן קאָנסערוואַטיוון קוק אויף דעם רע־

פֿאָרמירן דאָס ייִדישע לעבן, וואָס זײַן הויפּט־געדאַנק איז געווען, אַז די מלוכה זאָל זיך וואָס ווייניקער אַרײַנמישן אין די אינערלעכע ענינים פֿון ייִדישן לעבן. ער האָט אָנגעהויבן גלויבן, אַז אַז אַ צוואַנג־מעטאָד וועט מען קיין רעפֿאָרמען ניט קאָנען דורכפֿירן, ווײַל די מאַסע איז זייער ”פֿינצטער”. ער האָט שטודירט די מיטצײַטלערישע רעליגיע־פֿילאָסאָפֿן, ווי שטרויס און פֿײַערבאַך. ער האָט אַפֿילו מיטגעאַרבעט אין די באַרימטע ”האַלישע יאַרביכער”, פֿון רוגע, וווּ, ווי באַקאַנט, קאַרל מאַרקס האָט מיטגעאַרבעט. ער האָט געשריבן שוין אין די דעמאָלטדיקע דײַטש־ייִדישע צײַטשריפֿטן, ווי ”אָריענט”, ”אַלגעמיינע צײַטונג דעם יודענטומס” א״אַ. באַזונדערס באַפֿרײַנדעט איז ער געוואָרן מיט אַבֿרהם גײַגער, דער ראָש־המדברים פֿון די ראַדיקאַלע רעפֿאָרמער פֿון זײַן דור.

אין אַפּריל, 1840, האָט מוהר אײַנגעלאַדן די פֿאָרטרעטער פֿון די אויבער־שלעזישע קהילות אויף אַן אַסיפֿה מכּוח אָרגאַניזירן אַן אויבער־שלעזישן פֿאַרבאַנד פֿון קהילות. ער האָט געהאַלטן, אַז די ייִדן פֿון אויבערשלעזיע האָבן אַנדערע פּראָבלעמען, ווי די ייִדן אין פּרייסן, ממילא דאַרפֿן זיי זייערע ענינים דערליידיקן באַזונדער.

פֿאַר באַזונדער וויכטיק האָט ער געהאַלטן דאָס באַזעצן זיך פֿון ייִדן אויף לאַנד. אין 1844 האָט ער אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פֿון אַ ייִדישער ערד־אַרבעטער קאָלאָניע אין אויבערשלעזיע. אין דער דאָזיקער אַרבעט האָט אים היים געשטיצט ר׳ שלמה אייגער, פֿון פּויזן, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער זעלבער ריכטונג. שלעזיע האָט געהאַט אַ באַדײַטנדיקע צאָל פֿון ייִדן גוט־באַזיצער. אין 1846 האָט מוהר דורכגעפֿירט אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון די דאָרטיקע גוט־באַזיצער, מיטן צוועק צו אָרגאַניזירן אַ פֿאַריין, וואָס זאָל פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פֿון דער דאָזיקער גרופּע. פֿאַר זײַנע פֿאַרדינסטן פֿאַר דער שטאָט איז ער אין דעם זעלבן יאָר אויסגעקליבן געוואָרן ווי אַ מיטגליד פֿון דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, און שפּעטער ווי אַ פֿאָרזיצער. מוהר איז באַטראַכט געוואָרן פֿאַר דעם אייניציקן פֿאַרשטייער פֿון שלעזישן ייִדנטום און מען האָט אים אַפֿילו געקרוינט מיטן נאָמען: ”אויבערשלעזישער יודענקעניג”.

אַבֿרהם מוהר איז געשטאָרבן אין ברעסלוי, דעם 11טן יוני 1837[5]. מיר האָבן זיך אויספֿירלעך אָפּגעשטעלט אויף מוהרס ביאָגראַפֿיע, מחמת דעם, וואָס ער איז געווען זייער אַן אינטערעסאַנטע פּערזענלעכקייט און ווײַל גראָד וועגן אים פֿאַרמאָגן מיר מער ידיעות, ווי וועגן זײַן קאָרעספּאָנדענט, ישׂראל דײַטש. עס איז שוין וועגן אים דערמאָנט געוואָרן, אַז ער האָט באַקעמפֿט די רעפֿאָרם־באַוועגונג בכלל און אַבֿרהם גײַגערס טעטיקייט אין שלעזיע בפֿרט. אין 1843 האָט ער צוזאַמען מיט זײַן ברודער, דניאל דײַטש, אַרויסגעגעבן אַ פּאָלעמישע שריפֿט קעגן גײַגערן (אַרויס אין ברעסלוי, 63 זײַטן). אין 1846 האָט ישׂראל דײַטש אַרויסגעגעבן אויף העברעיִש און דײַטש אַ ביכל פֿון 10 זײַטן א״נ ”דבֿרים אחדים אודות הרבנים אשר נועדו בעיר ברונשווײַג, לעשׂות תּקונים בדת”.

---

5) די ביאָגראַפֿיע פֿון אברהם מוהר ווערט דערציילט לויט דער גרינדלעכער אַרבעט פֿון מרדכי בראַן, געדרוקט אין: יאַרבוך צור בעלעהרונג אונד אונטערהאַלטונג. וואָל. 38, 1890, 51—105.

די וויכטיקסטע פּובליציסטישע אַרבעטן זײַנע זענען געדרוקט אין די זאַמלביכער: צור יודענפראַגע אין דויטשלאַנד, 1, 54—64; 280—287; 2, 172—182.

דאס איז געווען א שאַרפע קריטיק פון דער בראַנשווײַגער אסיפה וועגן רעפאָרמירן דעם ייִדישן דת, וואס איז פאָרגעקומען אין 1844.

אין דער קאָרעספּאָנדענץ צווישן דײַטשן און מוהרן, קומט נאָר דער ערשטער צום אויסדרוק, ווײַל מוהרס בריוו האבן זיך גראד ניט אפגעהיט. דאך לאָזט זיך פון אויספירלעכע ציטאטן אין דײַטשס בריוו, ווי אויך פון די אויסזאָגונגען קעגן מוהרס מיינונגען קלאָר מאכן וואס עס זײַנען געווען זײַנע קאָנטער־אַרגומענטן(6).

אין א בריוו פון 10טן אָקטאָבער, 1837, שרײַבט דײַטש מיט א סך כעס וועגן די דרום־דײַטשע ראַבינער וואס זײַנען געווען שטאַרקע חסידים פון רעפאָרמען. ער רופט זיי אָן: רע—בנים. באַזונדערס קריטיקירט ער אַבֿרהם גײַגערן (1810—1874) אין זײַן צײַטשריפט וואס ער האט צו יענער צײַט ארויסגעגעבן(7).

דאס אפּיקורסות פון גײַגערן, — שרײַבט ער, — איז אויך א מין פאַנאַטיזם. גײַגער פירט דערצו, אַז אויפן ארט פון דער אַלטער ייִדישקייט זאָל אַנטשטיין א נײַע ייִדישקייט "וואס וועט זײַן א שלעכט קאָרעגירטעם קריסטנטום, אַן א יעזוסן און אַן די אַפּאָסטלען!". אין א צווייטן בריוו (פון 22טן יולי, 1838), באַמערקט ער, אַז ווען ייִדן קריגן פולע רעכט, וואָלט עס אײַנגעשפּאָרט דער מלוכה א סך געלט אויף שמדן ייִדן.

ווען ייִדן וועלן צוגעלאָזט ווערן צו מלוכה־דינסט, וועט זיך די צאָל פון געטויפטע ייִדן פאַרדאָפּלען. דער ייִד שמדט זיך ניט, ווען עס מאכן זיך גינסטיקע תנאים פאַר שמדן זיך. ער טוט עס אבער גאַנץ זיכער, ווען ער האט שוין ווי א ייִד דערגרייכט א הויכן אַמט".

דערפאַר איז דײַטש פאַרינטערעסירט, אַז דווקא די מלוכה זאָל וואס ווייניקער זאָרגן פאַר ייִדישע רעפאָרמען, ווײַל וואס מער ייִדנטום וועט ווערן ענלעכער צום קריסטנטום איז דאס א געפאַר פאַרן קריסטנטום גופא.

בעת ער שרײַבט די דאָזיקע בריוו, פאַרזיכערט ער בײַ יעדער געלעגנהײַט, אַז ער איז ניט ווייניקער דײַטש, ווי די רעפאָרמער ייִדן גופא, נאָר וואס דען, איראָניזירט ער, ער איז א פולער דײַטש מיט ווייניקער קענטעניש פון דער . . . דײַטשער גראַמאַטיק.

בעת מוהר שיקט אים צו זײַנע א רעדע אין וועלכער ער האט געלויבט פרייסן און געטאַדלט פראַנקרײַך, נעמט זיך דווקא אַן דער אָרטאָדאָקסישער רבֿ פאַר דעם לאַנד פון דער רעוואָלוציע.

"פאַרגעסט ניט, — שרײַבט דײַטש מוהרן, — (אויגוסט 10טן, 1838) אַז דווקא יענע שטורמדיקע און פּלאָמיקע נאַציע, האט אונדז אויפגעוועקט פון די הינער־פּלעט, וואס האָבן אַנגעהאַלטן עטלעכע הונדערט יאָר. ווער האט דען דער ערשטער אַראָפּגעריסן די קנעכטישע קייטן פון דעם אײראָפּעיִשן גײַסט, ווער האט אונדז געוויזן דעם וועג צו פרײַהײַט? ווער האט, סוף־כל־סוף, אונדז ייִדן בפרט געגעבן מענטשן־רעכט — אויב ניט יענע נאַציע?" (ד"ה, פראַנקרײַך). אמת, גיט ער צו, אַז לגבי ייִדן זײַנען אין פראַנקרײַך באַגאַנגען געוואָרן פעלערן. אבער, — באַמערקט ער, — דווקא פון די דאָזיקע טעותים דאַרפן מיר ייִדן קליגער ווערן. פונקט ווי מיר זײַנען געהײַלט געוואָרן דורך אירע ווונדן. און אויב מוהר האַלט אַז יעדער פאָלק דאַרף דורכפירן רעפאָרמען לויט זײַן מהות און כאַראַקטער און ניט אַננעמען די פראַנצויזישע רעוואָלוציע ווי דעם איינציקן מוסטער, הײַנט פאַרוואס איז דער פרינציפּ "יעדעם דאס זײַניקע" ניט אַנווענדבאַר לגבי ייִדן ?

דעם פרינציפּ "יעדעם דאס זײַניקע" וויל דײַטש אַנווענדן אויך לגבי דעם אינערלעכן ייִדישן לעבן. אויב דער פרומער ייִד וויל ניט הערן קײַן דײַטשע פּרעדיקטן, נאָר דווקא א דרשה אויף ייִדיש — האט ער אויף דעם דאס רעכט.

"א דרשה, — שרײַבט דײַטש (דעצעמבער 24טן, 1838), — איז ניט קײַן לוקסוס־אַרטיקל און אויך ניט קײַן מיסטישע כישוף־פאָרמולע. די דאַרף באַלערנען דעם צוהערער און יעדער איינעם אין דער שפּראַך, וואס ער פאַרשטייט אַמבעסטן. דערפאַר איז דאָרטן ווו דער אַזוי־גערופענער ייִדישער זשאַרגאָן איז אַממערסטן פאַרשטענדלעך, דאָרט איז ער אויך אַמפּאַסיקסטן".

ארויסגייענדיק פון דער הנחה, אַז מען מוז זיך רעכענען מיטן פאָלקס־לעבן, וואס האט אונטער זיך דורות פון טראַדיציעס, פאַרטיידיקט דײַטש די ייִדישע מאַסע קעגן דער באַשולדיקונג, אַז זי איז ערגער פון דער דײַטשער פאָלקס־מאַסע. זי איז אַנדערש, פונקט ווי א סך אַנדערע אומות זײַנען אַנדערש און קיינער טראַכט ניט וועגן דעם, אַז יענע פאָלקס־מאַסן זײַנען ערגער, דערפאַר ווײַל זיי "עסן ניט קײַן לײַפּציגער חזיר אדער בראָנשווײַגער ווורשט".

אויך איז ער קעגן מוהרס באַהויפּטונג, אַז וויסנשאַפט שליסט אויס אָרטאָדאָקסיע.

"אויב די אָרטאָדאָקסיע וועט ניט אונטערגיין, — שרײַבט ער אין א בריוו פון 11טן סעפּטעמבער, 1839, — וועט זי אין דער צוקונפט ארויסגעבן גאָר געבילדעטע אַנהענגער און זיי וועלן דורכפירן דאס, וואס מיר באַטראַכטן ווי א פרומען ווונטש".

און וואס איז שייך די טענות, אַז פרומקייט איז א שטערונג צו זײַן א גוטער בירגער, ענטפערט דײַטש מוהרן (דעם 12טן נאָוועמבער, 1839), אַז דאס וואָרט "אַמאַלגאַמירן" באַציט זיך אויף מלוכה ענינים, און ניט אויף רעליגיע.

"מיר קאָנען, — שרײַבט ער, — ווי מענטשן, ווי מלוכה און וועלט־בירגער, זיך אַלע דערנענטערן און ליבן האָבן איינער דעם צווייטן, אבער ווי א פאָלק מוזן מיר און דאַרפן זײַן אָפּגעטיילט, ביז דער השגחה וועט געפעלן אָפּצושאַפן אַלע אינערלעכע און דרויסנדיקע אונטערשיידן און אמונות".

באַזונדערס אינטערעסאַנט זײַנען זײַנע פילאָלאָגישע חקירות וועגן די ייִדישע ווערטער אין דער דײַטשער שפּראַך. ער שרײַבט מוהרן, אַז די דײַטשישע ייִדן זײַנען פאַרט עלטער פון די דײַטשן גופא ווײַל זיי באַנוצן אַזאַ וואָרט ווי דאַוונען, אדער אָרן און ניט דאס וואָרט בעטן. ווײַל, — שרײַבט ער, — בעטן מיינט האָבן א בקשה וועגן א ספּעציפישער זאַך, בעת די ייִדישע תפילות דריקן ניט אויס קײַן שום ספּעציפישע בקשות. "דאַוונען" איז ברייטער פון "בעטן", ווײַל דאַוונען מיינט לויבן און דאַנקען, ווי עס שטייט, למשל, אין שמואל א' ב' : ותתפלל חנה" אאַ"וו. הײַנט ווען מיר וועלן גערמאַניזירן אונדזער לשון, פאַר־

---

6) די בריוו האבן אפּגעדרוקט זײַנע צוויי ברידער, אברהם און דוד דויטש א"נ זרע ישראל, כולל קובץ מכתבים מאשר הניח אחריו ברכה הרב ישראל דייטש זלל"ה שהיה אב"ד בב"ק בייטהען, בפלך אבערשלעזיען.

אויף דייטש: פראבען אוס דעם ליטערארישען נאכטאסע דעם הערן איזראעל דייטש ס.א. גליוויץ, 1855. 132 זייטן אויף דייטש און 45 אויף העברעיש.

שמעלערן מיר אונדזערע באגריפן. דאס זעלבע איז מכוח דעם ווארט "אלמעמאר", וואס איז אראביש און פארטייטשן אים מיינט אוועקגיין פון אן אלטן מקור, וואס האט שוין היסטארישעווארצלען.

אינצווישן האט זיך אנגערוקט דער בארימטער עלילת־דם אין דמשק. דייטש קאן ניט פארשטיין, פארוואס זיינען דווקא די דייטשע צייטונגען אזוי קאלט צו דעם יידישן צד פון דער דאזיקער געשיכטע און פארוואס האבן די רעפארם־ראבינער זיך פלולונג פארגעסן אז זיי זיינען יידן, און ריידן ווי פולבלוטיקע דייטשן, וואס דער גאנצער ענין אינטערעסירט זיי לחלוטין ניט.

אין א בריוו פון 24טן אויגוסט, 1840, שרייבט דייטש אזוי:

"מיר געפינען זיך אין א קריטישער לאגע. די מעשה דמשק האט דא ארויסגערופן א סך בייז־בלוט. וואס אונדז וווּנדערט, איז פארוואס האט דייטשלאנד להיפוך צו פראנקרייך און ענגלאנד, גענומען דעם גאנצן ענין אזוי קאלטבלוטיק און גלייכגילטיק. מיר האבן אויך באדויערט, וואס עס איז אונדז ניט געגעבן געווארן קיין געלעגנהייט ארויסצוברענגען אונדזערע פארינטערעסירונג אויף וועלכן עס איז בולטן אופן".

בעת דייטש האט פארגעשלאגן אז מען זאל זען כאטש זאמלען געלט פאר די געליטענע יידן אין דמשק, האט דער ברסלויער רב אים געענטפערט, אז מען דארף אפווארטן "ווייל איצט איז ניט די צייט" און מען דארף זען, וואס פאר א באריכט עס וועלן ברענגען די שלוחים, וואס זיינען פרייוויליק אהין געפארן. ד"ה, משה מאנטעפיארע און אדאלף קרעמיע.

מוהר האט אנגעשריבן אן אויפרוף מכוח געלט־זאמלונגען אין א דייטשער צייטונג אין ברעסלוי, אבער די צייטונג האט ניט געוואלט פארמיטלען אין קלייבן נדבות פאר די קרבנות פון דמשקער בלוט־בלבול.

דאס איז פאר דייטשן די בעסטע ראיה, אז מוהרס גלויבן אין דער "קריסטלעכער הומאניטעט" פון די דייטשן און פון די פארדייטשטע יידן איז ווייט ניט קיין ריכטיקער.

מיט יעדער טאג ווערט דייטש אלץ מער פעסימיסט בנוגע דער מיגלעכקייט צו ווערן אנערקענט ווי דייטשע בירגער, ווי מוהר און זיינע אנהענגער האבן געגלויבט. אין א לאנגן בריוו, דאטירט דעם 7טן דעצעמבער, 1840, שרייבט אים דייטש אזוי:

"דער פרומער ייד האט געהאט אן אייגענעם עולם־הזה: א שיינעם אתרוג, א גרינעם לולב, א פרומען זון, א למדן אן איידעם או"וו. ער האט געהאט זיין אייגענעם יחוס און האט זיך געפילט גליקלעך. דאס וואס האס און פאראכטונג האט ביי אים אוועקגערויבט פון ערדישע גיטער, האט ער מיט אן עודף אויסגעטוישט אין הימל, אין זיין אמונה, אין דעם טיפן באוווּסטזיין, אז ער ליידט פאר זיין גלויבן. עס האט זיך אים ניט געגלוסט קיין כבוד, כיבודים און סתם פארגעניגנס, בפרט די פון וועלכער ער איז געווען אויסגעשלאסן. יעצט איז גאר אנדערש: פון דעם הימל האט דער ייד זיך אפגעזאגט און די ערד וויל מען אים ניט געבן; אין דער סוכה זיצט ער ניט און אין דער אלטאנע פון דעם סוחרישן גארטן לאזט מען אים ניט אריין; א מורנו קאן ער ניט זיין און פאר א באראן וויל מען אים ניט מאכן. קיין אמונה האט ער ניט און מען האט אים פיינט טאקע צוליב זיין אמונה;

ווו זאל ער געפינען א במקום[7] כדי צו קאנען אויסהאלטן די רדיפות? אין בידנו לא משלוות הרשעים ולא מיסורי הצדיקים" (פרקי אבות).

און ער פארמולירט, אז אין איצטיקן צושטאנד, איז דער דייטשער ייד צו שוואך כדי אוועקצוגיין פון יידנטום, אבער ניט שטארק גענוג אויף צו זיין א ייד.

זייער אינטערעסאנט איז דייטשעס מיינונג וועגן מאקס ליליענטאלס[8] אויפקלערערישער מיסיע קיין רוסלאנד. אגב, איז דער דאזיקער מקור געבליבן אומבאקאנט אלע היסטאריקער פון דער השכלה אין רוסלאנד.

אין א בריוו פון 19טן מאי, 1841, שרייבט דייטש צו מוהרן, וועלכער האט אגב סימפאטיזירט מיט דער בילדונגס פאליטיק פון ניקאליי דעם ערשטן, אזוי:

"וואס זאגט איר צו דער בילדונג וואס די מלוכה האט צוגעטראכט פאר די רוסיש־פוילישע יידן? איך פלעג תמיד זאגן: גאט זאל שומר ומציל זיין פון רוסישן חסד און אויך דא האלט איך דעם גאנצן ענין פאר ווייט ניט קיין פריילעכן. וואס דאס וועט ברענגען פאר די ווייטערדיקע דורות, לאזט זיך לעת־עתה ניט פארויסזאגן".

פארגלייכנדיק די חוצפה פון די דייטשע באאמטע אין פוילן, וואס האבן געמיינט, אז זיי ברענגען טאקע די פאליאקן די אמתע קולטור, שרייבט דייטש:

"קענט איר זיך פארשטעלן די גרינגשעצונג און טיפע פאראכטונג, וואס א דייטשער דאקטאר פון פילאסאפיע פילט און דעמאנסטרירט עס קעגן א פשוטן, ניט געבילדעטן פוילישן יידן? קענט איר זיך אויך פארשטעלן דעם גרויסן האס וואס דערגייט ביז פאראכטונג, וואס דער פוילישער, פאנאטישער ייד פילט לגבי יעדער דאקטאר, וואס ער האלט, מיט רעכט אדער אומרעכט, פאר א צעשטערער און פארטיליקער פון דעם אלעמען, וואס איז אים, דעם יידן, טייער? דאן וועט איר ערשט קאנען אורטיילן וועגן דער פארביטערונג און וועגן דער אפאזיציע מצד די דאזיקע יידן".

און בנוגע דעם, וואס וועלן די יידן דערפון האבן, שרייבט ער אזוי:

"בעת א פראסטער און ווילדער גוי געווינט אלץ נאר דורך דעם, וואס מען טויפט אים אפ, מוז דער ייד ערשט דאס זעלבע דערגרייכן דורך די אזוי־גערופענע בילדונגס רייפקייט. די דאזיקע רייפקייט איז אבער ניט זיינע. זי ווערט אים ארויפגעצוואונגען דורך די הפקרות פון חסדים פון דעם א סך שטארקערן פון אים אונטערדריקער".

און וואס איז שייך די האפנונגען, וואס מוהר האט ארויסגעזאגט אז ליליענטאלס שליחות וועט אפשר אפשאפן חסידות, שרייבט דייטש, אז אפשר איז דאס אמת, אז חסידות קאן איצט אינגאנצן פארטיליקט ווערן — אבער ער האט מורא, אז אויף זיין ארט וועט קומען עפעס, וואס איז א סך ערגער. מען קען מיט צוואנג א פאלק ניט בילדן, בפרט אין רוסלאנד, וואס איז ניט מסוגל אז מיר יידן זאלן פון דארט קאנען עפעס געניסן. אויב מען דארף בילדן עמיצן אין רוסלאנד, איז דאס זיכער ניט די יידן.

7) א סוראגאט צו דער גייסטיקער ענערגיע פון גלייביקן יידן (רעד').

8) דר' מאקס ליליענטאל — א דייטשישער ייד אנגעשטעלט פון דער רוסישער רעגירונג אין די 40קער יארן פון פאריקן י"ה צו רעפארמירן די יידישע דערציונג אין יידישן תחום. די יידן אין תחום (ווילנע, מינסק) האבן זיך שטארק אנטקעגנגעשטעלט. לסוף האט זיך ל. אליין אנטוישט אין די צארישע "טובות" און אריבערגעפארן קיין סינסינאטי, אמעריקע (רעד').

דײַטשן רעגן אויף די טענות, אַז ייִדן זײַנען בכלל ניט רײַף פֿאַר קיין בירגער־רעכט. ער קערט זיך אום צו דעם דאָזיקן ענין זייער אָפֿט אין זײַנע בריוו.

אין אַ בריוו פֿון 25טן פֿעברואַר, 1844, שרײַבט ער, אַז עס איז מערקווירדיק ווי די משׂכּילים הזדן איבער די שפּראַך פֿון אַנטיסעמיטן און פּלאַפּלען נאָך אַז ייִדן זײַנען נאָך ניט רײַף פֿאַר עמאַנציפּאַציע.

"איך פֿאַרשטיי דאָס לחלוטין ניט, — שרײַבט ער, — זײַנען דען די נעגער אין די אַמעריקאַנער פּלאַנטאַציעס, אין די אויגן פֿון דעם איידעלן פֿרײַנד פֿון דער מענטשהײַט, רײַף פֿאַר עמאַנציפּאַציע, און די ייִדן זײַנען דאָס ניט? איז דען דער קריסטלעכער המון, וואָס מען זעט אים ליגן אין די רינשטאָקן, ווי בהמות, אַן אויסנאַמען עמאַנציפּירט, און דער ייִד איז נאָך ניט רײַף פֿאַר דעם? מאַכן מיר דאָ ערגעץ ניט קיין טעות אין חשבון? אונדזערע שׂונאים מיינען אפֿשר, אַז רײַף זײַן מיינט זיך שמדן (רײַפֿע איסט די טויפֿע)".

עס זײַנען אָבער פֿאַראַן נאָך אַנדערע וויכטיקע פּרטים אין די דאָזיקע בריוו, וואָס מאַכן פֿון זיי אַן ערשטקלאַסיקן היסטאָרישן מקור פֿאַר דער געשיכטע פֿון ייִדן אין שלעזיע מיט הונדערט יאָר צוריק. אַזוי, למשל, באַקלאָגט ער זיך אין אַ בריוו צו מוהרן, אַז ייִדישע בעלי מלאכות, וואָס ווילן אַרבעטן בײַ ייִדישע בעלי בתים, קאָנען ניט קריגן קיין אַרבעט, אויב זיי ווילן זײַן שומרי שבת. ער פֿרעגט זיך דעריבער בײַ מוהרן, ווי אַזוי וועט יענער קענען דורכפֿירן זײַנע עקאָנאָמישע רעפֿאָרמען אין ייִדישן לעבן אין שלעזיע, אויב אַ פֿרומער ייִדישער ייִנגל קען זיך ניט אויסלערנען קיין מלאכה בײַ אַ שנײַדער, ווײַל יענער וויל אים צווינגען צו אַרבעטן שבת.

אין אַלגעמיין איז דײַטש פּעסימיסטיש בנוגע דעם עתיד פֿון ייִדן אין דײַטשלאַנד. ער האַלט, אַז קריסטנטום איז ניט די איינציקע סיבה פֿון ייִדנהאַס, ווײַל אַ סך ראַדיקאַלע אַטעיִסטן זײַנען קעגנער פֿון דער ייִדישער עמאַנציפּאַציע.

דער פֿאַקט גופֿא, וואָס אַזאַ גרויסער חסיד פֿון אַבֿרהם גײַגער, ווי מוהר, איז געווען, האָט געהאַלטן פֿאַר נייטיק צו פֿירן אַזאַ לאַנגע קאָרעספּאָנדענץ מיט אַ פֿרומען רבֿ פֿון אַ קליינער ייִדישער קהילה אין שלעזיע, באַווײַזט, אַז מוהר האָט זיך צוגעהערט צו דעם קול, וואָס אין בערלין איז ער שוין אַנטשוויגן געוואָרן, אָבער אין דער מיזרח פּראָווינץ פֿון דײַטשלאַנד האָט מען אים נאָך געהערט, הגם ער איז ניט געווען אַזוי גוט געשולט, ווי די שטימען פֿון די רעפֿאָרם־ראַביינער[9].

מוהר, וואָס האָט געפֿירט אַ קאָרעספּאָנדענץ מיט צונצן, יאָסטן און אַנדערע מיטצײַטלעכע ייִדישע גדולים, וואָס האָט געפֿירט גרויסע מסחרים און חוץ דעם געזאַמלט אַלטע כּתבֿי־יד און זעלטענע העברעיִשע ספֿרים, געווען זייער טעטיק אין דער מלוכה און שטאַטישער פּאָליטיק — האָט דאָך געהאַלטן, אַז צו דער שטימע פֿון דעם דאָזיקן פֿאַרטרעטער פֿון דעם אָרטאָדאָקסישן ייִדנטום איז כּדאַי זיך צוצוהערן. אויב ער האָט זיך ניט געקאָנט איבערצײַגן, האָט ער אָבער רעספּעקטירט דעם צד שכּנגד און אין אַ סך זײַנע שפּעטערדיקע שריפֿטן, קאָן מען געפֿינען אַפֿילו שפּורן פֿון מאָדיפֿיצירטע מיינונגען, וואָס זײַנען געקומען, ווי אַ פּועל יוצא פֿון דעם דאָזיקן מערקווירדיקן בריוו־אויסטויש[9].

ער איז זיכער ניט דער איינציקער. די צרה איז אָבער מיט אונדזער געשיכטע־פֿאָרשונג, וואָס זי גייט אויף אויסגעטראָטענע וועגן, בעת אויף די זײַטיקע סטעזשקעס פֿון דעם היסטאָרישן וועג זײַנען פֿאַראַן נאָך אַ סך וויכטיקע פּרטים, וואָס וועלן מיט דער צײַט אַרויסרופֿן אַ רעוויזיע פֿון אַ סך סך־הכּלען און דעטאַלן, וואָס אונדזערע היסטאָריקער האָבן אין אײַלעניש געמאַכט.

---

9) וויסענשאַפטליכע צייטשריפט פון יודישע טעאָלאָגיע (1848—1835 מיט איבעררייסן).

מוהרן, למשל, אימפּאָנירט זייער שטאַרק, וואָס דייטש איז אַזוי באַהאַוונט אין דער דייטשער ליטעראַטור, קען פילאָזאָפיע און בפרט ציטירט ער שעקספּירן. וועגן שיילאָקן, אגב, האָט מוהר אָנגעשריבן אַן אָפּהאַנדלונג, געדרוקט אין דער "אַלגעמיינע צייטונג דעס יודענטומס", 1838, 285—287.

9) וועגן מוהרן זעען וויכטיק די ווייטערדיקע אַרבעטן: בראַן, איין ערינערונגסבלאַט אַן יאָסטס קאַראַישע שטודיום. יאַרבוך צור בעלעהרונג 1892, 40, 15פפ.

דער זעלבער: אין (דייטש) מאָנאַטסבלאַטטער פיר פערנאַנגענהייט אונד געגענוואַרט דעס יודענטומס 1889 (מוהרס בריוו).

א. גייגער, נאַכגעלאַססענע שריפטען, 1885, 5, 183.

צונץ: געז. שריפטען, 2, 221—204.

פאַר אַן אַנאַלאָגישער קאָרעספּאָנדענץ צווישן אַן עלטערן דור (פרידלענדער און מאיר אייגער, פון גלאָגע) פון די יאָרן 1787—1799 זע: יוסף מייזל, אין די "היסטאָרישע שריפטן" פון ייוואָ, באַנד 2, 390—412.



ל. ראָזנבערג ●

# דרייסיק יאָר יידיש לעבן אין מערב קאַנאַדע

דרייסיק יאָר זיינען שוין פֿאַרביינעגאַנגען זינט די פֿריץ־שול איז געגרינדעט געוואָרן אין וויניפּעג. אַ דור איז פֿאַרביינעגאַנגען און די קינדער פֿון די גרינ־דער שיקן יעצט זייערע אייגענע קינדער אין דער זעל־ביקער שול וווּ זיי האָבן באַקומען זייער אייגענע ייִדי־שער דערציִונג.

די דרייסיק יאָר האָבן נאַטירלעך געזען פֿיל ענ־דערונגען אין דער שול גופֿא, אָבער זיי האָבן אויך געזען פֿיל ענדערונגען אין דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון וויניפּעג און מערבֿ קאַנאַדע בכלל — ענדערונגען וואָס זיינען פֿיל גרעסער ווי פֿיל מענטשן באַגרייפֿן עס; ענדערונגען וואָס מען מוז נעמען אין אַנבאַטראַכט ווען מען איז פֿאַראינטערעסירט אין דער צוקונפֿט און פּראָגרעס פֿון דעם ייִדישן לעבן אין מערבֿ קאַנאַדע.

אין פֿלוג האָט די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון וויי־ניפּעג און מערבֿ קאַנאַדע בכלל פֿאַרשטאַרקט איר פּאָ־זיציע אין צאָל און אין עקאָנאָמישן זינען אין די לעצ־טע דרייסיק יאָר. אין דעם פּעריאָד פֿון 1911 ביז 1941, האָט די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון וויניפּעג זיך פֿאַרגרעסערט פֿון 9,023 ביז 22,917. און די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון די דריי פּרעריע פּראָווינצן, האָט זיך פֿאַרגרעסערט פֿון 14,293 ביז 27,192.

אין 1911 האָבן זיך געפֿונען אין דריי פּרעריע פּראָווינצן בלויז 79 שטעט מיט ייִדישע איינוווינער. פֿון זיי זיינען 39 געווען אין סאַסקאַטשעוואַן, 20 אין מאַניטאָבאַ, און 20 אין אַלבערטאַ.

אין 1936 זיינען אין די זעלביקע דריי פּראָווינצן געווען 308 באַפֿעלקערטע פּונקטן מיט ייִדישע ישובֿים. פֿון זיי זיינען געווען 203 אין סאַסקאַטשעוואַן, 68 אין אַלבערטאַ, און 37 אין מאַניטאָבאַ.

עס וואָלט אָבער געווען אַ טעות צו זאָגן אויפֿן סמך פֿון אָט דער געבראַכטער סטאַטיסטיק, אַז די ייִדישע ישובֿים אין מערבֿ קאַנאַדע האָבן זיך אין די דרייסיק יאָר פֿאַרגרעסערט אין צאָל און אין גרייס.

עס זיינען פֿאַראַן 417 שטעט, שטעטלעך און דערפֿער אין די דריי פּרעריע פּראָווינצן וואָס איז זיי האָבן ווען עס איז געוווינט אין משך פֿון די לעצטע 30 יאָר איינע אָדער מער ייִדישע משפּחות. און אין 165 פֿון די ישובֿים האָט זיך די צאָל ייִדישע איינ־וווינער פֿאַרקלענערט פֿאַר די לעצטע צען יאָר. אין 109 פֿון די שטעט און שטעטלעך וואָס ייִדן האָבן אין זיי געוווינט געפֿינען זיך שוין יעצט מער ניט קיין ייִדן.

די באַפֿעלקערונג פֿון קאַנאַדע ווערט צעטיילט אין צוויי ברייטע קאַטעגאָריעס, — די וועלכע וווינען אין אָרגאַניזירטע שטעט און שטעטלעך — דאָס הייסט, דער שטאָטישער עלעמענט — און די וואָס וווינען אויפֿן פֿאַרם, אָדער אין אַזעלכע קליינע ישובֿים וואָס זיינען ניט אָרגאַניזירט אפֿילו אין פֿאָרם פֿון אַ דאָרף — דאָס איז דער דאָרפֿישער עלעמענט ("רורעל"). דער "רורעל" עלעמענט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג אין די פּרעריע פּראָווינצן האָט זיך פֿאַרקלענערט אין די דרייסיק יאָר פֿון 1911 ביז 1941, און דער שטאָטי־שער עלעמענט פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג האָט זיך פֿאַרגרעסערט. דער "רורעל" עלעמענט פֿון דער אַלגעמיינער באַפֿעלקערונג פֿון די פּרעריע פּראָווינצן האָט זיך אויך פֿאַרקלענערט פֿון 64% ביז 62% פֿון דער גאַנצער באַפֿעלקערונג, אָבער די פּראָפּאָרציע פֿון דעם דאָרפֿישן עלעמענט ביי ייִדן האָט זיך פֿאַרקלע־נערט אין אַ פֿיל גרעסערן מאַסשטאַב.

אין פֿלוג האָבן מיר פֿאַר זיך אַ סתירה : די צאָל ישובֿים מיט ייִדישע איינוווינער האָט זיך שטאַרק פֿאַרגרעסערט און אין דער זעלביקער צייט האָט די צאָל ייִדן אין די ישובֿים זיך פֿאַרקלענערט.

וואָס איז פֿאַרגעקומען און ווי אַזוי איז עס פֿאַר־געקומען ?

די גרעסערע ייִדישע קהילות אין מערבֿ קאַנאַדע, ווי רעדזשיינע, סאַסקאַטון, קאַלגאַרי און עדמאָנטאָן, האָבן זיך שטאַרק איינגעפֿינדעוועט, און זייערע ייִדי־שע קולטור־אינסטיטוציעס זיינען אויסגעוואַקסן אין גרייס און אין צאָל. אַלע האָבן שולן צום דאַווענען, רבנים און שוחטים, און דריי טעג אין יאָר, לכל הפּחות, געפֿינט זיך ניט גענוג פּלאַץ פֿאַר די ייִדן וואָס קומען זיך צונויף דאָרטן, און צוליב דעם מוז מען אַראַנזשירן מנינים אין אַנדערע געביידעס. עדמאָנטאָן האָט אפֿילו אַ צייט לאַנג געהאַט צוויי קהילות און אַ רבֿ מיט אַ ראַביי. אַלע פֿיר גרעסערע ייִדישע ישובֿים האָבן עטאַבלירטע תּלמוד תּורות מיט זייערע איי־גענע געביידעס, און קאַלגאַרי האָט אויך אַ גוט עטאַב־לירטע פֿריץ־שול. פֿאַר אַ צייט איז אויך געווען אַ ייִדי־שע שול אין עדמאָנטאָן. אינטערעסאַנט איז, אַז די ערשטע ייִדישע טאָג־שול קלאַסן אין קאַנאַדע זיינען איינגעפֿירט געוואָרן אין עדמאָנטאָן ווי אַ טייל פֿון דער דאָרטיקער תּלמוד תּורה.

ווען מיר קומען אָבער צו די קלענערע ייִדישע ייִשובֿים אין מערבֿ קאַנאַדע שטויסן מיר זיך אָן גאָר אַן אַנדער לאַגע. די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון בראַנדאָן האָט זיך פֿאַרקלענערט פֿון 271 אין 1911, ביז 142 אין 1941; די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון יאָרקטאָן האָט זיך פֿאַרקלענערט פֿון 172 אין 1921, ביז 123 אין 1941; קעמסאַק האָט געהאַט נאָר 97 ייִדן אין 1936, אין פֿאַרגלייך מיט 197 אין 1911; די אַקטיווע ייִדישע געמיינדע פֿון קאַנאָרא האָט זיך פֿאַר־קלענערט פֿון 163, אין 1911, ביז 35, אין 1936, און די ייִדישע געמיינדע פֿון עסטעוואַן, וואָס האָט אַמאָל געבליט איז איינגעשרומפּן געוואָרן פֿון 107 ייִדן אין 1911 ביז 21 ייִדן אין 1936.

דאָס דאָרף ליפּטאָן, וואָס האָט געהאַט אַ ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון 95 אין 1911 האָט נאָר געהאַט 38 ייִדן אין 1936. די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון סוויפֿט קוירענט האָט זיך פֿאַרקלענערט אויף האַלב אין די יאָרן פֿון 1921 ביז 1941. די ייִדישע באַפֿעלקערונג פֿון שאָנעוואָן איז געפֿאַלן פֿון 43 אין 1921 ביז 10

אין 1936; די יידישע באַפעלקערונג פון ראַסטערן, איז געפאַלן פון 47 אין 1911 ביז 7 אין 1936; די יידישע באַפעלקערונג פון מאַרדען האָט זיך פאַרקלענערט פון 42 אין 1911 ביז 7 אין 1936, און די יידישע באַפעלקערונג פון בוירסטאַל איז געפאַלן פון 35 אין 1931 ביז 4 אין 1936.

נאָר אַ קליינע צאָל יידישע ישובים האָבן זיך פאַרשטאַרקט אין צאָל פון איינוואוינער אין די יאָרן פון 1911 ביז 1941. די יידישע באַפעלקערונג פון פרינץ אַלבערט האָט זיך פאַרגרעסערט פון 17 אין 1911 ביז 152 אין 1941, און די יידישע באַפעלקערונג פון מוס־דזשאָ איז געוואַקסן פון 40 אין 1911 ביז 121 אין 1941. די איינציקע קליינע יידישע געמיינדע אין מאַניטאָבאַ וואָס האָט זיך פאַרגרעסערט ממשותדיק, איז פאָרטעדזש לאַ פּריירי, וואָס איז אויסגעוואַקסן פון 23 יידישע איינוואוינער אין 1911 ביז 116 אין 1941. אין אַלבערטאַ, האָט די יידישע געמיינדע פון מעדיסין־העט זיך פאַרגרעסערט פון דריי יידישע איינוואוינער אין 1911, ביז 93 אין 1941, און אין לעטברידזש האָט זיך די צאָל יידישע איינוואוינער פאַרגרעסערט פון 54 אין 1911 ביז 153 אין 1941. די מערסטע פון די יידישע געמיינדעס האָבן שול געביידעס וואָס זיינען אויסגעבויט געוואָרן מיט 20 אָדער מער יאָר צוריק, און וואָס האָבן געדינט ווי פאָלקס־הייזער און גלייכצייטיק ווי שולן וווּ די יידישע קינדער האָבן געקראָגן זייער יידישע דערציִונג.

מיט אויסנאָם פון לעטברידזש, ברענדאָן, פּרינץ־אַלבערט, מוס־דזשאָ און מעדיסין־העט שטייען די שול געביידעס אין די קלענערע שטעט און שטעטלעך איצט ליידיק און פאַרוואָרלאָזט, אויסער עטלעכע טעג אין יאָר. עס זיינען פאַראַן אַזעלכע, וועלכע זיינען געווען גענייגט אין דער פאַרגאַנגענהייט צו קוקן עטוואָס איראָניש קרום אויף די קליינע יידישע געמיינדעס, וועלכע פלעגן אַנשטעלן דעם זעלביקן מענטשן צו שעכטן זייערע הינער און לערנען מיט זייערע קינדער. אָבער אַפילו פיל פון די וואָלטן איצט זיך געפילט גליקלעך צו האָבן אַ שוחט, וועלכער איז אויך אַ לערער, ווייל יעצט קריגן זייערע קינדער קיין שום יידישע דערציִונג ניט.

מיט צען, צוואַנציק אָדער אַפילו דרייסיק יאָר צוריק זיינען געווען פיל פאַלן ווען צוויי אָדער דריי יידישע פאַמיליעס, אָדער אַפילו איינע אין אַ דאָרף, פלעגט אַנשטעלן אַ יידישן יונגנמאַן, אַ פאַרקויפער אין קראָם וועלכער זאָל אויך לערנען מיט די קינדער פון זיין באַלעבאָס, אָדער מען פלעגט זיך פאַראייניקן מיט עטלעכע פאַמיליעס אין דעם שכנותדיקן דאָרף אַנצושטעלן אַ שוחט, וואָס זאָל אויך לערנען מיט זייערע קינדער צוויי אָדער דריי מאָל אַ וואָך.

איצט קען מען אויף די פינגער איבערציילן די קלענערע ישובים אין מערבֿ קאַנאַדע, אַפילו די וואָס האָבן אַ פופציק יידישע איינוואוינער, וועלכע האַלטן אויס אַ יידישן לערער, און עס געפינען זיך שוין מערניט אין די קלענערע דערפלעך קיין יידישע קרעמערס וואָס זיינען גרייט אַנצושטרענגען זיך און אויסהאַלטן אַ גאַנצן אָדער אַפילו אַ האַלבן יידישן לערער פאַר זייערע קינדער.

וואָס איז דאָ פאַרגעקומען ? די צאָל פון יידישע פאַמיליעס אין פיל פון די יידישע געמיינדעס אין מערבֿ קאַנאַדע איז אפשר געבליבן די זעלביקע, אָבער די צאָל נפשות אין דער פאַמיליע האָט זיך פאַרקלענערט. פינף יידישע פאַמיליעס אין אַ געמיינדע, מיט 15 אָדער 20 יאָר צוריק, האָט געמיינט אַ יידישע באַפעלקערונג פון 20 אָדער 25 נפשות, און פון זיי זיינען אַ צען אָדער פופצן געווען קינדער וואָס האָבן זיך גענייטיקט אין אַ יידישער דערציִונג.

היינטיקע צייטן, ווען מען געפינט פינף יידישע פאַמיליעס אין אַ שטעטל, מיינט עס אַ יידישע באַפעלקערונג פון צען אָדער צוועלף פּערזן אַם העכסטן. אָפט מאָל וווינט דער יידישער קרעמער אַליין אין שטעטל און זיין ווייב און קינד וווינען אין אַן אַנדער שטאָט.

פאָטערס פון יידישע פאַמיליעס מיט 25 יאָר צוריק האָבן געפילט זייער פאַראַנטוואָרטלעכקייט ווי יידישע עלטערן. אַ לעבן האָבן זיי געוואָלט מאַכן. זיי האָבן געהאָפט אַרויפצואַרבעטן זיך עקאָנאָמיש, אָבער זיי האָבן קיינמאָל ניט פאַרגעסן זייער חובֿ צו דערציִען זייערע קינדער ווי יידן. פאַר זיי איז יידישע דערציִונג פאַר זייערע קינדער געווען אַזוי וויכטיק ווי ברויט און קליידער. ניט געקוקט אויף אַלע שוועריקייטן, האָבן זיי געטאָן אַלץ וואָס מעגלעך צו פירן אַ יידישע היים און זיי זיינען געווען גרייט זיך לאָזן קאָסטן כּדי זייערע קינדער זאָלן קריגן עטוואָס פון יידישן וויסן.

אָבער די יאָרן זיינען פאַרביי און יענע יידישע טאַטעס זיינען שוין אַלט געוואָרן, אָדער זיי זיינען שוין ניטאָ אויף דער וועלט. זייער אָרט האָבן שוין פאַרנומען יינגערע מענטשן, וואָס זיינען געבאָרן אָדער דערצויגן געוואָרן אין קאַנאַדע און זיי האַלטן זיך פאַר מערער מאָדערן, און זיי גלויבן אַז זיי נייטיקן זיך ניט אין קיין שוחט פאַר זייערע הינער און אין קיין לערער פאַר זייערע קינדער.

אויב יידישע עלטערן אין אַ קלענערן שטעטל האָבן אַ זון, וואַרטן זיי היינטיקע צייטן ביז עטלעכע חדשים פאַר בר־מצווה און דאַן שיקן זיי אים אַריין אין שטאָט, צו זיין זיידע־באָבע, און דאָרטן גיט מען אים אַ קליינע דאָזע פון מפטיר און נאָך אפשר אַן אויסגעלערנטן ”ספּיטש” דערצו, און זיין יידישע דערציִונג הייבט זיך אָן און ענדיקט זיך אין עטלעכע חדשים צייט. אויב דאָס קינד איז אַ טאָכטערל — דאַן זיינען דאָך די עלטערן געוויס פּטור אויך פון דעם . . .

דער וווּקס פון די ”טשיין סטאָרס” און דער פאַרגרעסערטער געברויך פון אויטאָמאָבילן, וואָס דערמעגלעכן דעם פאַרמער אַריינצופאָרן און איינקויפן זיינע באַדערפענישן אין אַ גרעסערער שטאָט, האָבן פאַרקלענערט די מעגלעכקייטן פאַר דעם יידישן סוחר צו אַנטוויקלען זיינע געשעפטן אין די קלענערע דערפער און שטעטלעך אין דער זעלביקער מאָס ווי פריער.

ווען די זין און טעכטער פון די יידישע קרעמער אין די קלענערע דערפלעך וואַקסן אויס, האָבן זיי ניט קיין שום עקאָנאָמישע צוקונפט אין דעם פּלאַץ וווּ זייערע עלטערן וווינען, און זיי פאָרן אַוועק אין די גרעסערע שטעט, און סוף־כּל־סוף ווערן די עלטערן אַוועקגעצויגן נאָך זיי.

אין יאָר 1911 האָבן זיך געפונען 3,060 יידישע קינדער פון עלעמענטאַר שול עלטער, פון 6 ביז 13 יאָר אַלט, אין די פּרעריע פּראָווינצן. פון זיי זיינען 1,910 קינדער געווען אין וויניפּעג, און 610 קינדער אין די שטעט פון רעדזשיינאַ, סאַסקאַטון, קאַלגאַרי און עדמאָנטאָן.

די איבעריקע 540 ייִדישע קינדער פֿון עלעמענטאַר שול עלטער, וווינען אין די קלענערע שטעטלעך און דערפֿלעך, אין וועלכע די ייִדישע באַפֿעלקערונג קען באַטרעפֿן פֿון איינס ביז פֿערציק פֿאַמיליעס. פֿון דער צאָל וווינען 70 ייִדישע קינדער אין די פֿינף קלענערע ייִדישע געמיינדעס וווּ עס געפֿינט זיך נאָך אַ ייִדישער לערער, און 470 ייִדישע קינדער וווינען אין אַזעלכע געמיינדעס וווּ עס געפֿינט ניט קיין ייִדישער לערער. די 470 ייִדישע קינדער פֿון עלעמענטאַר־שול עלטער געפֿינען זיך צעוואָרפֿן איבער מער ווי 250 קליינע שטעטט און דערפֿלעך און זיי האָבן ניט קיין מיגלעכקייטן פֿאַר אַ ייִדישער דערציִונג.

דאָ טאָר ניט זיין קיין שום פֿראַגע פֿון אידעאָלאָגישע אונטערשיידן. עס מוז געשאַפֿן ווערן אַ פּראַקטישער פּלאַן ווי צו אָרגאַניזירן די ייִדישע דערציִונג אין דער קליינער פּראָווינץ.

אין לעצטן סך־הכּל לייזיקן זיך אויס די קלענערע ייִדישע ייִשובֿים. די ייִדישע באַפֿעלקערונג קאָנצענטרירט זיך מער אין עטלעכע גרעסערע שטעט.

די ייִדישע קאָלאָניעס, וואָס אין זיי ליגט אַ דור פּיאָנערישע אָנשטרענגונג, לייזיקן זיך אויס. אויך אין די גרעסערע שטעט איז דער ייִדישער יוגנט ניט גרינג איינצואָרדנען זיך, אויב די עלטערן, די אימיגראַנטן גרייטן ניט צו פֿאַר זיי, פֿאַר די איינגעבאָרענע, קיין פֿאַרטיקע עקאָנאָמישע פּאָזיציעס. און אַ גרויסער טייל פֿון דער ייִדישער יוגנט עמיגרירט פֿון די מערבֿ פּראָווינצן אין די מזרחדיקע אַריין, אָדער גאָר אין די שטאַטן.



● א. גאלאמב

# די נאציאנאלע יסודות פון דער טראדיציאָנעלער דערציונג ביי יידן

טיין טאטן, דעם הארציקן תלמיד־חכם,
מיין מאמען, דער שוואכער, דאך שטארקער אשת־חיל
אין ווארעם־יידישן ארץ־ישׂראל,
פון א קאלטן לאנד פארטראגן . . .

## 1. אריינפיר

כרמי שלי לא נטרתי — (שיר השירים).

מער ווי צוויי טויזנט יאר האט זיך ביי יידן געהאלטן א פעסטע טראדיציע ווי צו האדעווען קינדער, לערנען און דערציען זיי. אט די טראדיציע אונדזערע איז איינע פון די עלטסטע, זי נעמט ארום אלע יינגלעך, די גאנצע מענערישע טייל פון פאלק. דאס פאלק האט זי געטריי אפגעהיט ביז מסירת־נפש ממש. דור־נאך דור, יארהונדערט־נאך־יארהונדערט איז אט די דערציונגס־טראדיציע געווען דער סאמע וויכטיקסטער פונדאמענט פון דעם פאלקס קיום בכלל.

אבער ווען מיר האבן זיך גענומען מאדערניזירן אונדזער לעבן און אויך די דערציונג, האט מען קודם־כל זיך גענומען מיט דער גרעסטער התמדה פארשטייען, אויסווארצלען אלץ וואס עס שטאמט פון אונדזער טראדיציע אין דערציונג. מען האט ביי אונדז מיט היץ פון נעאפיטן גענומען אויסלאכן אלץ, אפשפאטן פון אלץ, פארמיאוסן און אפווארפן אלץ וואס עס איז אויסגעוואקסן אין אונדזער אייגענער טראדיציע און פארביטן דאס מיט איבערגענומענע פון דער פרעמד, פון "איראפע" (אייגנטלעך אויך פון א טראדיציע, נאר פון א פרעמדער). האבן מיר אין אונדזער מאדערנער דערציונגס־סיסטעם אריינגענומען אן קריטיק, דעם גאנצן פארמאליזם, אלע זיטן און פארמען, וואס האבן געשטאמט אויך פון א טראדיציע, איבערהויפט פון דער יעזויטישער, די פארטעס מיט די פארמעס, מיט די מיינונגען און כרעסטאמאטיעס, מיט די פארמאליסטישע פראגראמעס, מיט דער מושטרע און ניוועלירונג און פארטושונג פון דעם תלמידס "איך". און מיר זיינען געווען איבערגליקלעך; מיר האבן געמיינט, מיר האבן זיך געוואלט איינריידן: "מיר זיינען איראפעער", מיט לייטן גלייך . . .

אמת, אויף וויפל צווישן די איראפעער גופא זיינען געווען אומצופרידענע זוכער פון נייע דרכים, אויף אזויפיל האבן מיר זיך דערלויבט צו זיין אומצופרידן און מיטגיין מיט די זוכער, ריכטיקער — צו זיין אנהענגער פון די זוכער. איינס איז אבער געווען פאר אונדז זיכער און פעסט: די נעגאטיווע באציונג צו אונדזער אייגענער דערציונגס־טראדיציע. דא זיינען ניט געווען קיין חלוקי דעות. בנוגע צו דעם איז ביי אונדז געווען אן אלגעמיינער הסכם — ניט די טראדיציע אונדזערע אינגאנצן ניט אירע עלעמענטן האבן ניט קיין ווערט, זיינען ניט פעיק צו א פרוכטבארער אנטוויקלונג און זיי האבן ניט קיין זאמען אין זיך וואס זאלן קאנען זיך צעוואקסן צו א פראגרעסיוון קולטור פאקטאר אין אונדזער לעבן. ניין און ניין, — קוים שטאמט עס פון אונדזער אייגענער טראדיציע טויג עס שוין אפריארי ניט. אזוי איז די איינשטעלונג פון דער גאנצער יידישער פעדאגאגיק, פון דער יידישער ליטעראטור און בכלל פון דעם געדאנקען־גאנג פון דער יידישער אינטעליגענץ פון אלע ריכטונגען און שאטירונגען.

פון די ערשטע משׂכּילים אן, פון די ציטן פון דער עמאנציפאציע ע"ה און ביז היינט, פארמאגט ניט דער פעדאגאגישער געדאנק ביי יידן קיין זאך וואס זאל ניט זיין איבערגענומען, קאפירט אדער נאכגעמאכט פון פרעמדע מוסטערן. און דערציונג איז אבער, לויט איר עצם מהות אזא קולטור אקטיווקייט וואס שפיגלט אפ צום בולטסטן די סאציאל־קולטורעלע נשמה פון דער סביבה, עס איז דער אינטימסטער קולטור־צווייג, און קיין איבערגענומענע דערציונג קען ניט זיין ארגאניש. אויך אונדזערע נאציאנאלע שולן פון אלע מאדערנע ריכטונגען קענען כמעט ניט אנווייזן קיין אריגינעלס, קיין אייגנס, עפעס וואס זאל האבן ארויסגעוואקסן פון אונדזער אייגענער ספעציפישקייט, פון אונדזער נאציאנאלן איך ארויס. ביי דער מסירת־נפש פאר דערציונג וואס עס איז דא ביי יידן, איז אט דאס אויספעלן פון אייגנס אן שום ספק איין גרויסער "צום באדויערן". דער אינהאלט פון לערנען, דער געלערנטער מאטעריאל איז ביי אונדז נאציאנאל (לויט די באגריפן פון דער אדער יענער ריכטונג), — אבער די וועגן פון לערנען — דא זיינען מיר ווי תלמידים וואס קענען אן דעם רבינס טייטל זיך פון ארט ניט רירן.

אין דערציונג איז אבער אלעמאל דער "ווי" וויכטיקער פון דעם "וואס". און קוקנדיק אויף אונדזערע וועגן פון דערציונג, קומט אויס ווי מיר וואלטן אין אונדזער נאציאנאל־קולטורעלן זיין ניט פארמאגט גארניט קיין אייגנס, קיין אייגנטימלעכקייט, מיר האבן נאך זיך אליין ניט געפונען.

און טאמער האט א נאציאנאלער יידישער פעדאגאג יא אמאל געוועלט באווייזן אז מיר האבן אויך פארמאגט עפעס רעכטס, האט ער אנגעשריבן אן ארבעט "דער מהר"ל און קאמעניוס". דער צוגאנג איז דא כאראקטעריסטיש פאר אונדזער נאציאנאל־דענקענדיקער אינטעליגענץ. און אט פאר וואס: יאהאן עמוס קאמעניוס איז מיר ליב און נאנט מיט זיין יידישלעכן געדאנקען־גאנג און סטיל, אויך מיט זיין "יידישן" גורל פון גלות און נע ונד. אבער דאך איז צווישן אט דעם מאראווישן בישוף, וואס מיר פלעגן אין ווילנער יידישן לערער סעמינאר רופן "ר' יוחנן

"דער קאַמינער" און דעם לאַנדסמאַן זײַנעם, דעם פּראַגער רבֿ מהר"ל אַ צו װײַטער מהלך, און די אַנאַלאָגיעס האָבן ניט קײַן װערט. דען װיכטיק זײַנען ניט די פּאַראַלעלע אַרױסזאָגונגען פֿון די צװײ מחברים. אַזױנע אַנאַלאָגיעס קען מען אָפּט געפֿינען אין היפּוכדיקע ריכטונגען פּונקט װי מען קען דאָך אין מאַשינעם פֿון פֿאַרשײדענער אַנװענדונג געפֿינען ענלעכע רעדער און שרױפֿן. װיכטיק זײַנען די אַלגעמײנע קולטור טענדענצן, די ריכטונג װי אַ גאַנצע און ניט די דעטאַלן. און פֿון דעם צוגאַנג גענומען זײַנען, פֿאַרשטײט זיך, דער פּראַגער רבֿ און דער קאַמינער בישוף געװען צװײ פֿאַרשײדענע װעלט־סיסטעמען, װיפֿל אַנאַלאָגיעס מען זאָל צװישן זײ ניט געפֿינען.

דאָ װי אין אַ סך דערשײַנונגען זײַנען כאַראַקטעריסטיש די סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישע סטימולן, װאָס ברענגען אונדזערע דענקער צו אַזױנע אַנאַלאָגיעס אין װיסנשאַפֿטלעכע אַרבעטן. מיר דוכט זיך, אַז דאָ האָבן מיר דעם זעלביקן סטימול װאָס ברענגט צו אַזױנע אַרױסזאָגונגען װי "שלום עליכם איז דער ייִדישער מאַרק טװען" וכדומה.

אין די אַלע אױבן געבראַכטע אַרױסזאָגונגען איז דער משל, די נאָרמע דאָס פֿאַראַנענע בײַ די אומות העולם. מאַרק טװען, איז די נאָרמע. שלום־עליכם װערט באַגרײַפֿלעך און װירדיק באַשר ער איז בײַ אונדז אין דער ראָל פֿון דער נאָרמע. װײַטער, מיר אַלײן װערן דערמיט געגליכן צו אַ נאָרמאַל פֿאָלק, װײַל מיר פֿאַרמאָגן אױך אַן אײגענעם מאַרק טװען.

די נאָרמע איז קאָמעניוס. און דער ייִדישער נאַציאָנאַליסטישער זעלבסט־געפֿיל װערט באַפֿרידיקט דורך דעם, װאָס מיר האָבן אױך אַן אײגענעם "כּמו קאָמעניוס".

אַזאַ מין פּסיכישן אונטערשלאַג האָבן מיר פֿאַר זיך אין די פּעדאַגאָגישע קרײַזן פֿון אַלערלײ ריכטונגען בײַ ייִדן: די נאָרמע איז בכל אופֿן ערגעץ אױסער אונדז, װײַטער פֿון אונדז. מיר דאַרפֿן זוכן װי עס איז צוצוקומען צו אָט די נאָרמעס. פֿאַרשטײט זיך, אַז בײַ אַזאַ אײַנשטעלונג איז אוממעגלעך געװען צו אַנאַליזירן די ייִדישע דערציִונג־טראַדיציע און אױסנוצן דאָס פּאָזיטיװע, װאָס איז אָרגאַניש אײַנגעפֿלאָכטן געװאָרן אין אַנצאַליקע דורות. בײַ אַזאַ אײַנשטעלונג באַמיט מען זיך תּמיד צו זוכן און צו געפֿינען דאָס ענלעכע, דאָס פּאַראַלעלע, אָבער ניט דאָס אײגנטימלעכע, דאָס ספּעציפֿישע. און מהאי טעמא — איז בײַ אונדז אָפּט דער געדאַנק ניט קײַן אָריגינעלער, עס קלינגט ניט אין אים דער אינטימער "איך", און בײַ קײַן אײן ייִדישער ריכטונג װערט ער ניט באַגלײט מיט דער אינעװײניקסטער זיכערקײט און באַפֿרידיקטקײט. פֿאַרקערט קומט תּמיד אַ סוגעסטיװער העכערער טאָן װאָס, דאַרף מאַכן די זיכערקײט 1).

אין דער אַרבעט װעל איך פּרובירן זיך צו דערגרונטעװען צו די יסודות פֿון דער ייִדישער דערציִונגס־טראַדיציע. איך גלױב אַז עס קען אונדז גאַנץ נוציק זײַן. און אפֿשר ניט בלױז אונדז.

## 2. אױפֿקום פֿון דער טראַדיציאָנעלער דערציִונג

די טראַדיציאָנעלע דערציִונג האָט זיך אָנגעהױבן צו אַנטװיקלען אין די צײַטן פֿון תּלמוד. אמת, אױך פֿריער האָט, פֿאַרשטײט זיך, עקזיסטירט בײַ ייִדן אַ דערציִונגס־סיסטעם און אירע שפּורן קען מען געפֿינען אין תּנ"ך. אָבער אין די צײַטן פֿון משנה איז די דערציִונג װי מיט אײן מאָל אױפֿגעשטעלט געװאָרן אין צענטער פֿון גאַנצן נאַציאָנאַלן לעבן פֿון פֿאָלק. "ותּלמוד תּורה כּנגד כּולם" און "כּל זמן ייִדישע קינדער לערנען תּורה (קול יעקבֿ) קענען די ידי עשׂו זײ ניט בײַקומען". דער זינען פֿון דעם קורצן דרוש איז אַ פּשוטער: די אײביקײט פֿון ייִדישן קיום ליגט אין לערנען תּורה. און "מען טאָר ניט מבֿטל זײַן קינדער פֿון לערנען אפֿילו צום בױען דעם בית־המקדש". דאָס לערנען איז דאָ בכן װיכטיקער פֿאַרן בית־המקדש. אַ רבין פֿאַרן קינד מעג מען באַזאָרגן אױך אום שבת. גדול תּלמוד־תּורה יותר מבנין בית המקדש, גדולה תּורה מן המלכות. די מלמדים האַלטן אױס די שטאָט. בכלל, אַ שטאָט, װוּ עס זײַנען ניטאָ קײַן תּינוקות של בית רבן" (װוּ קינדער לערנען די תּורה), דאַרף חרובֿ װערן. די גאַנצע װעלט האָט אַ קיום נאָר צוליב די קינדער װאָס לערנען תּורה. און ירושלים איז חרובֿ געװאָרן, װײַל מען פֿלעגט דאָרט מבֿטל זײַן די קינדער פֿון לערנען. — די אַלע מימרות זײַנען ניט סתּם ציטאַטעם פֿון ביכער, װאָס שטײען אין שאַפֿעס, אױך ניט סתּם קײַן גאַנגבאַרע װערטלעך. דאָס זײַנען אַלץ קורצע אַרױסזאָגונגען, װאָס האָבן געהאַט די אױפֿגאַבע צו דערקלערן און באַרעכטיקן די פּראַקטיק פֿון לעבן. אַזאַ איז דער כאַראַקטער פֿון אַלע תּלמודישע דרשן, מימרות און אַרױסזאָגונגען, װאָס זײ זײַנען לאַקאָניש, אָפּט אין פֿאָרם פֿון משלים, באַגרינדונגען פֿון לעבנס־טעאָריעס. אין זײ, אין די קורצע אַפֿאָריזמען דאַרף מען זוכן דעם װעלט־באַנעם און די סיסטעם־פּרינציפּן פֿון נאַציאָנאַלן און סאָציאַלן לעבן. דאָס זײַנען כּללים, װאָס דאָס פֿאָלק האָט אָנגענומען און אָפּגעהיט דורך אַלע דורות. בכן, זײַנען פֿאַר אונדז אָט די תּלמודישע. לאַקאָנישע זאַצן מאַסגיביקער װי װאָסערע עס זאָל ניט זײַן אַנדערע ציטאַטן פֿון אינדיװידועלע װערק. פֿון די ציטאַטן (זײ זײַנען נאָר אַ קלײנער טײל פֿון די װאָס מען װאָלט געקענט ברענגען) איז צו זען, אַז די דערציִונג איז דאָ געװען געשטעלט אין צענטער פֿון גאַנצן נאַציאָנאַלן לעבן. דאָס לערנען די תּינוקות של בית רבן די תּורה איז די נשמה און קיום פֿון פֿאָלק.

פֿון װאַנען נעמט זיך אַזאַ אױסערגעװײנלעכע געטרײַהײט צום לערנען בכלל און צו קינדער־לערנען בפֿרט?

דאָס איז ניט סתּם אַזאַ ליבע צו דער תּורה און צום לערנען. די ליבע האָט טיפֿע סאָציאַל־קולטורעלע װאָרצלען אין דער פֿאַרענדערטער סאָציאַל־פּאָליטישער קאָנסטרוקציע פֿון ייִדישן פֿאָלק, װאָס האָט זיך אָנגעהױבן אין די צײַטן פֿון תּלמוד.

עס איז געװען די צײַט פֿון דער חשמונאישער יהודה. די קלײנע מדינה איז אַלץ מער און מער גע־

1) דער סימן איז: ביי אינטימער זיכערקייט — א עקשנותדיקע רויקע פעסטקייט, אן געשרייען און אן כעס, אן רוגזה, א פעסטקייט און אויסדויער, אן קאנפליקטן צווישן דעם, וואס אין פריוואטן און אין געזעלשאפטלעכן לעבן. דער געדאנק, די אידעע איז בולט תמיד און אומעטום, אין שטוב און אין גאס, אין ארויסזאגונגען און אין מעשים, אפילו ווען דאס מויל אדער די פען שווייגן. דער געדאנק איז דא אין מענטשן גופא, געמיטצושטאנד על פי רוב א גוטמוטיקער, ניט קיין קריגערישער, דערלאזט קריטיק און דערשרעקט זיך ניט פאר איר. פונקט פארקערט איז עס ביי א געמאכטער זיכערקייט, וואס דארף זיך און אנדע־[illegible]

ווארן איינגעדארט, צו שוואך ארומצונעמען דאס גאנצע ייִדיש לעבן. און עס האבן זיך געשאפן די באַקאנטע פּארטייען, סעקטעס. די וואס האבן זיך אינגאנצן מיאש געווען פון דער פּאליטיק, פון אלץ — די אסיים. ווייטער זיינען געווען די סאציאל־העכערע שיכטן פון פאלק, וואס האבן געזוכט צו פארוואנדלען דאס קליינע יהודה אין א נאציאנאל פאליטישן איינס, לויט דעם מוסטער פון די דעמאלט מאסגיביקע מלוכות. דאס זיינען געווען די צדוקים. דאס האבן זיי געוואלט א פּאליטישן איינס וואס איז קולטורעל העלעניסטיש און לויט דער רעליגיע און קולט — שטרענג ייִדיש.

אבער פון דער דריטער זייט זיינען געשטאנען די פאלקסטימלעכע שיכטן, וואס האבן זייער ייִדישקייט ניט געקענט בשום אופן אריינשפארן אין קולט בלויז און אין רעליגיע. זיי האבן פשוט זיך ניט געקענט אפשיידן זיך פון זייער פאלקסטימלעכער, אין משך פון דורות אנגעוואקסענער פאלקס־קולטור, וואס איז דעמאלט געווען אויסער די ראמען פון אפיציעלן קולט און פון דער דעמאלט קאנאניזירטער רעליגיע. זיי האבן עס ניט געקענט ווי עס קענען ניט קיינמאל דאס אפווארפן פאלקסטימלעכע מאסן אין אלע דורות. צו אינטים, צו ארגאניש איז דאס פאלקסטימלעכע אין זייערע נשמות.

אויף דער אויסבילדונג פון דעם וועלט באנעם, פון דער טעאריע פון ייִדישקייט, וואס די שיכטן האבן זיך געשאפן, האט א גרויסע ראלע געשפילט דער קולטור־קאמף פון די פריערדיקע דורות. ניט דא איז דאס ארט צו כאראקטעריזירן דעם קולטור־קאמף פון די נביאים. איך וועל נאר אנדייטן אויף איין שטריך. אלע נביאים האבן תמיד באקעמפט יעטווידער פארמאליזם, יעטווידער סימבאל. די אידעע, דער אינהאלט, אבער ניט די פארם, ניט זיין סימבאל. גאט, אבער ניט קיין סימבאל זיינער, ניט קיין פארהייליקטער סימן פון גאט. פאלק — איז זיין אינהאלט, אבער קיינע סימבאלן ניט פון פאלק. איז פרומקייט אין תוך, אבער ניט קיין פארמעלע צערעמאניעס וכדומה. אט דאס איז א שטריך פון דעם נביאישן קאמף וואס גייט דורך אלע נביאים פון די ערשטע ביז די לעצטע.

און די פרושים האבן מיט רעכט געהאלטן זיך זיך פאר די גייסטיקע יורשים פון די נביאים. און ווען דאס לעבן האט געשטעלט די פראגע: „וואס איז ייִדישקייט, און וואס איז איר מהות?" — האבן די פרושים געענטפערט אז דאס איז ניט די מלוכה און ניט די דינאסטיע, ניט דאס הייליקע לאנד און ניט די הייליקע ערטער, בערגלעך במות, בנינים, ניט בית־המקדש, ניט קיין קברים פון באקאנטע און אומבאקאנטע הייליקע, אפילו ניט די הייליקע בלעטער און פארמעטן פון דער תורה, ניט די הייליקע שפראך פון דער תורה, און אויך ניט די פארהייליקטע אותיות און ווערטער פון דער תורה. נאך מער — אפילו ניט דער אינהאלט פון דער תורה, ווי ער איז איינמאל פארפיקסירט געווארן. ניין. ייִדישקייט איז, לויט די פרושים, א שטראם, א קוואל, וואס קוועלט בסדר און אן אן אויפהער שטראמט ער ווייטער, בייט זיין געשטאלט, ענדערט זיך, וואקסט אן, וואקסט ארויס פון לעבן, כדי צו ווערן „תורה" און ווידער באווירקן דאס לעבן, אים געשטאלטן און פורעמען. ייִדישקייט איז דאס שלמות־דיקע לעבן פון ייִדן. און ווי אזא קען זי געמאלט זיין נאר און מער ניט ווי אין די נשמות פון לעבעדיקע ייִדן. קענען בכן ניט געמאלט זיין פאר די פרושים קיינע מאטעריעלע, גשמיותדיקע יסודות פון ייִדישקייט, קיינע אנדערע צענטערן אויסער די לעבעדיקע ייִדן גופא 2).

דאס האבן די פרושים זיך אפגעשיידט („פרוש" הייסט אן אפגעשיידטער) און באזייטיקט פון זייער וועלט־באנעם פון ייִדישקייט יעטווידער חומר, מאטעריע, סימבאל, הייליקייט. „לא תעשה לך כל פסל". אפגעווארפן אל דאס מאטעריעלע, וואס אויסער דעם מענטשן, אויסער דעם ייִדן. ייִדישקייט איז לויט די פרושים אט דער שטראם פון „משה קבל תורה" און וואס שטראמט אזוי ווייטער. און ניט „תורה שבכתב", די פארשריבענע, די פיקסירטע תורה איז ייִדישקייט... ניין. „לא כרת הקב"ה ברית עם ישראל אלא בשביל דברים שבעל פה" (גיטין ס':).

דאס וואס עס איז פארשריבן און יעטווידער קען עס האלטן אדער ניט, דאס וואס איז א „תורה שבכתב" קען ניט זיין קיין ייִדישקייט. נאר בלויז דאס וואס איז ניט פארמולירט, וואס עס איז פאראן אין לעבן, אין די מעשים פון פאלק אין זייערע ארויסזאגונגען, אין אט דעם פאלקסטימלעכן מאטעריאל, דא ליגט ייִדישקייט („מבדילין בין ישראל לבין אומות העולם"), די תורה שבכתב קען מען איבערזעצן און לייענען אין אי־ אויך אין גריכיש, אבער גאטס קינדער זיינען די וואס פארמאגן אזוינע פארבארגענע („מיסטורין") אייגנטימלעכקייטן, וואס מען מוז זיך אין זיי אריינלעבן, אויסלערנען זיי קען מען ניט. און „דאס איז די משנה, וואס איז געגעבן געווארן בעל פה". און אט די פליסיקע און פארענדערלעכע שטייגערישע פאלקסטימלעכקייט, וואס ווערט איבערגעגעבן און איבערגעאנדערשט פון דור צו דור, אט דאס האט ביי די פרושים געגאלטן פאר דעם אייגנציקן אינהאלט און יסוד פון ייִדישקייט און פון דאנען שטאמט זייער מסירת־נפשדיקע געטרייקייט צום „תלמוד תורה". יעטווידער ייִד, יעטווידער יחיד דארף ווערן א טרעגער פון אט דער פליסיקער און פארענדערלעכער ייִדישקייט, וואס זיי האבן עס אנגערופן „מסורה", איבערגעבונג, די תורה שבעל פה, וואס „פארמערט זיך און וואקסט" ווי געוויקסן (חגיגה, ג' ב'). אלץ אויסער דעם, וואס ניט אין די נשמות פון די לעבעדיקע ייִדן, איז אלץ געץ, פסל. דער „לא תעשה לך כל פסל" איז ניט בלויז א רעליגיעזער פרינציפ, א שינאה צו קונסט, צו פלאסטישקייט, אן אפגעשטאנענקייט פון א פרימיטיוון שבט. ניין, עס איז אן אלגעמיינער פרינציפ פון א וועלט־באנעם: אין ייִדישקייט זאל ניט זיין קיין פיקסירט־פארענדיקטער, קיין גשמיותדיקער עפעס, ווייל אל־דאס, וואס איז אזוי פארהייליקט אין זיין פארענדיקטקייט, מוז ווערן א געץ, א במקום גאט, א הייליקייט פאר זיך גופא. דאס קען אריבערטראגן דעם צענטער פון מענטשלעכן געדאנק פון דעם עיקר צו זיין סימבאל. פון גאט צו זיין אפגאט. די טראדיציע אין לעבן פון דורות איז וויכטיקער ווי דאס פארשריבענע אין די הייליקסטע תורות.

2) צום פארגלייך:
חי הוא יודך.
לא המתים יהללו יה.
לא אמות כי אחיה ואספר מעשה יה.
מה בצע בדמי ברדתי שחת.
וחי בהם, — ולא שימות בהם (צוליב די מצוות).
פקוח נפש דוחה שבת.
כל המקיים נפש אחת, כאילו קיים עולם מלא.
כל המאבד נפש אחת, מעלה עליו הכתוב כאילו אבד עולם מלא.
תינוק בן יומו מחללין עליו את השבת — דוד מלך ישראל מת, אין מחללין עליו את השבת

ניט די טראַדיציע דאַרף זיך צופּאַסן צום געשריבענעם אות, נאָר מען מוז די תּורה אַרײַנדרשענען אין לעבן אַרײַן. אַ מינהג ברעכט אַ דין. דאָס איז די תּורה שבעל פּה, וואָס טראָגט דעם קיום האומה 3).

דעריבער אויך איז די פּרושים ייִדישקייט ניט קיין טעאָריעס, טראַקטאַטן, פאָרמולירטע פילאָסאָפישע סיסטעמען. דאָס האָבן אפשר געוואָלט די צדוקים, דאָס האָבן געשאַפן די פילאָנס, ספּינאָזע בשעתו. — דאָס אַלץ האָט אָבער די ייִדישע טראַדיציע ניט אָנגענומען. ניט בלויז אײַערע עלטער־זיידעס זײַנען געשטאַנען אויפן באַרג סיני און באַקומען אַ תּורה, נאָר אויך איר, אײַערע קינדער און קינדס־קינדער, אַלע דורות דאַרפן גלויבן, אַז זיי זײַנען געווען אויפן באַרג סיני". דער זינען פון דעם :דער פּראָצעס פון שאַפן תּורה, פון פּראָדוצירן תּורה איז אַ שטענדיקער, דער "באַרג סיני", וואָס אויף אים ווערט תּורה געגעבן, גייט מיט מיט אַלע דורות ייִדן.

און "די בתּי מדרשים פון בבל וועלן פאַרפּעסטיקט ווערן אין ארץ־ישׂראל (מגילה כ"ט, א'). קלאָר אַז דאָ מיינט מען דעם אינהאַלט, די חידושים וואָס זײַנען דאָרטן געשאַפן.

און דער סיני איז הייליק בלויז ווען די שכינה איז געווען אויף אים. און אויך פאַרקערט : וווּ עס פאַרנעמט זיך ייִדישקייט — תּורה שבעל פּה — דאָרטן איז אַ סיני.

האָבן די קריסטלעכע געלערנטע, די איינציקלעד פון געצנדינער, וואָס מוזן תּמיד האָבן פאַר זיך, אויסער זיך אַן עפּעס, אַ פאָרמול, אויסווייניקסטע אַטריבוטן, סימנים, אַ צייכן, אַ סימבאָל; וואָס מוזן זיך האַלטן אַן עפּעס אַ מאַטעריע, — אָט די געלערנטע האָבן בשום אופן ניט געקענט באַגרײַפן די פּרושים. ס'טײַטש, היתּכן ? גענומען, אַנטלאָפן פון ירושלים, געלאָזן אַלץ אויף הפקר, אַוועק אין אַ שטילן דאָרף און גענומען דאָרט שאַפן דינים . . . "טפו, פאַריסעער ! עכטע זשידעס!". . . זיי קענען ניט באַנעמען, אַז דאָס וואָס בײַ זיי אין די אויגן איז "אַלץ", איז פאַר די פּרושים גאָרנישט, עץ ואבן, שטיינער, ביינער, מויערן וואָס מען קען חרובֿ מאַכן, אַ בית־מקדש וואָס מען קען פאַרברענען, און זיי זײַנען אַוועק בויען אַזאַ ייִדישקייט, וואָס קיינע טיראַנען, ביקסן, אינקוויזיציעס און שמדן קענען ניט אומברענגען כּל זמן עס לעבט נאָך ערגעץ ווו איין ייִד . . .

---

דאָס איז געווען דער צוועק פון דערציִען, פון לערנען תּורה און צוליב דעם טאַקע האָבן די פּרושים מיט אַזוי פיל מסירת־נפש געשאַפן די יסודות פון דערציִונגס־טראַדיציע. די "גאָלדענע קייט", דער "גילגול פון אַ ניגון", דאָס איז ייִדישקייט. ניט די באַלזאַמירטע גופים פון מײַנע זיידעס, ניט דער זיכּרון פון זיי, נאָר בלויז דאָס, וואָס מײַן נשמה האָט געירשנט פון זייערע נשמות, נאָך איידער זיי זײַנען געשטאָרבן און הייליק געוואָרן. קיינער דאַרף ניט פאַרמולירן דעם מהות פון אָט דער ירושה. די נשמה פון מײַן דור איז ניט די נשמה פון פאַרגאַנגענע דורות. מײַן ייִדישקייט איז ניט די ייִדישקייט פון מײַנע זיידעס, אָבער די נשמה מײַנע, מײַן ייִדישקייט, האָט געירשנט, פאַרדייט און איבערגעשאַפן אַלע ייִדישקייטן פון געוועזענע דורות. ייִדישקייט פון איין דור איז איבערגעקנאָטענע ייִדישקייט פון זיידעס, פון אָבות פון אַלע דורות. אַזוי האָבן די פּרושים פאַרשטאַנען דעם שטראָם (די מסורה) פון ייִדישקייט.

אַז די פּרושים האָבן דאָס אינגאַנצן באַוווּסטזיניק געשאַפן די אידעאָלאָגיע פון לעבעדיקער ייִדישקייט אין לעבן פון לעבעדיקע ייִדן, איז צווישן אַנדערע אויך צו זען פון — אַ משל, וואָס געפינט זיך ערגעץ אין תּלמוד : אַ חבֿר (אַזוי פלעגן זיך רופן די פּרושים צווישן אַנאַנד) האָט זיך געלאָזט פאָרן אויפן ים, מיט אַ סך סוחרים. האָבן די סוחרים אים געפרעגט : — "און ווו איז דײַן סחורה?" האָט ער געענטפערט : — "מײַן סחורה איז בעסער פאַר אײַערער". האָבן זיי פון אים געשפּאָט. זײַנען זיי באַפאַלן פּיראַטן, באַרויבט און זיי געלאָזן נאַקעט. זײַנען זיי געקומען אין אַ לאַנד, איז דער חבֿר אַוועק אין בית־מדרש און געדרשנט פאַר די אָרטיקע ייִדן. און די סוחרים, וואָס האָבן געהאַט צוערשט גרויס פאַרמעגן און געלאַכט פון אָרעמע ייִדן, זײַנען געקומען צו אים בעטן הילף . . . "מײַן סחורה, — ענטפערט זיי דער חבֿר, — איז בעסער פון אײַערער". . .

אָט אויף דעם פּרינציפּ האָבן די פּרושים געבויט ייִדישקייט בכלל. דער מהות פון ייִדישקייט איז ניט קיין פאַרמעגן, וואָס קען פאַרלאָרן גיין, פאַרברענט, צעגערויבט ווערן, נאָר ער איז אין דעם לעבן פון לעבעדיקע מענטשן. די אויפגאַבע פון דער דערציִונג איז דאָ געשטעלט געוואָרן דער קיום פון פאָלק דורך כּסדרדיקער איבערגעבן ("מסורה") די פאָלקסטימלעכע קולטור ("תּורה שבעל פּה" האָט עס געהייסן) פון דור צו דור.

מיט אָט די דערציִונגס־צוועקן שיידט זיך אונטער די ייִדישע דערציִונגס־טראַדיציע פון אַלע אַנדערע דערציִונגס־סיסטעמען אין דער אייראָפּעיִשער וועלט.

האָט ספּאַרטע געהאַדעוועט מענטשן ניט צוליב זייער אינעווייניקסטן מענטשלעכן ווערט, נאָר ווי זעלנער צום שלאָגן זיך פאַר עפּעס אַ ווערט, וואָס איז מחוץ דעם מענטשן. פיך — צום מעלקן, פערד און אייזלען — צו דער אַרבעט, און מענטשן צום שלאָגן. ציגל צום בויען, קרבנות צום הייליקן שטיינערנעם מזבח. אויב מען מיינט, אַז זיי וועלן צו דעם ניט טויגן, טאָ וואַרפט מען זיי אַרויס קליינערהייט נאָך, ווי געפּרגטע קעץ.

האָט אַטען געהאָדעוועט עסטעטישע פּליִנקייט, "קאַלאָקאַגאַטיע" — שיין און גוט, כּדי צו לעבן אַ פיזיש־פרײַדיקן לעבן. אויפן חשבון פון קנעכט זאָלן די פרײַע (פרײַע פון באַדאַרף צו אַרבעטן), קענען זיך פאַרווײַלן מיט קונסטן, וויסנשאַפטן, מוזעס און שפּילן.

האָט רוים געשאַפן געזעצן . . . דער ווילן פון שטאַרקן רוים איז געזעץ פאַר אַלע שוואַכע. כּדי דאָס רוימיש פאָלק זאָל וועלן דאָס וואָס זײַנע פירער דאַרפן האָט מען דערצויגן רעדנער, האָט מען געהאָדעוועט אַ פאָלק אויף ברויט און פאַרווײַלונג. און פאַרווײַלן דאַרף זיך דאָס געזעצגעבעריש, שטאַרק פאָלק מיט בלוט פון שוואַכע, בלוט צום שפּיל און פאַרגעניגן, לויט פאַרשריפטן פון געזעצן; בלוטדאָרשטיק דאַרף זײַן דאָס רוימיש פאָלק כּדי צו זײַן שטאַרק און צו הערשן. עס וועט הערשן איבער וועלטן, ווען בלוט פון מענטשן וועט אים פאַרווײַלן, וועט אים מאַכן מונטער און אַקטיוו, אָנצינדן.

3) זע "וואָס איז ייִדישע טראַדיציע", אין "אויפן שיידוועג", 2, פּאַריז, 1939.

איז דאָס אויך געווען אַ אידעע פֿון אײַנהאַלטן דעם קיום פֿון אַ פֿאָלק, אויה, אַ אידעאַל און אַ דערציִונגס־פּראָגראַם. עטוואָס אַנדערש, ניט ענלעך צו דער, וואָס פֿון די פּרושים אין קליינעם און שוואַכן, חרובֿ געוואָרענעם יהודה.

און שפּעטער אין די ריטער־געזעלשאַפֿטן האָט מען דערצויגן פֿײַנקײַט און פֿלינקײַט כּלפּי דעם האַר, דער דאַמע, טאַנץ און געפֿעכט און דועל, קריגערישע געטרײַקײַט עמיצן, וואָס אויסער דעם מענטשן.

האָבן די הומאַניסטן ערשט געפּרוווט צו שליִפֿן, צו פּוצן דעם מענטשן גופֿא, האָט זיך שפּעטער זייער שטרעבונג אויסגעוועבט אין אַ פֿאָרמאַליזם פֿון די יעזוִטן.

האָבן דאָך שפּעטער די יעזויִטן באַוויזן דווקא דורך דעם הומאַניזם, וואָס זיי האָבן אים פֿאַרוואַנדלט אין אַ טרוקענעם פֿאָרמאַליזם, צו באַהערשן די מוחות, ניוועלירן און אוניפֿיצירן דעם געדאַנק און געפֿיל פֿון די גלויביקע, וואָס זיי האָבן געגעבן אַלעמען: אַט אַזוינע און אַזוינע טראָפּאַרט־געדאַנקען זאָלן זיך ווידמען אין די קעפּ; אַט די און יענע פֿראַגמענטן זאָלן זײַן גאַנגבאַר אין די מײַלער; אַט די, און ניט די אַנדערע מיינונגען דאַרפֿן אויסגעהזרט און באַנוצט ווערן אין געשפּרעכן. האָט די דערציִונג דורך דעם פֿאָרמעל הומאַניסטישן מאַטעריאַל געדאַרפֿט גײַסטיק אויסמושטרירן אַלעמען און פֿאַראַוונדלען זיי אין אַ פֿאָלגעוודיקע סטאַדע, צו פֿאָלגן דעם, וועמען די מאַכט איז געגעבן.

האָבן די געבילדעטע, אויפֿגעקלערטע, אַריסטאָקראַטן מיט בילדונג, געוואָלט באַפּוצן זייערע סאַלאָנען מיט געלערנטע שמועסן, פֿאַרטראַגן, וויסנשאַפֿטן, פּאָעזיע און קונסטן — פֿאַרווײַלן זיך בײַ צונויפֿקומען ווי מיט טענץ און מיט קאָרטן.

האָבן די פּאָזיטיוויסטן געשטרעבט צו האָדעווען מענטשן, וואָס זאָלן דורך בילדונג ווערן זאַכלעך, געזונט און טיכטיק צו אַרבעטן אין די גרויסע פֿאַבריקן, אין דער מאָדערנער אינדוסטריע וכּדומה. זאָל דאָס וויסן וועגן יעוועסטאַכס דער (פֿון ספּענסערס ווערק) ברענגען צו זאַכלעכקײַט — דער היגיענע.

האָט צו טיכטיקײַט און האַנט־גרייטקײַט געשטרעבט קערשנשטיינער. מענטשן זאָלן גיכער און פֿלינקער טויגן „צום לעבן", צו דער פּראָדוקציע.

און הײַנט צו וואָס שטרעבן לענדער און מדינות אין דער דערציִונג?

קודם כּל זאָלן המונים, מאַסן גיריק און ווילּיק גיין נאָך די פֿירערס, פֿאָלגן און זאָגן אָמן נאָך זייער יעטווידער וואָרט, כּלומרשט פֿון זייער אייגענעם ווילן. מענטשן — מאַסן־מענטשן — טויג צום סגעטן, צו וואַרפֿן זיך אין פֿײַער לויט דעם פֿירערס וואָרט. און די דערציִונג גייט פֿאָלגעוודיק אין שפּאַן, ניט ערגער ווי אַלע וויסנשאַפֿטן, וואָס זײַנען לויטן באַפֿעל געוואָרן נאַציש אָדער ווייס איך וואָס.

אַז דערציִונג, אייגנטלעך, דאָס לערנען די תּורה פֿון פֿאָלק זאָל זײַן דער איינציקער יסוד פֿון פֿאָלקס קיום, נאָך מערער, אַז דאָס לערנען דעם פֿאָלקס תּורה (ניט די תּורה פֿון געדרוקטן ספֿר, וואָס איז שוין ניט לעבעדיק אין פֿאָלקס מויל און מעשׂים!) איז כּמעט אידענטיש מיט דעם באַגריף לעבן פֿון פֿאָלק. — אַט אַזאַ מין צוגאַנג צו דערציִונג איז בײַ קיין אַנדערע פֿעלקער ניט געווען און עס איז אויך ניטאָ. אמעטום איז דערציִונג און לערנען אַ מיטל צו עפּעס אַן אַנדער צוועק. בײַ דער ייִדישער טראַדיציע, בײַ דער טראַדיציאָנעלער ייִדישקײַט איז דאָס לערנען דער תּכלית, דער צוועק אַליין 4).

אַט פֿון וואַנען עס נעמט זיך די התמדה, די טרײַקײַט, די איבערגעגעבנקײַט און מסירת־נפֿשדיקײַט פֿון דער ייִדישער טראַדיציע צום לערנען. „און גיב אונדז אין האַרץ צו פֿאַרשטיין, צו קלוגן זיך אין די ווערטער פֿון דער תּורה, דאַוונען ייִדן. פֿון דאַנען דער פּחד „טאָמער וועט פֿאַרגעסן ווערן די תּורה, חס ושלום".

דאָס האָט בײַ ייִדן געהייסן לערנען לשמה, לערנען לשם דעם עצם לערנען. איז לערנען געוואָרן אַ ציל פֿאַר זיך גופֿא. לייגט אַ פֿאָלק אַרײַן אין דעם פּראָצעס פֿון לערנען זײַן נשמה, פֿאַרבינדט אַ פֿאָלק מיט דעם פּראָצעס פֿון לערנען דעם הייסן באַגער צו לעבן; פֿאַרבינדט אַ פֿאָלק מיטן לערנען דעם גורל פֿון קיום האומה, — באַקומט דעמאָלט דאָס עצם לערנען אין זיך דעם פֿאָלקס נשמה, ווערט דאָס עצם לערנען אַ באַזיס פֿון פֿאָלקס קיום אויף דער וועלט.

האָבן די אומות העולם קיינמאָל ניט פֿאַרבונדן זייער קיום מיט לערנען. איז בײַ זיי לערנען תּמיד אַ מיטל, אַ וועג צו עפּעס אַ צווייטן ציל. דאַרף דאָס לערנען דינען ניט דעם קיום פֿון פֿאָלק, נאָר זײַן באַקוועמקײַט. קיין לשמה, קיין ציל אין זיך גופֿא האָט דאָס לערנען שוין ניט געקענט זײַן. איז לערנען געווען אַ פּריווילעגיע פֿון אַ טייל פֿון פֿאָלק, האָט דאָס לערנען געטראַגן אין זיך דעם גײַסט פֿון אַט דעם טייל, פֿון די פּריווילעגירטע, דעם תּכלית געדאַנק, אָבער בשום אופֿן ניט די נשמה פֿון פֿאָלק. עס האָבן געקענט זײַן געהויבענע גײַסטער וואָס האָבן וויסנשאַפֿטן אויפֿגעהויבן הימל־הויך, אָבער בדרך כּלל זײַנען וויסנשאַפֿטן ערדיש, צו דינען דעם מענטשן, דעם שטאַרקן, דעם פּריווילעגירטן. און דעריבער האָבן וויסנשאַפֿטן געקענט דעגראַדירן ביז צו ווערן משרתים בײַ דער טעכניק אין די הענט פֿון איטלעכן וואָס האָט די מאַכט. דעריבער האָבן וויסנשאַפֿטן געקענט העלפֿן דעמאָראַליזירן די וועלט, געקענט העלפֿן גרינגער, גראָמער, פֿרײַער צו מאַכן אַלע צאַמען וואָס האָבן געצאַמט די פּרימיטיווע אָדער גאָר שעדלעכע אינסטינקטן. תּורה קולטיווירט דעם מענטשן גופֿא, זײַן „איך"; וויסנשאַפֿט אָבער פּראָדוצירט פֿאַרן מענטשן. די צאַמט אײַן,— די צווייטע — פֿאַרקערט, צעברעכט די צאַמען.

## 3. וואָס איז לערנען און וואָס מיינט תּורה?

אַפֿילו די עצם באַגריפֿן „תּלמוד תּורה" — לערנען די תּורה, זײַנען ספּעציפֿיש, אַנדערע ווי די, וואָס עס וואָלטן אַרײַנגעלייגט אין די זעלביקע ווערטער אײַראָפּעער. דער „לערנען" איז דאָך אַלעמאָל אַ מיטל, וואָס דאַרף דערפֿירן צום ציל „וויסן". לערנען איז

4) א. דברי תורה מכוונין את לומדיהם מדרכי מיתה לדרכי חיים (חגיגה ג ב׳).

ב. כל העוסק בתורה לשמה, תורתו נעשית לו סם חיים: וכל העוסק בתורה שלא לשמה נעשית לו סם מות (תענית ז׳ א׳).

ג. בשביל עצלות שהיתה בישראל שלא עסקו בתורה נעשה שונאו של הקדוש ברוך הוא מך, ואין מך אלא עני (תענית ז ב׳).

(דער ייִדישער נאָט ווערט שוואַך און אָרעם ווען ייִדן לערנען ניט קיין תּורה).

א פראצעס, וואס באשטייט פון עטלעכע מדרגות: א) באגרייפן, פארשטיין, און ב) פארגעדענקען. דער אלגעמיין נאציאנאלער צוועק פון לערנען איז תמיד — פארשפרייטן וויסן אין פאלק. זיינען די צוויי מאמענטן דערגרייכט — איז דער אינהאלט פארשטאנען געווארן און געבליבן אין זיכרון, איז די אויפגאבע פון לערנען געענדיקט. אין דער יידישער טראדיציע אבער איז דער אינהאלט פון באגריף "לערנען" לגמרי אן אנדערער. דא איז "לערנען די תורה" גלייך בערך צו "איבערפורעמען די תורה". כדי זי זאל פאסן צום לעבן פון היינטיקן טאג. וויסן און געדענקען זיינען בלויז פארבאדינגונגען צום לערנען. לערנען הייסט "מחדש חידושים" זיין אין די ווערטער פון דער תורה, דאס הייסט, פשוט אריינלייגן אין די ווערטער פון אמאל אן אינהאלט פון היינט און "עס איז אוממעגלעך א בית־מדרש אן חידושים". לערנען הייסט "אנטפלעקן נייע געשטאלטן אין דער תורה". לערנען הייסט צונויפבינדן די תורה מיטן לעבן. ביידע מוזן זיי שטימען צווישן אנאנד. די תורה קען ניט זיין ווי א פראדוקט פון איין דור, זי קען ניט געהערן צו איין געשיכטלעכער תקופה. ניין. אלע דורות יידן דארפן קוקן אויף זיך ווי זיי אליין וואלטן געשטאנען אויפן בארג סיני, ווי זיי, ווי זייער דור וואלט באקומען די תורה איז זייער דור, צוגעפאסט צו זייערע באגריפן, צו זייער לעבן. און דעריבער איז "ניטא גארניט, וואס זאל ניט האבן קיין רמז אין דער תורה". אלץ איז אנגעדייט דארטן און די אויפגאבע פון לערנען איז דאס צו אנטפלעקן, אויפצודעקן אט די רמזים, ווייל עס טאר ניט זיין קיין שום דיסטאנץ צווישן תורה און לעבן. און "אלץ וואס א תלמיד וועט מחדש זיין איז געגעבן געווארן משהן אויפן בארג סיני". ד"ה, אז אלץ, וואס ווערט געדרשנט אין דער תורה איז אזוי וויכטיק, אזוי הייליק, ווי דאס, וואס איז געגעבן געווארן אויפן בארג סיני. פון די ערשטע פרושים מיט זייער "פסוק לי פסוקך" (זאג מיר דן פסוק, וואס דו האסט געלערנט, כדי צו וויסן וואס צו טאן אין לעבן) ביז אונדזער גוטן פריינד טביה דעם מילכיקער, וואס קען דאס פערדל קיין שמיץ ניט טאן אן א פסוק, — איז לערנען תורה — אריינפאסן זי אין לעבן. לערנען איז אייגנטלעך פראדוצירן נייע און נייע באגריפן, געדאנקען און זיי אריינלייגן אין די זעלביקע ווערטער. לערנען איז א פראצעס פון שאפן, פון כסדרדיקן קנעטן און איבערקנעטן די ווערטער און פסוקים פון דער תורה, כדי זי זאל שטימען מיט אלע אינהאלטן פון לעבן און מיט אלע געדאנקען, וואס דאס לעבן האט ארויסגערופן. לערנען, מיט איין ווארט, הייסט ארייננדרשנען אין די פסוקים פון דער תורה דאס גאנץ לעבן און ארויסדרשנען פון זיי אלע אידעען און געדאנקען, וואס דאס לעבן האט ארויסגערופן. "הפוך בה והפוך בה דכולה בה" (זוך און זוך, ווייל אלץ איז אין איר). דער אידעאל פון לערנען איז אנקניפן "תלי תלים של הלכות" אויף יעטווידער צוק פון אן אות פון דער תורה.

און דאס אלץ צוליב וואס?

— ווייל אויך דער באגריף "תורה" האט אין זיך א ספעציפישן אינהאלט וואס האט, דאכט זיך, ניט זיין גלייכן ערגעץ אנדערשוו . . . "תורה" איז ניט וויסנשאפט, ניט ליטעראטור. ניטא אין דער יידישער קולטור־טראדיציע קיין באגריף פאר ליטעראטור. פאראן ביי יידן ספרים, יידן זיינען דער "עם הספר", אבער די געזאמטקייט פון די ספרים — אדער זיי זיינען דאס לעבן ממש, אדער זיי זיינען גארנישט, אינגאנצן איבעריק. קיין ליטעראטור, עטוואס, וואס דארף פארשענערן דאס לעבן, באפוצן; וואס דארף פאר א מענטשן שאפן א מעגלעכקייט צו פארגעסן די שווערקייטן פון לעבן, אפט א מיטל פון פארווײלונג, ליטעראטור, ווי א מקור פון עסטעטישן פארגעניגן, פון עסטעטישן גענוס, — אזא ליטעראטור איז ביי יידן ניט געווען. ספרים זיינען אדער צום לערנען, אדער מען דארף זיי ניט לגמרי. תורה דארף העלפן דער מאראלישער פארטיפונג, פארבעסערונג. תורה איז לויט דעם עטימאלאגישן באטייט פון ווארט, אנווייזונגען, באלערנונגען פון פיר, פון לעבנס־גאנג. און דעריבער קען די תורה ניט זיין קיין אפגעשלאסענע, קיין פעסטגעשטעלטע און פארענדיקט פיקסירטע. אין דעם מאמענט ווען די תורה ווערט אפגעריסן פון טאג־טעגלעכן לעבן, ווען מען הערט אויף פון איר צו שעפן פסוקים פאר דעם געברויך פון היינטיקן לעבן, — אין דעם מאמענט, הערט אויף די תורה צו זיין א "תורה", זי ווערט א ליטעראטור אוצר, א ביבליאטעק, אבער ניט קיין תורה, וואס דארף לעבן און ווירקן אויפן לעבן אלע טאג און אלע צייטן, און לערנען ווי צו לעבן.

אזא תורה, וואס מען קען זי ניט צונויפבינדן צו איין ארגאנישן גאנצן מיט דעם לעבנס־שטייגער, לעבנס־גאנג ("הלכה"), מיט דעם פיר פון פאלק, מיט דעם אינהאלט פון לעבן, פון לעבעדיקע מאסן, — אזא תורה איז אן אפגעריסענע, א "תורה שבכתב", און אזא תורה אן דער פאלקס־קולטור, איז ביי די פרושים געווען א "ספר של צדוקים", וואס מען דארף אים באזייטיקן, "דן זיין לגניזא". אזא תורה שבכתב אליין קען ניט אפשיידן יידן פון אומות העולם און "ניט צוליב איר האט גאט פארשניטן א בונד מיט יידן, נייערט צוליב דער תורה שבעל פה". און דעריבער איז דאס לערנען מיט קינדער די תורה שבכתב "וויכטיק און ניט־וויכטיק" (מידה ואינה מידה), אבער לערנען תלמוד — "ניטא קיין וויכטיקערס". און דעריבער איז שוין אין תלמוד געווען געווארנט ניט צו לערנען צופיל קיין מקרא (תנ"ך). אמר רב: כיון שיצא אדם מדבר הלכה לדבר מקרא, שוב אין לו שלום (חגיגה י' א'). (דער וואס גייט איבער פון הלכה צו תנ"ך לערנען, דער האט מער ניט קיין שלום).

"ווען די תורה וואלט געגעבן געווארן אן אפגעשניטענע (א פארענדיקטע), וואלט די פוס ניט געהאט קיין מעגלעכקייט צו שטיין" (ירושלמי, סנהדרין, פ' ד' ה' א'), און דעריבער זיינען "דברי תורה געגליכן צו פלאנצן, אזוי ווי יענע וואקסן און מערן זיך, אזוי וואקסן און מערן זיך אויך די דברי תורה". און דעריבער איז "יעטווידער זאך וואס דו הערסט פון א קליינעם מענטשן פון ישראל, און עס געפעלט דיר, זאל עס זיין ביי דיר, ווי דו וואלסט עס געהערט פון משה רבינו" (ירושלמי, סנהדרין פרק, ה' א').

אזוי ארום זעען מיר, אז דער באגריף "תלמוד תורה" איז איינער. דען אן לערנען, אן "תלמוד" איז ניטא קיין תורה. די עצם תורה איז א פראדוקט פון: א) פאלקסטימלעכן שטייגער און גאנג פון לעבן ("הלכה"), ב) פאלקסטימלעכן ליטערארישן באגאזש ("אגדה"). ביידע צוזאמען זיינען דאס די "תורה שבעל פה". און זי מוז פארבונדן ווערן מיט דער טראדיציע ("מסורה"), ווייל אין קולטור־לעבן האט בלויז דאס פון דעם היינט א ווערט, וואס עס שטאמט ארגא־

ניש פון נעכטן און "יעטווידער תורה, וואס האט ניט קיין אפשטאם (בית־אב), איז ניט קיין תורה". און דאס אלץ האט זיך גענויטיקט אין א חיזוק און סאנקציע פון א סמך אין דער תורה שבכתב, עס איז נויטיק געווען תמיד אנצווייזן דעם "מן התורה מנין" 5). דאס איז די אויפגאבע פון דעם לערנען. און אזוי ארום איז דאס דער "ותלמוד תורה" געווארן דער איינציקער און גאנצער יסוד פון יידישקייט, פון קיום פון פאלק. וואס האט געדארפט פארבייטן אלע אטריבוטן פון נאציאנאלן קיום, ווי מלוכה, מדינה, דינאסטיע, קולט, נאציאנאלע גיטער, רייכטימער אא"וו. דאס איז געווען דער באוויסטזיניקער און גוט דורכגעטראכטער צוגאנג צו די פראבלעמען פון נאציאנאלן קיום פון די פרושים, די וואס האבן די דערציִונגס־טראדיציע ביי יידן אנגעהויבן און איינגעשטעלט. כדי דאס צו באשטעטיקן וועל איך ברענגען א משל פון תלמוד גופא:

"איינמאל בין איך געגאנגען אין וועג און עס האט מיך געפונען א מענטש, וואס האלט פון מקרא און האלט ניט פון משנה, האט ער צו מיר אנגעהויבן מיט צדוקישע דרכים; די מקרא איז פון סיני, אבער משנה איז ניט געגעבן געווארן אויפן בארג סיני. האב איך אים געענטפערט, אז מקרא און משנה זיינען פון גאטס מויל (מפי הגבורה), און איך האב אים ממשיל געווען א משל: א מלך האט געהאט צוויי קנעכט און האט זיי ביידן ליב געהאט, האט ער ביידן געגעבן צו מעסטלעך ווייץ און צו בינטלעך פלאקס. האט דער קלוגער קנעכט געמאכט פון פלאקס א שיינעם טישטוך און פון ווייץ האט ער אויסגעבאקן געבעקס. דער נארישער קנעכט האט די מתנה באהאלטן און זי געהיט. איז דער מלך אמאל געקומען צו זיינע קנעכט: "קינדער מיינע, ווייזט מיר מיין מתנה!" האט דער קלוגער געדעקט דעם טיש מיטן שיינעם טישטוך און געלייגט די גוטע חלה אויפן טיש. דער צווייטער אבער האט ארויסגעטראגן די ווייץ אין א קעסטל און פלאקס אין א בינטל... ווי צו דער בושה, ווי צו דער חרפה. אזוי אויך מיט גאט, וואס האט געגעבן די תורה ווי ווייץ צום מאלן און ווי פלאקס צום וועבן און צום נייען (לויט דעם "ספר האגדה").

דעם גרויסן אונטערשייד צווישן דעם יידישן "לערנען" און דעם ניט־יידישן "אויסלערנען" האט דאס פאלק אויסגעדריקט ווי תמיד ביי יידן מיט א וויץ און א בייסיקער מעשה: — אז עם־הארץ איז רייך געווארן און איז גבאי אין א קאנגרעגיישאן. קומט ער איינמאל אין שול און איז מודיע — ער האט ארויסגעטריבן דעם אלטן רב. — ס'טייטש, פארוואס? פארוועס? א ייד זיצט כל ימיו על התורה, וואס האט איר צו אים? — אט דאס איז איז דאס טאקע. איך האב צוויי זין אויסגעהאדעוועט. איינער איז לאיער, דער צווייטער דאקטאר. א מטמון מיט געלט האבן מיר אפגעקאסט זייערע ביכער צום לערנען. איצט אבער זיינען זיי שוין אויסגעלערנט, זיי דארפן קיינמאל ניט א קוק טאן אין זייערע אלטע ביכער, — און ער, אזא אלטער מאן און מוז נאך לערנען גאנצע טעג און נעכט... זאל ער זיך פריער אויסלערנען, נאכדעם וועל איך אים נעמען פאר א רב!.. (געהערט אין וויניפעג פון פר' קארפ).

אזוי ארום איז לערנען תורה געווען דאס פורעמען און פארמולירן דעם פאלקסטימלעכן גייסטיקן באגאזש, דאס סיסטעמאטיזירן און פאראיינהייטלעכן דעם יידישן פאלקסטימלעכן שטייגער לעבן ("הלכה"). לערנען תורה האט געהייסן כסדר מטפל זיין זיך מיט דעם פאלקסטימלעכן אינהאלט פון לעבן און פון אים שאפן קולטור־ווערטן. אפילו א טערמין איז געווען א פאסיקער: "עוסקים" בתורה. "אויסלערנען" די תורה איז אוממעגלעך. אויסלערנען קען מען א זאך, וואס האט אן אנהויב און א סוף. עס לאזט זיך זאגן "געענדיקט". די תורה פלעגן אבער די יידן פארגלייכן צו א קוואל ("מים חיים") אדער צו א ים. כל זמן עס לעבט דאס פאלק און כל זמן אין פאלקס לעבן זיינען פאראן ספעציפישע לעבנס־עלעמענטן,— קען זיך דאך אויך די תורה ניט אויסשעפן, ווייל די תורה דארף דאך זיין א פראדוקט און א פונקציע פון לעבן. הערט אויף די תורה, הייסט עס, אז עס האט אויפגעהערט דאס באזונדערס, דאס ספעציפישעס אין יידישן לעבן, דאס "מיסטוריון", הייסט עס, אז עס זיינען ניטא קיין יידן ווי א באזונדערס קאלעקטיוו, גאנץ איינס. אזוי ארום איז "לערנען תורה געווען אידענטיש מיטן באגריף "שאפן יידישקייט".

## 4. וואס לערנען

בנוגע צו דער פראגע וואס צו לערנען זיינען די טראדיציע יידן געווען גרויסע קפדנים. פון דער תורה שבכתב האבן זיי אפגעקליבן די פיר און צוואנציק ספרים (עשרים וארבע, פון דאנען אין יידיש דער פארגרייזטער "שווארבע"). אלץ, אלע ספרים, וואס זיינען געווען צו אינדיווידואליסטיש, וואס זיינען ניט אריין אין פאלק אריין, האבן זיי, די פרושים, באזייטיקט. און "יעטווידער, וואס ברענגט אריין אין שטוב מער פון פיר און צוואנציק ספרים, ברענגט א מהומה אין שטוב צו זיך".

אלץ וואס עס האט געהאט עפעס א זייטיקע טענדענץ, איז אויסגעשלאסן געווארן (די חשמונאים־ספרים, למשל, ווייל זיי האבן גלאריפיצירט די דינאסטיע). אויך די פיר און צוואנציק ספרים דארף מען ניט לערנען צופיל. אין תלמודישע זאמלונגען, באווייזט ערגעץ ביאליק, זיינען געווען ספרים וועגן מאטעמאטיק, אסטראנאמיע, באטאניק. דאס אלץ איז באזייטיקט געווארן, ווייל תורה לערנען הייסט בלויז דאס, וואס איז יידישקייט. די פרושים האבן ווי די יורשים פון די נביאים, באזייטיקט אין יידישקייט יעטווידער נייגונג צו נאציאנאלע אייגנטימער, רייכקייטן, צו נאציאנאלע גיטער (דאס הייליק שניידערל פארברענט די שול אין זלאטשעוו, "קידוש השם", פון אש). אזוי אויך האבן זיי ניט דערלאזן עס זאלן זיך שאפן סתם ביבליאטעקן פון ספרים — אדער תורה, אדער גארניט. אלץ, וואס מען קען ניט פארווענדן אויף צו פארשטארקן די פראקטיק פון טראדיציע (הלכה) און אידעען (אגדה), איז איבעריק. קיינע טויטע הייליקייטן!

אויך די גאונים האבן קלאר און דייטלעך געעצהט ניט לערנען צופיל מקרא: "מנעו רגליכם מן ההגיון" — דערקלערט דער גאון רב האי — לא תרגילם במקרא יותר מדאי. און טשיכאווע איז דער

5) אט איז א משנה אין חגיגה (י׳ א׳) היתר נדרים פורחין באויר ואין להם על מה שיסמכו; הלכות שבת, חגיגות והמעילות הרי הם כהררים התלויים בשערה, שהן מקרא מועט והלכות מרובות. די טראדיציע האט געשאפן א סך מנהגים. שפעטער ערשט האט מען זיך ארומגעזען, אז עס פעלן פסוקים פאר זיי. זיינען זיי ווי בערג וואס האלטן זיך אויף א האר.

מאָטיװ: משום דמשכא — עס ציט צו קאַראַימיש־קייט... (לויט ש. אסף׳ס "מקורות לתולדות החנוך", 2). און אַזױ איז געבליבן די טראַדיציע די גאַנצע צײַט: מען לערנט אין חדרים חומש און װאָס פֿריער נײט מען איבער גלײַך צו גמרא. נ"ך (נביאים און כתובים) לערנט מען װייניק און צופֿעליק אָדער גאָר ניט.

אַנגענומען זיך די "קריװדע" פֿון תנ"ך האָבן אין צײַט פֿון תלמוד די צדוקים. אין צײַט פֿון די גאונים זײַנען די קעמפֿער פֿאַר תנ"ך און העברעיִש געװען די קאַראַימער. דאָס האָבן זיי געלאַכט פֿון די "דברי אשורים וארמים שהוא לשון חרפה לאנשי הגולה" (די אַשורישע און אַראַמישע װערטער זײַנען אַ שאַנדע שפּראַך פֿאַר דעם גלות). אָדער —

שבעבורו נשו העברים לשונם
ועשו בו חכמתם והגיונם,
לשון עלגים
ובמקרא שוגגים
ובפתרונם נמוגים
ומן הפשט נסוגים
ולא ידעו ולא יבינו
ובחושך ילינו 6).

מען װאָלט געקענט מײנען, אַז דאָס האָט געשריבן עמיצער פֿון די משכילים קעגן דעם "זשאַרגאָן" און די "מורדי אור". ערשט, — עס איז פֿון אַ קאַראַימישער שריפֿט, ציטירט לויט די "לקוטי קדמוניות", כ"ר. (געבראַכט אויך בײַ דר׳ טשאַרנא, אין "התקופה" כ׳ ז׳ 243, װעגן דעם זע אויך דר׳ מאַהלער, "ייִװאָ־בלעטער" 8, 4).

פֿון דעם פֿאַקט װאָס חזרט זיך איבער בײַ די צדוקים, בײַ די קאַראַימען, בײַ די משכילים; אין אַל־טערטום, אין מיטלאַלטער און אין דער נײַער צײַט קען מען אַרויספֿירן אַ געזעץ אין דער ייִדישער געשיכטע: אַלע באַװעגונגען װאָס האָבן באַקעמפֿט די פֿאָלקסטימ־לעכע טראַדיציע אין נאָמען פֿון תנ"ך און העברעיִש, האָבן געפֿירט צום אומקום פֿון ייִדישקײט בכלל און בתוכם אויך פֿון העברעיִש און תנ"ך פֿאַרשטײט זיך. אָבער ניט דאָס איז אונדז איצט װיכטיק. װיכטיק איז, אַז די ייִדישע דערציִונג־טראַדיציע האָט אויפֿן ערשטן אָרט אין לערנען געשטעלט די פֿאָלקסטימלעכע תורה שבעל פּה.

װען אָבער די אַלטע תורה שבעל פּה אַליין איז געװאָרן אַ תורה שבכתב, צו װײַט פֿון דעם הײַנטיקן לעבן, װען עס איז געװאָרן שװערער דורך דרושים און דרשים צו פֿאַרבינדן די טעקסטן מיט דעם לעבן, — װען דאָס איז געװאָרן אַלץ שװערער, — האָבן זיך אין דער טראַדיציאָנעלער ייִדישקײט גופֿא אָנגעהויבן רעװאָלוציעס. אײנע אַזאַ רעװאָלוציע קעגן דער אָפּגע־ריסנקײט און װײַטקײט צװישן תורה און דעם לעבן איז געװען חסידיזם. דאָס האָט ער זיך באַמיט אונ־טערצושפּאַרן אונטער ייִדישקײט אַ נײַעם פֿונדאַמענט פֿון פֿאָלקסטימלעכן אינהאַלט. אַנשטאָט דער "קאַל־טער און טרוקענער" תורה, האָט ער געזוכט צו בויען ייִדישקײט אויף תורה פֿון "װאַסערטרעגער און האָלצ־העקער". אין דעם זינען װאָלט די חסידישע באַװעגונג געקענט זײער פֿיל אויסלערנען די מאָדערנע פֿאָלקס־טימלעכע באַװעגונגען, אויב די לעצטע װאָלטן מיטן גאַנצן האַרצן געװען פֿאָלקסטימלעכע טעכטער ניט פֿון דער השכלה, נאָר פֿון דעם חסידיזם. אָבער די פּראָב־לעם איז דאָ אַ זײַטיקע.

---

די ייִדישע דערציִונג האָט גאָרניט געטראַכט װעגן פֿיזישער דערציִונג, פֿון גימנאַסטיק. האַלטנדיק אַזױ טײַער דאָס לעבן פֿון יעטװידער פּשוטן מענטשן, היטנדיק כסדר דעם "ושמרתם מאד לנפשותיכם". האָבן ייִדן דאָך ניט געפֿראַװעט קײן פֿיזישע דערציִונג. פֿון פֿאַרצײַטן ביז דער "דענװער באָלאָדע", פֿון ה. לייװיק, איז בײַ ייִדן "פּיקוח נפש", און דאָך האָט מען קײן־מאָל קײן גימנאַסטיק ניט געפֿראַװעט. די פֿאַרצײַטיקע ייִדן האָבן דאָס געזען בײַ די העלעניזירטע פֿעלקער. עס זײַנען געװען פּרוּװן דאָס אַרײַנצופֿירן בײַ ייִדן, אָבער די ייִדישע טראַדיציע האָט דאָס מיט ביטול אָפּ־געװאָרפֿן. פֿאַרװאָס?

עס איז קענטיק בײַ ייִדן פֿון די פּרושים אַן גע־װען אַ געפֿיל, אַז פֿיזישע דערציִונג איז ניט באַצװעקט דורך שטרעבן צו געזונטקײט, נאָר זי איז אַ מדרגה פֿון מיליטערישער דערציִונג, און דעם מיליטאַריזם האָט די ייִדישע טראַדיציע פֿײַנט געהאַט אין אַלע זײַנע גע־שטאַלטן. גענוג זיך צו דערמאָנען דעם ביטול, װאָס ייִדן פֿלעגן אַרײַנלײגן אין דעם װאָרט "יאַװן". דאָס שטאַמט פֿון העברעיִשן "יון" — גריך. עס מוז שטאַ־מען פֿון יענע צײַטן, װען ייִדן האָבן זיך באַגעגנט מיט גריכישע, סירישע און אַנדערע העלעניזירטע זעלנער, אָפֿט געדונגענע, און עס איז אַזױ געבליבן אין פֿאָלקס־מויל װי אַ זידל־װאָרט פֿאַר אַ באַװאָפֿנטן מענטשן. און אויף פֿיזישע איבונגען, װעט־קאַמפֿן, גימנאַסטיק האָבן ייִדן געקוקט װי אויף אַ "יעװאָנישע דערציִונג", "פּויסט — ידי עשו".

איז דאָ בײַ דער ייִדישער טראַדיציע געװען אַ גרױסער טעות? איך מײן, אַז ניט. אין דער אמתן איז גימנאַסטיק, ספּאָרט, פֿאַרמעסטונגען און פֿאַר־װעטונגען, תמיד אַ שפּיל אין קאַמף, אַ דערציִונג אַ מיליטאַריסטישע, אָדער, לאָמיר זאָגן, אַ סובלימאַציע פֿון קאַמף־נײגונגען. דער זאַץ, װאָס שטאַמט פֿון סע־נעקאַ, אַז "אין אַ געזונטן גוף איז אויך אַ געזונטע נשמה", װאָס מיט אים (מיט דעם זאַץ) באַמיט מען זיך תמיד צו באַװײַזן די װיכטיקײט פֿון פֿיזישער דער־ציִונג, — דער זאַץ איז לגמרי ניט תמיד ריכטיק: אויב מען זאָל פֿאַר אַ בײַשפּיל נעמען די רוימישע באַ־פֿעלקערונג אויך אין די צײַטן פֿון פֿון סענעקאַ װעט די געזונטקײט פֿון נשמה מיט דער גאַנצער צעלאָזנ־קײט, װילדקײט, מיט די נעראָנישע נײגונגען, גאָר ניט שטימען מיט דער געזונטקײט פֿון גוף. די געזונטקײט פֿון דער נשמה בײַ די פּויסטלער, באָקסער וכדומה איז אויך ניט פּראָפּאָרציאָנעל צו דער געזונטקײט פֿון זײער גוף. קריגערישע שטאַרקע פֿעלקער זײַנען לגמרי ניט תמיד גײַסטיק און מאָראַליש בעסער 7). װען מיר זאָלן נעמען פֿאַר אַ קריטעריום פֿון געזונטקײט די שטאַרביקײט און די װידערשטאַנדיקײט קעגן קראַנ־

6) צוליב אים (אראמישן לשון) האבן יידן זייער שפראך פארגעסן.
און אין אים האבן זיי געמאכט זייער חכמה און טראכטן.
א צעדרייט לשון.
און אין מקרא גרייזן זיי,
און אין דערקלערונגען בלאנדזשען זיי,
פון פשט טרעטן זיי אפ,
ניט זיי ווייסן, ניט זיי פארשטייען,
און בלייבן אין דער פינצטער (בנוגע צו דער תורה).

7) דער פיזישער און גייסטיקער צושטאנד פון דער אמע־ריקאנער יוגנט איז אויך לגמרי ניט פראפארציאנעל צו דער פאר־שפרייטונג פון ספארטן און שפילן אין לאנד.

קײַטן, זײַנען ייִדישע מענטשן זײַענדיק שוואַך אין כּוח, אין מוסקולן און פֿויסטן, געווען געזונטער פֿון אַנדערע "געזונטע" פֿעלקער. און דאָס איז דערגרייכט געוואָרן דורך אײַנגעהאַלטנקייט אין געשלעכט־לעבן, אין אַלקאָהאָל און עסן, און ניט אין . . . פֿיזישע פֿאַרווײַלונגען, ווי געשלעג און פֿאַרמעסטונגען. עס קומט אויס, אַז בײַ ייִדן האָט אַ געזונטע נשמה (אַן אײַנגעהאַלטענע, אַ באַהערשטע און אַן אויסגעהאַלטענע), געווירקט געזונט צו מאַכן דעם גוף. "בײַ אַ געזונטער נשמה איז אויך דער גוף געזונט", בכל אופֿן עס פֿאַרהאַרטעוועט אים קעגן פֿאַרשיידענע פֿיזישע קראַנקייטן און פּלאָגן.

---

פֿאַר וועלטלעכע וויסנשאַפֿטן האָט די ייִדישע טראַדיציע קיין צײַט ניט געלאָזן. עס איז געווען אויסער דער פּראָגראַם פֿון ייִדישקייט, פֿון תּורה. נאָך אין די צײַטן פֿון תּלמוד האָט זיך אײַנגעשטעלט אַזאַ באַציִונג. "חכמת יונית" מעג מען לערנען ערשט ווען עס איז ניט טאָג ניט נאַכט (מנחה צײַט). און לערנען חכמת יונית איז גאָר "פֿאַרשאָלטן זאָל ער זײַן" (ב"ק פ"ב:). מער ניט אַ מיידל איז יע דערלויבט, ווײַל "עס איז פֿאַר איר אַ צירונג".

דער אַסטראָלאָג און תּלמודיסט, שמואל באַרימט זיך, אַז אַסטראָלאָגיע האָט ער געלערנט בלויז, ווען ער איז געווען אין אַזוינע ערטער וווּ מען טאָר קיין תּורה ניט לערנען.

די וועלטלעכע וויסנשאַפֿטן אויף וויפֿל זיי האָבן ניט קיין דירעקטע שײַכות צו ייִדישקייט און צום קיום פֿון ייִדישקייט, האָבן בלויז בכן געקענט שאַדן ברענגען דעם הויפּט צוועק פֿון דערציִונג און זיי זײַנען באַזײַטיקט געוואָרן פֿון דער טראַדיציע. אמת, פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגן זיך טרעפֿן יחידים, וואָס זײַנען געווען צופֿעליק, אויף דעם אָדער יענעם אופֿן באַהאַוונט אויך אין וועלטלעכע וויסנשאַפֿטן, אָבער די נאָרמע איז געווען די פֿאַרקערטע.

אויך האָבן די עסטעטישע געביטן ניט פֿאַרנומען קיין אָרט אין דער דערציִונג. ערשטנס, ווידער אַמאָל האָט די טראַדיציע אײַפֿערזיכטיק געפֿאָדערט די גאַנצע צײַט דעם הויפּטצוועק. צווייטנס, האָט דאָך דאָ געווירקט דער אַלגעמיינער טראַדיציאָנעלער פּרינציפּ ניט צו פֿאַרוואַנדלען קיין שום מאַטעריעלן קעגנשטאַנד אין אַ זעלבסטשטענדיקן ווערט פֿון ייִדישקייט אָדער פֿאַר ייִדישקייט. אָפּגעבן זיך מיט עסטעטישער דערציִונג, דערציִען צו עסטעטיק, געוויינען שאַפֿן, מאַכן קונסטווערק, וואָס קענען איבערציִען צופֿיל די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון תּוכן צו פֿאָרם, דאָס האָט די טראַדיציע ניט דערלאָזט.

---

## 5. מאָנאָצענטריזם אין דער ייִדישער טראַדיציע

פֿאַרוואָס אַזאַ אומטאָלעראַנץ צו דער חכמת יוון? — קיין נענטערע און ברייטערע אַרויסזאָגונגען האָב איך ניט געפֿונען אויף דער טעמע. אָבער די פֿראַגע איז דאָך ניט בלויז אַ דעמאָלטיקע, זי איז דאָך אַן אַלגעמיינע פֿראַגע אין ייִדנטום פֿון אַלע צײַטן און אין אַלע לענדער, זי עקזיסטירט דאָך איצט אויך ניט ווייניקער ווי אַמאָל. איז לאָמיר נעמען די פֿראַגע אין איר אַלצײַטיקער אַקטועלקייט.

לאָמיר נאָך איין מאָל זיך דערמאָנען: די פּרושישע ייִדישקייט איז געווען אַ גלותדיקע אין דעם זינען ניט וואָס זי האָט געוואָלט דעם גלות ווי דאָס ווי״ן תּמיד אַ סך ריכטונגען בײַ ייִדן וואָס זײַנען אַנטיפּאָדיש ווײַט פֿון די פּרושים. די לעצטע האָבן מיטן אייביקן גלויבן אויף דער ענדגילטיקער באַפֿרײַונג פֿון גלות דאָך געגלויבט און זיך באַמיט אײַנצוהאַלטן ייִדישקייט אויך אין גלות. דאָס האָט געקענט און קען איצט דערגרייכט ווערן בלויז ווען דאָס גאַנץ לעבן איז קאָנצענטרירט אַרום איין גײַסטיקן צענטער. עס איז ניט קיין פֿראַגע פֿון שענער אָדער בעסערס, — עס איז אוממעגלעך אײַנצוהאַלטן דעם קיום פֿון אַ קיבוץ ווען דאָס לעבן גייט אין צוויי ריכטונגען. איבעריקס האָבן די פּרושים ווי געטרײַע נאָכפֿאָלגער פֿון די נביאים ניט געגלייבט אין דער וויכטיקייט פֿון אַלע אַנדערע נאַציאָנאַלע צענטערס אויסער דער גײַסטיקער פֿאַרזיכיקייט. די גאַנצע תּורה ווערט ניט מיד אונטערצושטרײַכן, אַז איטלעכער אָפּנייג פֿון דער איינגענער טראַדיציע מוז פֿירן צום אומקום: אליהו פֿײַערט קעגן דעם גײַסטיקן דוצענטרישן "שתּי הסעיפֿים" — אָדער אַהער, אָדער אַהין, קיין צוויי געטער, צוויי וועגן קענען ניט זײַן, מיט צוויי קולטורן קען אַ פֿאָלק ניט לעבן. און אַזוי ווײַטער אַלע נביאים און צווישן זיי דער טיפֿסטער, דער באַגרינדער פֿון גלות־ייִדישקייט, ירמיהו. ער וואָרנט און זעט ווי זײַנע וואָרנונגען ווערן מקוים: ניין, ניט לאַנד, ניט הייליקייטן, ניט דינאַסטיע, ניט טעמפּלען — קיינע מאַטעריאַלע, נאַציאָנאַלע פֿאַרמעגנס, נאָר דער גײַסטיקער "פֿאַר זיך" אין לעבן, אין שטייגער, אין פֿיר — בקיצור — דער קיום פֿון פֿאָלק קען זײַן געזיכערט דורך דער פֿאַרזיכיקייט אין גלויבן, אין לעבן־שטייגער. די פּרושים האָבן דורכגעפֿירט אין לעבן וואָס די נביאים האָבן געלערנט אין טעאָריע. אין גלות, אין צוזאַמענלעבן מיט אַנדערע שטייגערס איז שווערער אײַנצוהאַלטן די אייגענע אייגנטימלעכקייט, האָבן דעריבער די פּרושים פֿאַרשטאַרקט זייער פֿאַרזיכיקייט אין צוויי ריכטונגען: "לפֿיכך הרבה להם תּורה ומצוות" — וואָס מער סיגים און גדרים אָפּצוזאָמען זיך פֿון אַנדערע, און פֿון דער צווייטער זײַט — דערווײַטערן פֿון אייגענעם לעבן אַלץ וואָס שטאַמט פֿון דער פֿרעמד. דאָס כאַראַקטעריזירט די פּרושים. בנוגע צו איניקע מצוות זײַנען די צדוקים געווען ריגאָרישער פֿון זיי. אָבער אַט די דערווײַטערונג פֿון אַלץ, וואָס האָט אַ פֿרעמדן אָפּשטאַם — דאָס האָבן זיי ניט געוואָלט. די ייִדישע געשיכטע האָט באַשטעטיקט דעם שטאַנדפּונקט פֿון די פּרושים: אַלע צוויי־צענטרישע ייִדישע קיבוצים זײַנען אונטערגעגאַנגען אַז אַ שפּור. דער גרויסער און שטאַרקער קיבוץ אין אַלעקסאַנדריע של מצרים איז אונטערגעגאַנגען נאָר צוליב זײַן קולטורעלן ביצענטריזם. און אַזוי ווײַטער אין גאָר דער געשיכטע: אומעטום און אַלע מאָל. ווען אַ גרופּע ייִדן הייבן אָן צו טראָגן צוויי פּנים, הייבט אָן צו ריידן וועגן צוויי ריכטונגען, צוויי טראַדיציעס, צוויי קולטורן, מעגן דאָס זײַן די הייסטע ייִדן אין זייער באַוווּסטזײַן, פֿירן זיי צום אומקום. פֿון די צען שבֿטים און ביז דער הײַנטיקער השׂכּלה. אַט פֿאַרוואָס די פּרושים, וואָס האָבן פֿאַרמאָגט דעם געזינטסטן נאַציאָנאַלן אינסטינקט, האָבן זיך אַזוי באַצויגן צו דער חכמת־יוון.

עס הייסט ניט לגמרי, אַז די פּרושים האָבן ניט דערשאַצט די וועלטלעכע פֿילאָזאָפֿיע און וויסנשאַפֿטן פֿון די גריכן. פֿאַרקערט, איז קענטיק אַ טיפֿע אַכטונג

צו די "סבי דבי אתונה" (די געלערנטע פון אטען) און צו די "מתוקנים שבהם" (די בעסערע פון זיי). אבער תורה און וויסנשאפט זיינען פאר זיי געווען צוויי געביטן פון לעבן, וואס האבן אנדערע אויפגאבעס און אנדערע וועגן. באמת, וואס זיינען די נאציאנאלע אויפגאבעס פון דער גריכישער וויסנשאפט ? — א העכערע אויסלעבונג פאר די טיפערע פון די פרייע בירגער, דאס איז געווען די שפיל, פארוויילונג פון די בעסערע פון זיי, פאר די שיינע גייסטער צווישן די גריכן, וואס ניט זיי האבן געדארפט זארגן פאר ארבעט און ניט זיי האבן געדארפט איטלעכער באזונדער זארגן פארן קיום פון פאלק. די אויפגאבעס אבער פון יידישן לערנען זיינען געווען עקוויוואלענט ניט צו די פון גריכישער פילאזאפיע, נאר פון דער גאנצער מלוכה פירונג אין לאנד. און די אויפגאבעס זיינען ארויפגעלייגט געווארן אויף די פלייצעס פון איטלעכן יידן. ווער וואלט געזארגט פאר קונסטן און פילאזאפיע, ווען עס שטייט אין קאן דאס לעבן ?

די גריכן און אלע זייערע יורשים לעבן מיטן כוח פון זייער פאליטישער גאנצקייט, האבן זיי זייער פרייע צייט געקענט אפגעבן פאר קונסטן און פילאזאפיע. יידן אבער האבן געלעבט מיט שטייגערישער און תורהדיקער (קולטורעלער) גאנצקייט, האבן זיי פאר פילאזאפיע און קונסטן געקענט אפגעבן אויך נאר זייער פרייע צייט, וואס עס בלייבט זיי פון לערנען.

## 6. דידאקטישע צוועקן פון דער טראדיציאנעלער יידישער דערציונג

אין הסכם מיט די אלגעמיינע נאציאנאלע צוועקן און תכליתים, זיינען אויך געווען די דידאקטישע צוועקן : ווי האט די דערציונג געדארפט געשטאלטן דעם יחיד ? דעם לערנער ? ווי האט דאס לערנען געדארפט משפיע זיין אויף דעם מענטשן ?

דער אלגעמיינער אידעאל פון א דערצויגענעם אין טראדיציע יידישן מענטשן איז געווען א לערנער. א תלמיד חכם, א למדן, וואס איז ניט בלויז א "בקי" (ער ווייס א סך), נאר קען דערמיט זיך באנוצן, שאפן זיך, "תורה איז די בעסטע סחורה". "ווער עס טויג צו א בלאט גמרא, וועט שוין טויגן אויך צו אנדערע זאכן". בכן, — קיין שום אוטיליטאריסטישע צוועקן אין לערנען, אויב דאס לערנען — איז "לשמה".

"יאנקעלע (אדער שרהלעס חתן) וועט לערנען תורה", פלעגט יעטווידער יידישע מאמע זינגען איר קינד אין וויגעלע. "זיינע אויגן זאלן לייכטן אין דער תורה", פלעגן זיך מאמעס ווינטשן און בענטשן. "אויב די תורה איז א ים, — איז ער דער שווימער" ("שוחה בים התלמוד"), "ער רייסט אוים בערג און צעמאלט זיי מיטן כוח פון שכל" — אזוינע טיטולן זיינען געווען גאנגבאר ביי יידן. צווישן די טרוימען, וואס א יידישע מאמע פלעגט טרוימען וועגן איר קינד, איז די בעסטע געווען "א דרשה וועט ער האלטן פאר אלע גרויסע לייט" (איבערהויפט צו דער בר־מצווה, אדער צו דער חתונה. פון דאנען אויך דער טערמין "דרשה־געשאנק")

אין דעם צוגאנג איז בולט די שטרעבונג צו גייסטיקער שעפערישקייט, די זעלבסטשטענדיקייט פון דעם לערנער. ביי די אייראפעישע פעלקער ווערט געשטרעבט צו פארשפרייטן באשטימטע און פעסטגעשטעלטע סכומען פון קאנאניזירטן וויסן. פון דאנען די פעסטגעשטעלטקייט פון פראגראמעס, אלגעמיינע און פאר יעטווידער עלטער, אפט אפילו פאר יעטווידער צייט־אפשניט (חודש, וואך). ביי דער יידישער טראדיציע, איז ניט דער סכום און ניט די פראגראם וויכטיק. א תלמידס צייטיקייט ווערט ביי פעלקער געשאצט דורך דער סכום ידיעות, וואס ער קען באווייזן. ביי יידן ווערט די צייטיקייט באשטימט דורך דער פעיקייט צו לערנען "פאר זיך", מאכן "א לייעניש", זאגן "א חילוק" וכדומה, איינגאנצן אומאפהענגיק פון סכום, אפקלייב פון די מסיכתות, וואס ער האט געלערנט.

דארטן איז אין צענטער פון לערנען דער מאטעריאל, די וויסנשאפטן און דאס וויסן. פארשפרייטן וויסן איז די אויפגאבע. די פעדאגאגיק דארף דעם פראצעס גרינגער מאכן. דער זיכרון — דער וויכטיקסטער געצייג.

ביי יידן איז געשטעלט געווארן אין צענטער דער מענטש, וואס לערנט. דער צוועק איז געווען צו פארוואנדלען דעם תלמיד אין א "לערנער", אבער ניט אין א "ווייסער". דארטן איז דער תלמיד געווען מער א פאסיווער, ביי יידן איז ער, דער תלמיד, — דער אקטיווער. אין דער אייראפעישער שול איז מעגלעך געווען אז א גרויסע צאל לייט זיינען אין שול געווען פארעכנט פאר שלעכטע תלמידים. דאס זיינען בדרך כלל אזוינע, וואס זיינען שוין קינדווייז געווען אויסגעשפראכענע גייסטיקע פערזענלעכקייטן, וואס האבן ניט געקענט ווערן און בלייבן פאסיוו, זיך אונטערגעבן.

אין ישיבה איז, דאכט זיך מיר, אוממעגלעך אנצוווייזן אויף אזא ווידעראנאנד ווי שלעכטע תלמידים, — גרויסע מענטשן, גוטע תלמידים — גארנישטיקע מענטשן. ווייל אויך אין ישיבה פלעגן געשעצט ווערן די אייגנשאפטן פון אייגענער איניציאטיוו און זעלבסטשטענדיקייט פון געדאנק, די זעלביקע אייגנשאפטן, וואס טיילן אוים פעיקע מענטשן בכלל. ביי פעלקער איז דער דידאקטישער צוועק אנצושפייכלערן אין תלמיד וויסן, ביי יידן פלעגט דער צוועק זיין דאס וויסן איבערצוקאכן און פארדייען.

הסידים דערציילן פון ר' מענדל קאצקער : א יונגער מאן האט זיך פאר אים בארימט, אז ער האט אויסגעלערנט גאנץ ש"ס.

— דאס איז זייער שיין. אבער וואס האט דער ש"ס אויסגעלערנט דיך ? — זאל האבן דער רבי געענטפערט. בכן, דאס לערנען דארף משפיע זיין, דערציען אים, דער לערנער.

ביי פעלקער פלעגט מען ביים לערנען אויך זוכן אוטיליטאריסטישע צוועקן. מען דארף די תלמידים צוגרייטן צום לעבן און פארויסזען, וואס אט דאס לעבן וועט פארלאנגען. פון דאנען שטאמען די פארשיידנארטיקע שולן לויט די שטאנדן : פאראכיאל־שולן, שטאטישע שולן אא"וו. ווער רעדט נאך פון די פאזיטיוויסטן און ווייטער. פאר זיי איז דאך די גאנצע דערציונג געווען בלויז אוטיליטאריסטיש. די פראגע איז תמיד געווען בלויז וועמעס נוצן מען איז אויסן, צי די קומענדיקע פריוואטע סאציאל־מאטעריעלע נוצן פון דעם תלמיד גופא אין דער געגעבענער געזעלשאפט (ליבעראליזם), צי די נוצן פון שטאנד, פון קלאס, פון רעליגיע אדער מלוכה, אדער גאר — די נוצן פון דער פאליטישער פארטיי, ווי דאס איז איצט.

בײַ ייִדן איז דאָס דאָך דאָס לערנען געווען דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער צוועק פֿון לערנען, האָט געקענט גילטן דאָ דער פּרינציפּ פֿון "לשמה". לערנען לשם לערנען, אָן וואָסער עס איז אוטיליטאַריסטישער צומישונג.

בײַ ייִדן איז געווען פֿאַררעכנט פֿאַר אַ ירידה דאָס מאַכן פֿון דער תּורה אַ "קרדום להפֿור בו" (אַ געצײַג צום פּראַקטישן געברויך).

און ווידער קאָן דאָס אַמבעסטן באַשטעטיקן אַ ייִדישער וויץ, וואָס גייט איבער דעם פֿאָלקס פֿילאָזאָפֿיע אויף דעם בעסטן און באָלטסטן וועג.

— וואָס איז דער אונטערשייד צווישן אַ פּאַטענט אויף אַ שענק און סמיכה אויף רבנות? — פֿרעגט די וועלט, און מען ענטפֿערט, — אַ פּאַטענט נעמט אַ ייִד אויף אַ גוייִשן נאָמען. סמיכה אָבער נעמט אַ גוי אויף אַ ייִדישן נאָמען (געהערט אַמאָל אין ווילנער ישיבֿה־קרײַזן). אַזאַ אומאַכטונג צום אויסנוצן דאָס לערנען צו פּראַקטישע צוועקן!

אַט די מחלוקת צווישן "לשמה" און "לא לשמה" איז אויך באַקאַנט בײַ אַנדערע פֿעלקער. דאָ פֿיגורירט די מחלוקת צווישן "ריינער" און "אַנגעווענדעטער" וויסנשאַפֿט. אין דער קולטור־געשיכטע פֿון אייראָפּעישע פֿעלקער פֿאַרנעמט דער קאַמף אַ גרויסן אָרט. פֿאַר וויסנשאַפֿט לשמה זײַנען געווען ניט בלויז אַזוינע פּערזענלעכקייטן ווי בעקאָן, גאַלילײ און אַנדערע רעאַליסטן, נאָר אויך דער "אינגאַנצן אַנגעווענדעטער" לויִס פּאַסטער. עס איז באַקאַנט זײַן ווערטל, אַז אין דער פּרייסישער מלחמה האָט דער דײַטשער אוניווערסיטעט מנצח געווען דעם פֿראַנצויזישן פּאָליטעכניקום. אין רוסלאַנד האָט אַ גאַנץ לעבן פֿאַר דער וויסנשאַפֿט לשמה געקעמפֿט ק. טימיריאַזעוו (זע זײַן "דעמאָקראַטיע און וויסנשאַפֿט").

די אומקלאָרע און צעשוווּמענע פֿראַזע פֿון "גרייטן צום לעבן", און דאָס זוכן תּמיד בײַם לערנען דעם אוטיליטאַריסטישן זינען, האָבן זייער פֿיל שאָדן געבראַכט דער מאָדערנער דערציִונג.

## 7. אַקטואַליזאַציע אַנשטאָט היסטאָריזאַציע

פֿון דעם פֿריער געזאָגטן איז שוין גענוג קלאָר, אַז אין ייִדישן לערנען איז פֿאַראַן גאָר אַן אַנדער באַציִונג צום געלערנטן טעקסט. בײַ די פֿעלקער ווען עס ווערט געלערנט אַ טעקסט, אַ קולטור־ווערט, באַמיט מען זיך קודם־כּל פֿעסטצושטעלן זײַנע היסטאָרישע ראַמען, רעסטאַווּרירן זײַן בראשיתדיקן אינהאַלט, זײַן סבֿיבֿה, זײַן כאַראַקטער. עס איז קודם־כּל אַ היסטאָרישער צוגאַנג: מען דאַרף זאָרגן, אַז דער אינהאַלט און פֿאָרם פֿון קולטור־עלעמענטן זאָלן אָפּהיטן אָרט און צײַט ווי ווען זיי זײַנען געגעבן געוואָרן. מען דאַרף בײַ די תּלמידים אין די מוחות אַרויסרופֿן פֿאָרשטעלונגען פֿון די סיטואַציעס, וואָס אין זיי זײַנען די געלערנטע טעקסטן געשאַפֿן געוואָרן. עס ווערט געזוכט דער "היסטאָרישער אמת".

אין דער ייִדישער טראַדיציאָנעלער דערציִונג הערשט בנוגע צו די געלערנטע טעקסטן (און זיי זײַנען דאָך דער עיקר פֿון גאַנצן לערנען!) אַ פֿאַרקערטע באַציִונג: מען באַמיט זיך אַרײַנצופּאַסן דעם טעקסט אין די ראַמען פֿון דער צײַט, ווען ער איז געשאַפֿן געוואָרן, נאָר מען באַמיט זיך אים אַרײַנצופּאַסן אין די לעבנס־סיטואַציעס, וואָס זײַנען הײַנט צו טאָג גילטיק. דער געלערנטער אינהאַלט דאַרף זײַן הײַנט אַקטועל פֿאַר די איבערלעבונגען פֿון דעם, וואָס לערנט איצט דעם טעקסט, אומאָפּהענגיק אינגאַנצן פֿון דעם אינהאַלט, וואָס ער האָט געהאַט, ווען ער איז געשאַפֿן געוואָרן.

ניט דער היסטאָרישער אמת איז וויכטיק, נאָר זײַן ווירקונג אין לעבן פֿון הײַנט. די תּורה איז ניט עפּעס קיין אַרכעאָלאָגישע פֿראַגמענטן פֿון אַן אַמאָליקער פֿאַרצײַטיקער קולטור מען דאַרף לערנען אַזוי אַז דער הײַנטיקער דור זאָל אין געלערנטן אינהאַלט געפֿינען עפּעס, וואָס זאָל אים הײַנט באַפֿרידיקן, צונוץ קומען. און צוליב דעם איז אַפֿילו "אַל תּקרא בייִך, אלא בוניך", — "לייען ניט אַזוי, נאָר לייען אַזוי" — גאַנצע ענדערונגען אין טעקסט ווערן געמאַכט. צוליב דעם איז פֿאַרשטענדלעך אַזאַ מען אויסטײַטשן דעם פּסוק "עין תּחת עין — ממון". ד"ה, כאָטש עס שטייט בפּירוש, אַז פֿאַר אַן אויג דאַרף מען אַרויסנעמען אַן אויג, נאָר מיר זאָגן, אַז דאָס מיינט ניט קיין אויג, נאָר געלט פֿאַר אַן אויג. איז לכתּחילה "שיר השירים" געווען אַ ליד (אָדער לידער) פֿון בחור־מיידל. אָבער, אַז אַ פֿאָלק האָט דערפֿילט אין זיך אַ שטאַרקע בענקעניש צום "טאַטע האַרציקן", "טאַטע זיסן", זײַנען די זעלביקע ווערטער געוואָרן אין די מײַלער פֿון ייִדישע חדר־ייִנגלעך איבער לענדער און דורות "זאָגט די כּנסת ישׂראל צום ריבונו של עולם". דער בראשיתדיקער אינהאַלט פֿון טעקסט גייט שוין קיינעם ניט אָן. מיט די זעלביקע ווערטער רעדט שוין איצטער אַן אַנדער געמיט־צושטאַנד. די נשמהדיקע ליידן און פֿריידן פֿון הײַנטיקן טאָג האָט דאָס פֿאָלק אַרײַנגעלייגט אין די אַלטע, אור־אַלטע ווערטער. תּהילים! רעסטאַווּרירן דעם בראשיתדיקן זינען און אינהאַלט פֿון די געזאַנגען, — זאָלן דאָס טאָן די, פֿאַר וועמען קולטור איז אַ זאַמלונג פֿון אַלטע, פֿאַרצײַטיקע צירונג. פֿאַר דורות ייִדן איז תּהילים אָבער געווען אַ מיטל אויסצוגיסן די הערצער און אָנצונעמען זיך מיט מוט און גלויבן, מיט כּוח און אויסדויער צו לעבן, אָן פּירוש המילים, אָן דעם צו וויסן דעם "ריינעם, ריכטיקן טײַטש פֿון ווערטער". ווי נישטיק, ווי גאָרנישט ווערט עס איז דאָס ראַציאָנאַליסטיש באַנעמען און פֿאָרשן דעם "ריכטיקן" באַטײַט פֿון דעם ספֿר תּהילים לגבי איין האַרציקן קאַפּיטל תּהילים! יוחנן דער וואַסערטרעגער האָט מיט דעם כּוח פֿון זײַן פֿאַרגרײַזט "פֿאַלש"־פֿאַרשטאַנענעם קאַפּיטל תּהילים באַקומען מער כּוח אײַנצוהאַלטן ייִדישקייט ווי דער "אורח־חיים" אַליין (פּרץ). איז דער טראַדיציאָנעלער ייִדישער תּהילים־זאָגן געווען אַ קוואַל פֿון לעבנס־כּוח פֿאַרן פֿאָלק. האָט דער ראַציאָנעלער רעסטאַוראַציע־מעטאָד פֿון לערנען דעם תּהילים אים פֿאַרוואַנדלט אין עפּעס אַ "לירישע סטאַטוע", וואָס איז געבליבן פֿון אַמאָל און וואָס בלויז געציילטע לערנען זיך אויס צו באַגרײַפֿן איר שיינקייט, הנאה האָבן און יוצא. קיין כּוח, קיין קוואַל פֿון לעבנס־ענערגיע איז שוין דאָ ניטאָ. איך דערמאָן זיך ווי דער רבי אין חדר האָט מיט מיר געלערנט ווי גדעון דרעשט ווייץ אין ווײַנקעלטער, "להנים מפּני מדין" (כּדי דאָס צו ראַטעווען פֿון די מדינער). און דער רבי איז ממשיך מיט דעם זעלביקן ניגון ווײַטער, ווי עס וואָלט געווען טעקסט, — "להנים מפּני שפּאַניע, להנים מפּני מאַראָקע, להנים מפּני רו־

מעניע, להנים און להנים, קינדער . . . מיט פינטעלעד . . .״ און אט די קליינע הוספה האט פאר אונדז, קינדער, געמאכט דעם גאנצן ענין בענטער. גדעון און זיין גורל איז געווען ניט בלויז אמאל, נאר אט חזרט זיך דער ענין איבער ווידער און ווידער און גדעון איז שוין מער ניט ערגעץ א וויַטער, א פּאַרציַיטיקער, וואס נאר זיַין זכר איז געבליבן. גדעון ווערט א שותף צו אונדז אין לעבן, א מיטגייער מיט אונדז.

---

מען וועט זאגן, — עס איז מגידות. און מיט רעכט. דאס האבן די מגידים, די טראדיציאנעלע דרשנים זייער פיל אויפגעטאן פאר דער אקטואליזאציע פון די טעקסטן. און אט די אקטואליזאציע האט געהאלפן יידישע דורות תמיד זיך אויסהעלפן און לעבן מיט א פסוק, מיט א מימרא. א פסוק פאר טוביה דעם מילכיקן איז א קוואל פון כוח צו לעבן און צו ליידן. פאר טוביהן און פאר מיליאנען לעבעדיקע, ניט קיין אויסגעטראכטע יידן. א פסוק, אלע זאמלונגען פון פסוקים זיינען ניט געווען סתם א ביבליאטעק פון קונסטווערק. ניין, מען האט אין זיי געזוכט צו שעפן כוח אין ליידן און אין פריידן.

צוויי לערערס לערנען, לאמיר זאגן, ״ויצא יעקב מבאר שבע״. איינער וויל זיין מאדערן, לערנט ער עס מיט א לאנד־קארטע אויף דער וואנט. אט איז בארשבע און אט איז חרן, אא״וו. דער צווייטער לערער שעמט זיך ניט צו זיין ווי ער איז און אויסנוצן אלטע גענג. פארפירט ער א שמועס מיט די קינדער וועגן דעם ווי יעקב לויפט תמיד פון עשון און ער לויפט צו לבנען. לבן איז גוט . . . ארבעטן וויפל דו ווילסט נאר. אבער אז יעקב ווערט רייך, ווערט שוין לבן אין כעס, לויפט שוין יעקב צוריק צו עשון און אזוי כסדר. וואסער פון די צוויי לערערס האט מער היסטארישן אמת אין זיין לערנען ? — געוויס דער צווייטער מיט זיין דרש. איין לערער וועט נעמען די מעשה סדום ״שטרענג וויסנשאפטלעך״, מיט קארטעס, מיט דערקלערונגען וועגן דעם גרויסן געאלאגישן איינבריך פון ירדן־טאל, וואס ציט זיך דורך דעם רויטן ים ביז די לאנג אויסגעצויגענע אזערעס אין אפריקע (באקאנטע טעאריע פון דעם עסטרייך־יידישן קלאסיקער אין געאלאגיע זיס). און א צווייטער לערער וועט נעמען די מעשה ווי ליטעראטור, מיטן אויסזיכט אויף דער אייביקייט פון דער סדום־פראבלעם, ווי דאס האט גענומען דער יונגער ווילנער דיכטער, חיים גראדע, אין זיין ליד ״סדום״ — די אייביקייט פון זינד, רישעות און שטראף און רחמנות, און דאס זוכן גערעכטיקייט אפילו פון גאט אליין. ווער פון די צוויי לערערס האט אין זיין לערנען מערער יידישן גייסט, מערער יידישן אמת ?

אין א פארשטעלונג מיט אברהם אבינו האט איין לערער אים פארגעשטעלט ווי א בעדויִנער. דער ארכעאלאגישער אמת איז געוויס אויף זיין זייט. אבער וואס פאר א ווערט האט דא די ארכעאלאגיע לגבי דעם געשיכטלעך־פסיכאלאגישן אמת, אז אברהם איז דער בכבודיקסטער ייד פון יעדער צייט. אט איז דער אונטערשייד צווישן מעטאד פון אקטואליזאציע און דעם מעטאד פון רעסטאווראציע. און אט דער צוגאנג איז ריכטיק ניט בלויז צו תנ״ך. אזוי האט דאס פאלק געלערנט פרקי אבות און עין יעקב און אלץ וואס עס האט געלערנט. טעקסטן, פערזענלעכקייטן — אלץ האט אין איטלעכן דור געביטן דעם געשטאלט, כדי צו זיין היימיש נאנט אין יעדער דור און אין איטלעכער סביבה.

אזוי איז אברהם אבינו געווארן ביי אונדז א שטאט־באלעבאס פון יידישע שטעטלעך. דוד המלך ווערט ביסלעכוויַיז א דיין אין שטעטל צו פסקענען שאלות, א קלאגער צו ״חצות״ און א פידל שפילער אויף חסידישע שמחות, — אלע, אלע זיינען זיי ניט געבליבן אין ארט און צייט פון זייער טעקסט, נאר זיי גייען כסדר מיט און העלפן דעם יידן טראגן זיין פעקל. וואונדערלעכער פון אלץ איז די פארוואנדלונג פון אליהו הנביא. דער תנ״כישער אליהו — ער איז דאך אלע יידן א וויַיטער און א פרעמדער. ווען מיר רעסטאווירן זיין געשטאלט ביי זיך, וואס קען ער אונדז פארשאפן אויסער אמאל אפשר א ביסל עסטעטישן גענוס פון דער קעמפערישער פיגור ? דאס און וויַיטער גארנישט. אבער ווען איר זאלט אט דאס פארגלייכן מיט דעם וואס עס גיט דער טראדיציאנעלער אליהו הנביא, דער ״זכור לטוב״, וואס דארף אונדז ״בשורות טובות, ישועות ונחמות מבשר זיין״, דער ״עליזאווע״ פון אלע קינדערשע און פאלקס מעשהלעך, דאס ״הייליק שניַידערל״ פון ״קידוש השם״, דער ״אלטער בעטלער״ פון ״גולם״, — אט ווען מען זאל פארגלייכן די נאציאנאלע, מאראלישע פאטענץ פארן פאלק, וואס עס פארמאגט פון איין זייט דער רעסטאווירטער, ״געשיכטלעך אמתער״ און ראציאנאל געלערנטער אליהו מיט דעם, וואס עס גיט דער אקטועלער, פאלקסטימלעכער, — דעמאלט ווערט קלאר דער אונטערשייד צווישן די צוויי מעטאדן, צווישן די צוויי צוגענג צו קולטור־טעקסטן. א גילגול פון א ניגון און א טויטער ניגון, וואס האט ניט זוכה געווען צו האבן א גילגול. עס איז לגמרי ניט וויכטיק צי איז געווען אמאל א מענטש מיט א נאמען משה און צי האט ער געשטאמט פון מיצריים אדער פון יידן. זאל זיין ווי יידן ווילצלען זיך : ״די תורה האט געגעבן ניט משה, נאר אן אנדער ייד, וואס מען האט אים א נאמען געגעבן משה״. . . פאר אונדז, פאר דער אמתדיקער געשיכטע פון יידישן פאלק איז ניט אין פארגלייך אמתדיקער, אז משהס נשמה איז אריבער צו רבי עקיבא, און פון לעצטן צו רש״י. אין אט דער כלומרשט נאיווער לעגענדע, האט דאס פאלק סימבאליש אנגעמערקט עטאפן פון יידישער תורה און אירע וועג־וויַיזערס פאר דורות. דא איז מער היסטאריזאפישער אמת איידער אין די היסטארישע ״פאקטן״, אז משה איז געבארן געווארן דעם און דעם טאג, און זיין קבר איז דארטן וכדומה.

וויפל האבן מיר פון דער השכלה אן געלאכט פון דעם טראדיציאנעלן לערנען, וואס ער ווייסט ניט קיין ריכטיקע טייטש־ווערטער! מיר האבן ניט פארשטאנען, ניט באגריפן, אז פאר די צוועקן פון דער אקטואליזאציע איז דער ״ריכטיקער״ טייטש גארניט וויכטיק, גארניט נייטיק. ניט וויכטיק איז דער סכום ידיעות, באגריפן, פארשטעלונגען, וואס דער תלמיד וועט באקומען פון דעם געלערנטן טעקסט. וויכטיק איז דער געמיט־צושטאנד און די איבערלעבונגען, וואס דאך לענען פארבינדט מיט דעם געגעבן טעקסט. אט דא ליגט דער אונטערשייד צווישן דעם מעטאד פון אקטואליזאציע און דעם מעטאד פון היסטאריזאציע.

## 8. אומגעשיכטלעכער צוגאַנג צו געשיכטע

ביי דער טיפער צוגעבונדנקייט פון ייִדן צו זייער אַמאָל, ביי דעם באַמיִען זיך אַריינצוקנעפּן דעם עבר אין דעם היינט, איז אין פּלוג אויסטערליש, וואָס אין דער דערציִונגס־טראַדיציע האָט די געשיכטע פון פאָלק קיין שום אָרט ניט פאַרנומען. ניט געווען קיין לימוד אַזאַ לגמרי.

און ווער ווייס ניט וויפל שפּאַס און געלעכטער דאָס האָט פאַרשאַפט יעטווידער ייִדישן אינטעליגענט און האַלבן אינטעליגענט, וואָס האָט זיך דערוווּסט, אַז עס איז דאָ אַ וויסנשאַפט אַזאַ, וואָס מען רופט עס "געשיכטע". און ווי קען מען ניט לאַכן, ווען אַ רבֿ, למשל, קען מיטאַמאָל מיינען, אַז הלל און רבי עקיבֿא זיינען געווען אין איין צייט! אין דער אמתן איז אָט דאָס ניט־וויסן ניט סתם עמי הארצות. די גרויסע תּורה פון כראָנאָלאָגיעס איז לגמרי ניט געווען איבער די כּוחות פון די ייִדישע ישיבֿה־לייט. דאָ איז געווען אַ טיפערע סיבה: דאָס לערנען די געשיכטע וואָלט בלויז געשטערט צו "פאַרדייען" דעם עבֿר. אַן געשיכטע און אַן כראָנאָלאָגיעס זיינען אַלע פריערדיקע דורות צוזאַמען געווען תּמיד שותּפים און מיטהעלפער אין לעבן פון ייִדן אין היינטיקן דור. דאָס לערנען געשיכטע וואָלט מער ניט ווי אויסגעריסן אָט די אַלע אַקטואַליזירטע מיטהעלפער פון דעם לעבעדיקן היינט און וואָלט זיי אין בעסטן פאַל באַגראָבן אין די קבֿרים פון געשיכטע. יעטווידער דור — אַ שורה קבֿרים. אויסגעסדרטע שורות נאָך שורות פון אַמאָליקע גיבורים, קדושים, העלדן, וואָס היינט זיינען שוין ניטאָ. אַ געשטאָרבענע וועלט אויסגעסדרט, — און — לעבן דאַרף מען איצט, היינט. און ייִדיש לעבן איז תּמיד שווער און ביטער, און מיטטראָגן מיט זיך אויסער דעם לעבן נאָך אויך אוצרות מיט הייליקע קבֿרים, אַ באַוווּסטזיין פון געוועזענעם, שוין מער ניט פאַראַנענעם — פון דעם האָבן זיך די פּרושים לכתּחילה אָפּגעזאָגט, ווי פון אַן איבעריקן באַלאַסט. וואָס קענען באמת העלפן דעם לעבעדיקן ייִדן די גרויסע געשטאָרבענע? אויב זיי זיינען שוין געשטאָרבן אויך אין באַוווּסטזיין פון דעם לעבעדיקן?

אַלע אַסימילאַטאָרן, פון אַלע דורות האַלטן פון דער ייִדישער פאַרגאַנגענהייט, נאָר מען דאַרף עס פריער "קאָנסערווירן". פאַרמאַרינירן. אַלע וואָס האַלטן זיך מיט "קאָנסערוואַטיווער" ייִדישקייט, — אַלע זיינען זיי אָפּגעפאַלן פון ייִדנטום. אין אַלע דורות און אויך איצט.

די אייראָפּעיִשע פּעדאַגאָגיק האָט אויף דעם לימוד פון געשיכטע אַרויפגעלייגט אַ גרויסע דערציִערישע אויפגאַבע. דאָס האָט זי, די געשיכטע, געדאַרפט איינשטעלן דעם צובונד פון היינט צום אַמאָל. ביי דעם ייִדישן מעטאָד פון אַקטואַליזאַציע, איז די ראָל פון דער געשיכטע געוואָרן פאַרקערט, אַ נעגאַטיווע. און עס איז געווען אַ שטאַרקע אויסגעהאַלטנקייט ניט צו דערלאָזן עס זאָל זיך אויסאַרבעטן אַ קולט פון געשיכטלעכע הייליקע. "ולא ידע איש את קבֿורתו של משה" — קיינער ווייס ניט דעם קבֿר פון משה. און ניט געוווּסט האָט מען, ווייל מען האָט ניט געוואָלט וויסן. עס איז לגמרי ניט שווער צו געפינען קבֿרים און זיי מאַכן הייליק. אָט האָבן דאָך אַנדערע יאָ "געפונען" אָט די קבֿרים פון ייִדישער געשיכטע און מען פּראַוועט אויף זיי יום־טובֿים. די ייִדישע טראַדיציע אָבער האָט זיך באַמיט אויסצוּוואָרצלען די נייגונג צו הייליקע קבֿרים, דעם באַדאַרף פון קבֿרים. "אל תּסתּכּל בקנקן, אלא במה שיש בו" — ניט וויכטיק איז דער טרעגער, וויכטיק איז דער אינהאַלט. וויכטיק זיינען ניט די נבֿיאים, נאָר זייער נבֿואה. הייליק זיינען ניט די קבֿרים אָדער אַנדערע סימבאָלן פון די שעפער פון ייִדישקייט, נאָר דאָס, וואָס זיי האָבן געשאַפן. ווידער אַמאָל דער אויסגעהאַלטענער פּרינציפּ פון ייִדישקייט אָן מאַטעריעלע סימבאָלן. האָט זיך די ייִדישע קולטור־טראַדיציע ניט אינטערעסירט מיט די ביאָגראַפיעס פון די שעפער פון ייִדישקייט. זייערע נעמען זיינען פאַרגעסן געוואָרן צוליב די נעמען פון זייער שאַפונג. ווער איז רש"י? — דאָס איז קודם־כּל די קליינע אותיעלעך וואָס זיינען געדרוקט לעבן דעם טעקסט פון גמרא. און "ט"ז און "ב"ח", "של"ה" און "רמ"א" און "חיי אדם". ווער דאַרף עס לערנען און געדענקען זייערע פּריוואַטע נעמען און ביאָגראַפיעס, אַז אַפילו זייער גאַט האָבן די ייִדן אויסגעלערנט זאָגן "הלוואַי וואָלטן זיי מיך פאַרגעסן, און מיין תּורה געהיט". דאָס איז אַנשטאָט דעם וואָס אַנדערע באַמיִען זיך צו געדענקען די יחוסדיקע גענעאַלאָגיע פון זייער גאָט.

האָט די ייִדישע טראַדיציע בכּיוון און מיטן גאַנצן באַוווּסטזיין ניט געבויט, ניט געשאַפן קיין פאַנטעאָנען און קיין פּערזאָנען־קולט. עס איז געווים אַ שווערע דילעמע: טראָגן אַזוי פיל דרך־ארץ צו די שעפער פון דער תּורה און דאָך זיי ניט פאַרהייליקן.

דאָס האָט די מאָדערנע וועלטלעכע קולטור, בויענדיק אינגאַנצן איר געביידע לויט מוסטערן, אויך דאָ אַריינגעפירט יובֿלס און יאָרצייטן אאַ"וו. און אין דעם איז פאַראַן אַ גרויסער טייל געצנדינערײַ און נאָך אַ גרעסערער טייל נייגיריקייט: ווי האָט אָט דער גרויסער מאַן געלעבט מיט זיין ווייב און וואָס פאַר אַ שלאָפראָק ער פלעגט טראָגן . . . אין מען ביי אונדז שוין דערגאַנגען צו פּראַוועט יום־טובֿים פון שרייבער, למשל, און זייערע ביכער, וואָס זיינען אַ "נאַציאָנאַלער אוצר" זאָלן לייגן אַנדערע. עס דראָט אַ סכּנה, אַז קולטור זאָל זיך ביי אונדז פאַרוואַנדלען פון אַ ווירקנדיקן, געשטאַלטנדיקן פאַקטאָר אין אַ — שוין אויסגעפּוצטע אויסשטעלונג פון צירונג. אונדזער היינטיקע קולטור און דערציִונגס־איינשטעלונג האַלט איין אין זיך אַ סכּנה, אַז פאַר אונדז זאָל זיך אונדזער גאַנצע קולטור־פאַרוואַנדלען אין אַ מוזיי. אויסגעסדרטע און איינגעאָרדנטע קבֿרים און קבֿרים, סימנים, מצבֿות, זכרונות. און ביי יעטווידער קבֿר אַ גוט צוזאַמענגעשטעלטע אויפשריפט, אַלע פּרטים, אַליץ לויט דער כראָנאָלאָגיע. מצבֿות פאַרפּוצטע, ספרים פאַרשלאָסענע, אַ דור נאָך אַ דור מיט זיינע מצבֿות. און דאָס לערנען, און די געשיכטע — קאַטאַלאָגן צו דעם מוזיי — אָט דאָס לערנען מיר, קאַטאַלאָגן צו אַ טויטן מוזיי פון טויטער פאַרגאַנגענהייט. אַ יאָר טעג — אַ לוח פון יאָרצייטן נאָך דעם "הייליקן" און יענעם "הייליקן". ווי פרעמד דאָס אַליץ איז געווען דער ייִדישער טראַדיציע, און — הלוואַי וואָלטן מיר איר געפאָלגט.

---

צוויי פאַרשיידענע שטאַנדפּונקטן אויף געשיכטע זיינען דאָס: 1) געשיכטע איז אַ גראָדע ליניע, וואָס ציט זיך אין צייט, אַ פאָרענדיקטע קייט פון פאַקטן וואָס גייען איינער נאָך דעם צווייטן אין אַ באַשטימטן

סדר און וואָס חזרט זיך ניט איבער, ווײַל איטלעכע געשיכטלעכע דערשײַנונג איז אין זיך פֿאַרענדיקט. און

2) געשיכטע איז אַ קנויל אידעען, פּראָבלעמען וואָס נעמען אָן פֿאַרשיידענע געשטאַלטן אין איטלעכער צײַט, און זיי האַלטן זיך אין איין איבערחזרן נאָכ־אַנאַנד און נאָכאַנאַנד. צײַטן בײַטן זיך — בײַטן זיך די פֿאָרמען פֿון די פּראָצעסן, דער תּוך אָבער איז אַלע־מאָל איינער און דער זעלביקער. די גאַנצע געשיכטע איז אַ גילגול פֿון איין ניגון. געשיכטע איז ניט קיין גראַדע, נאָר אַ רייע קרײַזן אין צײַט. זײַנען דאָס צוויי עקסטרעמע וועלט־באַנעמען. דער ערשטער זעט אין צענטער פֿון געשיכטע אַט די דרויסנדיקע פֿאַרענדער־לעכע באַדינגונגען, די האַנדלונגען פֿון סבֿיבֿה: צײַט, אָרט און אומגעבונג. דער צווייטער וועלט־באַנעם האָט אין זינען איבערהויפּט די אינעווייניקסטע אי־בערלעבונגען אין די מענטשן גופֿא, און די בלײַבן די זעלביקע כּל־זמן דעם מענטשנס נאַטור איז די זעל־ביקע. דער ערשטער צוגאַנג איז אַן עקסאָגענער און דער צווייטער איז אַן ענדאָגענער. און דער אונטער־שייד ווײַזט זיך אַרויס אומעטום בײַ ייִדן.

און דעריבער זײַנען די ווערטער פֿון דער תּורה און די דערשײַנונגען אין דער ייִדישער פֿאַרגאַנגענ־הייט ניט געגעבן געוואָרן אין איין באַשטימטער צײַט און אָרט, צו איין באַשטימטן דור, און בלויז דעמאָלט און דאָרטן זײַנען זיי געווען אַקטועל. פֿאַרקערט, די אידעען און פּרינציפּן, וואָס האָבן אַרויסגערופֿן די דערשײַנונגען נעכטן, זײַנען און דאַרפֿן בלײַבן אַקטו־על אויך הײַנט און מאָרגן און איבערמאָרגן. און המאי טעמא באַטײַט לערנען ניט אויפֿקלערן די דע־מאָלטדיקע באַדינגונגען פֿון די געוועזענע דערשײַנונ־גען, נאָר פֿאַרקערט, פֿאַרטושן דאָס צײַטמעסיקע, די ניט וויכטיקע עלעמענטן פֿון צײַט, אָרט און סבֿיבֿה. איז חנוכּה ניט אַ ניצחון אין קאַמף פֿון דאָרטן און דעמאָלט, נײַערט עס איז דער אייביקער קאַמף אין ייִדישקייט פֿון אַלע דורות צווישן די וואָס היטן די איי־גענע טראַדיציע און די וואָס שטרעבן זיך אַרײַנצולעבן אין פֿרעמדע פֿאָרמען און זיי זײַנען גרייט זיך אונטער־צוּוואַרפֿן איטלעכער פֿרעמדער קולטור און מאַכט. איז דען חנוכּה ניט קיין גילגול פֿון דעם זעלביקן קאַמף וואָס עס האָט געפֿירט אליהו הנבֿיא? איז דאָס דען ניט דער פּראָטאָטיפּ פֿון אונדזער משׂכּילים־קאַמף? איז זאָל זײַן דער מענטש אליהו איז געשטאָרבן און זאָלן געלערנטע זוכן זײַן יאָרצײַט, זײַן קבֿר, — פֿאַר דער ייִדישער טראַדיציע איז בפּירוש אליהו דער סימ־באָל פֿון קאַמף קעגן דער אַסימילאַציע קיינמאָל ניט געשטאָרבן און ער קען ניט שטאַרבן, סײַדן עס זאָל שטאַרבן ייִדישקייט, איז די מעשׂה עגל ניט קיין איינמאָ־ליקע פּאַסירונג, נאָר אַ זאַך וואָס חזרט זיך איבער אין אַלע דורות, און אַזוי דער "לך לך" און אַלץ אין ייִדישקייט.

און ווידער האָט דאָס דאָס פֿאָלק אַליין אַרויס־געבראַכט אין פֿאָרם פֿון אַ וויץ. מען דערציילט אויף ר' עקיבֿא אייגער, ער זאָל האָבן געזאָגט אויף דער חכמת ישׂראל, וואָס איז געבאָרן געוואָרן אין זײַן צײַט: "וואָס פֿאַר אַ שמעק טאַבאַק רש"י האָט געשמעקט, דאָס שטודירט צונץ. — אַ פּרשה חומש מיט רש"י — דאָס לערן איך" . . . (געהערט פֿון ח' בן־דור, אין וויניפּעג).

## 9. לערנביכער און קינדער ליטעראַטור

אַן אויסטערלישער פֿאַקט: אַ פֿאָלק, וואָס האָט זיך מוסר נפֿש געווען פֿאַר "לערנען תּורה", וואָס "שׂכר לימוד" איז געווען וויכטיקער פֿון ברויט צום עסן (פּרץ "זיבן גוטע יאָר"; א. רייזין, "שׂכר לימוד") — האָט דאָס פֿאָלק אין משך פֿון לאַנגע דורות ניט געשאַפֿן קיין לערן־ביכער פֿאַר דער ברייט פֿאַרשפּריי־טער שול־נעץ זײַנער? פֿאַר דעם באַנעם פֿון דער ייִדישער טראַדיציע, ווי מיר זעען אים דאָ, איז דער גאַנצער ענין קלאָר, פֿאַרשטענדלעך און אויסגעהאַלטן לויט דעם אַלגעמיינעם קולטור־פּרינציפּ פֿון דער ייִדי־שער טראַדיציע.

בײַ די פֿעלקער איז בײַם לערנען דער ערשטער צוועק דאָס וויסן, דער סכום ידיעות און די השפּעות, וואָס די ידיעות קענען משפּיע זײַן. איז מהאי טעמא יעטווידער פֿאַרקירצונג פֿון וועג צו די ידיעות גוט, אַ פֿאַרבעסערונג. פֿון דעם שטאַמען די אַלע פֿראַג־מענטן־זאַמלונגען, מוסטערן־כרעסטאָמאַטיעס און אַלערליי אַנדערע ביכער, וואָס האָבן אַ ווערט נאָר אין שול, וואָס אויסער דער שול האָבן זיי אָפּט אַפֿילו קיין זינען ניט. קיין זעלבסטשטענדיקן קולטור־ווערט איז בײַ זיי ניטאָ. אָבער פֿאַר דער ייִדישער טראַדיציע איז מעגלעך און נוציק צו לערנען נאָר די תּורה. איז דאָך אוממעגלעך צו שאַפֿן סתּם טעקסטן פֿאַר דער שול, דעמאָלט האָט דאָך קיין זינען ניט דאָס לערנען בכלל. און ווידער איז דער עצם פּראָצעס פֿון לערנען אידענ־טיש מיט שאַפֿן קולטור, האָט דאָך דאָס אוממעגלעך געמאַכט זיך אָפּצוגעבן מיט סתּם פֿראַגמענטן, סתּם צוגעטראַכטע, צוגעפּאַסטע טעקסטן פֿאַר קינדער. אַט פֿאַרוואָס די ייִדישע טראַדיציע האָט אויסגעמיטן ספּע־ציעלע שול־ביכער. די עטלעכע פּרוּוון, וואָס די גע־שיכטע ווייס פֿון זיי (חיווא הבלכי אין בבל, "באר משה"), זײַנען געווען בלויז אויסגעפּאַריכטע און פֿאַר־קירצטע טעקסטן און אויך זיי זײַנען ניט אָנגענומען געוואָרן. כּדי צו פֿאָרמולירן און איבערגעבן ידיעות, פֿאָרמולירונגען, זײַנען גענוג שול־ביכער, אָבער כּדי די שריפֿטן פֿון דער נאַציאָנאַלער קולטור זאָלן זיך אָרגאַניש אַרײַנלעבן אין דער נשמה, דערצו מוז מען מאַכן ווירקן אויף דעם לערנער די עצם שריפֿטן און ניט קיין ספּעציעלע צוגעטראַכטע שול־טעקסטן. די ערשטע שול־ביכער זײַנען געווען מן הסתּם אַבֿרהם מאַפּוס "אמן פדגוג", צו לערנען העברעיִש און די קאַ־טאַכיזיסן וואָס ייִדישע משׂכּילים האָבן געשאַפֿן צו לערנען די ייִדישע רעליגיע צוערשט אין דײַטשלאַנד און אין גאַליציע. דער מקור איז דאָ בכן אַ משׂכּלי־שער, דער קאַמף קעגן טראַדיציע.

דאָס זעלביקע בערך דאַרף געזאָגט ווערן וועגן דער קינדער־ליטעראַטור. אין דער גאַנצער וועלט איז דאָס איצט אַ ספּעציעלע פּראָדוקציע, זשאַנרען, סטילן, פֿאַרלאַגן. אַ גאַנצער געביט. בײַ דער ייִדישער דער־ציִונגס טראַדיציע האָט דער געביט אינגאַנצן אויסגע־פֿעלט. קינדער האָבן זיך דערצויגן אויסשליסלעך אויף דעם קולטור מאַטעריאַל, וואָס איז אָנגענומען און גאַנגבאַר געווען אין פֿאָלק. עס זײַנען געווען ספּעציע־לע אויסגאַבעס מיט גרויסע אותיות, טעכניש צוגע־פּאַסטע צום געברויך אין חדר, אָבער אָפּגעבן צײַט אויף לערנען אָדער אויף צו לייענען זאַכן, וואָס זײַנען ניט אָנערקענט פֿאַר דער ליטעראַטור פֿון פֿאָלק, — דאָס ניט.

דער אַלטער פֿאַרבאָט "ווער עס טראָגט אַרײַן מער ווי פֿיר און צוואַנציק ספֿרים, טראָגט אַרײַן אַ מהומה צו זיך אין שטוב". עס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן פֿאָלקס ביכער, אָבער דאָס זײַנען געווען בלויז באַאַרבעטונגען פֿון פֿאָלקס ליטעראַטור, וואָס אויך איר האָט זיך געדאַרפֿט דערציִען דאָס פֿאָלק בכלל, אָבער קיין ספּעציעלע ליטעראַטור פֿאַר קינדער האָט ניט געקענט זײַן. דאָרטן, וווּ עס איז בכלל פֿאַראַן ליטעראַטור, ליטעראַטור, ווי אַ מיטל צו "פֿאַרווײַלן זיך מיט קונסט", דאָרטן קענען זײַן פֿאַרשיידענע ליטעראַטורן. אָבער בײַ ייִדן איז קיין ליטעראַטור דאָך ניט געווען, עס זײַנען געווען ספֿרים, תּורה — אַן אייגנאַרטיקע און אײַנהייטלעכע גײַסטיקע פּראָדוקציע פֿון פֿאָלקס לעבן. האָט דאָך דאָ ניט געקענט געמאָלט זײַן אַ ספּעציעלע תּורה פֿאַר קינדער.

## 10. ספּעציפֿישע מעטאָדן פֿון דענקען און איבערצײַגן

בײַ פֿעלקער איז דער ציל פֿון לערנען געווען דאָס פֿאַרשפּרייטן פֿאָרמולירטן וויסן און וויסנשאַפֿטלעכע פֿאָרמולעס, געזעצן, כּללים אָנגענומענע נאָרמעס. דאָ איז פֿאָרם געווען ניט ווייניקער וויכטיק ווי אינהאַלט. אפֿשר נאָך וויכטיקער. בײַ ייִדן האָט דאָס לערנען געדאַרפֿט לערנען צו פֿאָרמולירן, אַנטוויקלען די פֿעיִקייט און איניציאַטיוו צו זוכן פֿאָרמולעס. דאָרטן האָט דער גאַנצער פּראָצעס פֿון לערנען אַפּעלירט צו דעם ראַציאָ. בײַ ייִדן האָט דאָס לערנען געזוכט צו באַווירקן דעם געביט פֿון עמאָציעס און שטימונגען. בײַ לײַטן איז דער אָביעקט פֿון לערנען געווען פֿיקסירט און אויף שטענדיק פֿעסטגעשטעלט. בײַ ייִדן אָבער האָט די תּורה, דער אָביעקט פֿון לערנען, זיך געפֿונען אין צושטאַנד פֿון שטענדיקער טראַנספֿאָרמירונג, "פּושט צורה ולובֿש צורה".

קלאָר, אַז אַזאַ אונטערשייד אין צוגאַנג האָט געמוזט ברענגען צו טיפֿע אונטערשיידן אין דעם עצם פּראָצעס פֿון דענקען און די מעטאָדן פֿון לאָגישן באַאַרבעטן דעם לערן־מאַטעריאַל, אין די מיטלען איבערצײַגן, באַווײַזן און אויפֿווײַזן, ברענגען צום "אמת". בײַ די פֿעלקער זײַנען פֿון תּמיד אָן די מיטלען איבערהויפּט אַנאַליטיש־סינטעטישע. דער אַלגעמײנער געדאַנק ווערט צעגלידערט אויף עלעמענטאַרע שטאַפּלען. יעטווידער שטאַפּל — אַ לאָגישע הנחה. און פֿון איין שטאַפּל־הנחה גייט מען צו דער צווייטער, ביז מען קומט צו דער מסקנה, צום אויספֿיר. אַזוי זײַנען פֿאַנאַנדערגעאַרבעט די לאָגישע טעאָרעמעס. קיין ציגל פֿון דער געבײַדע טאָר זיך ניט אַרויסרוקן. עס טאָר זיך דער סדר ניט ענדערן, אַ גראַדער וועג, ווי אײַזערנע רעלסן, איז צוגעגרייט פֿאַר דעם דענקען פֿון תּלמיד. איבערהויפּט איז דער צוגאַנג אַנטוויקלט אין דער הערבאַרטיאַנער פּעדאַגאָגיק, וואָס האָט באַהערשט די גאַנצע דערציִונג אין דער וועלט אויף גאַנצע הונדערט יאָר. איטלעך ביכל פֿון מעטאָדיק האָט דאָס באַמיט זיך אײַנצופֿלאַנצן אין די יונגע לערערס.

אָבער אין דער ייִדישער טראַדיציע איז אַל דאָס נײַעס וואָס דאָס לעבן ברענגט, מוז מען קענען געפֿינען אין דער תּורה, אַז "ליכּא מידי דלא רמיזא באורייתא" (ניטאָ גאָרנישט, וואָס זאָל ניט זײַן אָנגעדײַט אין דער תּורה), דאָ האָבן בשום אופֿן ניט געקענט זײַן אַזוינע פֿעסטגעשטעלטע לאָגישע דרכים. ווײַל זיי וואָלטן דאָך ניט געקענט פֿירן צו נײַע, אָפֿט אַנדערע געדאַנקען. אויב יעטווידער תּלמיד איז באַרעכטיקט "מחדש חידושים" צו זײַן, אויב יעטווידער חידוש דאַרף זײַן באַזירט אויף אַ "מן התּורה מנין?", — האָט אויך געמוזט זײַן אַ סך אַ גרעסערע פֿרײַהייט פֿון אַרגומענטאַציע און אויספֿירן. דאָ האָט מען זיך אַ סך מערער באַמיט צו באַווירקן דעם צוהערער, זאָל ער זיך אַליין אָנשטויסן. עס ווערט געגעבן אַן אַלגעמיינע סינקרעטישע אָנדײַטונג, אַ רמז און — "ואידך זיל גמור" (און ווײַטער גיי און ענדיק).

דאָ ווערט דער צוהערער ניט געפֿירט מיט גוואַלד אָפֿט אויף די פֿעסטגעשטעלטע רעלסן פֿון אַלע פּרטימדיקע שטאַפּלען פֿון געדאַנק. דאָ ווערט זיך באַמיט צו אינדוצירן בײַם צוהערער אַ זעלבסטשטענדיקן געדאַנק. דער באַווירקער, דער לערער, ער דאַרף בלויז העלפֿן דעם פּראָצעס אַרויסצורופֿן. אַ גאַנצע סעריע טערמינען זײַנען פֿאַראַן פֿאַר דעם: ודו"ק, וד"ל (ודי למבֿין), "והמבֿין יבֿין" אאַ"וו. דער "אמת" דאַרף דאָ איבערגיין צום לערנער ניט קיין סינטעזירטער פֿון עלעמענטן, נאָר אַ גאַנצער, אַ סינקרעטישער, אין אַלגעמיינע שטריכן. און עס ווערט דאָ געלאָזן אַ סך פֿרײַהייט פֿאַר אַ אינדיווידואַליזירטן פּרצוף פֿון דעם געדאַנק. קורץ גערעדט: בײַ פֿעלקער איז דאָס דענקען מער אַ דיסקורסיווער, בײַ ייִדן — אַ מער אינטויִטיווער. דאָס האָט ווידער געהאַט אַ השפּעה אויפֿן גאַנצן כאַראַקטער פֿון ייִדן. אַ ייִד האָט לגמרי ניט ליב, אַז איר דערקלערט אים צופֿיל: "וואָס קומט איר מיר דאָ צו לאָזן הערן?", "פּשיטא", "מאי קא משמע לן?". דער ייִד נעמט עס אויף ווי אַ באַליידיקונג און אינגאַנצן אַן איבעריקן באַלאַסט, ווארום איר ווייסט דאָך, אַז "ודי לחכמים ברמיזא" (פֿאַר אַ קלוגן איז גענוג אַ ווונק). דער ייִדישער פֿאָלקס־הומאָר, וואָס איז ניט ווייניקער טיף און לאַקאָניש ווי די פֿאַרצײַטיקע "אגדה" בשעתּו, האָט דעם שטריך באַצייכנט אויף זײַן אופֿן אין אַ גאַנצער ריי וויצן וועגן דעם "גוישן קאָפּ", וואָס קען בשום אופֿן ניט פֿאַרשטיין דעם "בפֿירושן רמז", בשעת אַ ייִד באַקומט אַ ווײַטע אָנצוהערעניש און "כאַפּט שוין אויף" "דבֿר מתּוך דבֿר" (9.

## 11. ראַציאָ און אינטויִציע אין דערציִונג

עס איז בכלל פֿאַראַן אַ גרויסער פּסיכאָלאָגישער אונטערשייד צווישן דעם ראַציאָנאַלן, לאָגישן אמת און דעם אינטויִטיוון אמת. דער ערשטער איז פֿאָרמולירט, סיסטעמאַטיזירט און אָנגעקליידט אין ווערטער. ער האַלט זיך אין די ווערטער ווי די נשמה אין די געוועבן פֿון אָרגאַניזם. די אינטויִטיווע אמתן גיבן זיך איבער ניט אין די ווערטער, נאָר עפּ"ר פֿאַרבײַ די ווערטער. ניט די ווערטער האַלטן אײַן אין זיך דעם אמת, ווי אַ פֿאַס דעם ווײַן, נאָר זיי רופֿן אַרויס, זיי צינדן אָן די ענערגיע, וואָס איז פֿאַראַן פֿון פֿריִער אין דעם איבערנעמער פֿון אמת. ניט ער באַקומט דעם אמת אַ פֿאַרטיקן און פֿאָרמולירטן פֿון דעם איבערגעבער, נאָר ער אַליין מוז אים געבוירן אונטער די השפּעות

8) אַט ווי דער "יורה דעה" דעפֿינירט דעם מהות פֿון לערנען "בתלמוד — דהיינו שיבין וישכיל אחרית דבר מראשיתו ויציא דבר מתוך דבר, וידמה דבר לדבר, וידון במידות שהתורה נדרשת בהן עד שידע האיך עיקר המצוות והאיך יוצא האסור והמותר וכיוצא בזה דברים שלמד מפי השמועה" (הלכות תלמוד תורה) לערנען הייסט פֿאַרשטיין און כאַפּן דעם סוף פֿון געדאַנק פֿון זיין אָנהויב, אַרויסציִען איין זאַך פֿון אַ צווייטער, און פֿאַרגלייכן איין געדאַנק צום אַנדערן און דענקען לויט די דרש־מעטאָדן אאַ"וו.

פֿון דעם איבערגעבער. אַ לאָגישן אמת קען מען אַרױפֿצװינגען אױף דעם צוהערער מיט רײן לאָגישן געװער. ער קען דורך דעם שמאָלן װעג פֿון לאָגישע סילאָגיזמען דערבראַכט װערן צום אײנציקן לאָגישן אױספֿיר, צוגעשפּאַרט װערן צום װאַנט, — און ער מוז מודה זײַן. אָבער אינעװײניק אין האַרצן בלײַבט דער פּראָטעסט קעגן אָט דעם אַרױפֿגעצװוּנגענעם אמת — "אָבער זי דרײט זיך פֿאָרט!". קײן אינטויִטיװן אמת קען מען ניט אַרױפֿצװינגען, װײַל ער מוז געבױרן װערן ערשט בײַ דעם תּלמיד, בײַ דעם איבערנעמער. דער איבערגעבער, דער רבי קען דאָ בלױז גורם זײַן, מיטהעלפֿן דעם געבורט, אָבער בשום אופֿן ניט איבערגעבן קײן שום פֿאַרטיקן, אױסגעסדרטן, אױסגעבױטן אמת.

אַמאָל זײַנען װערטער מזלדיק און פֿרוכפּעריק און אָפֿט זײַנען װערטער זײער פֿײַן, זײער שײן, זײער לאָגיש אױסגעסדרט, אָבער עפּעס פֿעלט זײ, זײ זאָלן קענען אָנרירן דעם צוהערער.

דער לאָגישער אמת איז געגליכן צו אַ פֿאַרטיקער, שױן אױסגעהאַמערטער סטאַטוע, װאָס אַנטפּלעקט זיך פֿאַר אונדז ביסלעכװײַז, גליד נאָך גליד. דער איבערנעמער קען זי איבערנעמען װי זי איז אין איר פֿאַרטיקײט. ער קען זי היטן אָדער ניט, ער קען די סטאַטוע צעברעכן, פֿאַרשמוצן, אָבער שאַפֿן זי קען ער ניט, זי איז שױן פֿאַרטיק, געענדיקט. דער איבערנעמער קען זײַן אַ שומר, אַ היטער, אָבער ניט קײן מיטשעפֿער. פּונקט דער היפּוך איז דאָס מיט דעם אינטויִטיװן אמת. דאָ מוז זיך דער אמת אַנטפּלעקן מיט אײן מאָל גאַנצערהײט, אומגעגלידערט דירעקט אין מוח פֿון דעם איבערנעמער, אַזאַ אמת קומט דורך אַנטפּלעקונג, "גלוי אליהו". דער איבערגעבער קען בלױז איבערגעבן די שליסלען צו די "קװאַלן פֿון אמת", װאָס דער איבערנעמער אַלײן מוז פֿון זײ שעפּן. דאָ האָט דער זעלביקער אמת אַן אַנדער געשטאַלט און אױסזען בײַ דעם איבערגעבער און בײַ דעם איבערנעמער. אַזױ װי עס קענען ניט זײַן צװײ פּונקט די זעלביקע פּנימער, אַזױ קענען ניט זײַן צװײ פּונקט ענלעכע נשמות, פּונקט אַזױ קענען ניט געמאָלט זײַן קײן צװײ פּונקט די זעלביקע אינטויִטיװע אמתן בײַ דעם זאָגער און צוהערער, װײַל דאָ איז דער געדאַנק, דער אמת אַן אָרגאַנישע פֿונקציע פֿון דעם צוהערער גופֿא.

די לאָגישע איבערצײַגונג באַהערשט דעם מענטשן פֿון דרױסן פּונקט נאָך פּונקט מיטן כּוח פֿון שטאַרקערן דענקען, װאָס איך דער שװאַכערער קען ניט אָפּפֿרעגן, כאָטש איך װאָלט עס געװאָלט. איך מוז זיך אונטערגעבן אַ שטאַרקערער מאַכט. דאָס איז דער זינען פֿון דעם אַזױ גערופֿענעם "עװאָריסטישן" (אָדער "סאָקראַטישן") מעטאָד פֿון איבערצײַגן, װאָס איז אַזױ אָנגענומען און באַליבט אין דער פּעדאַגאָגיק.

פֿאַרקערט, איז די אינטויִטיװע איבערצײַגונג אַ מער אָרגאַנישע. זי באַזירט זיך אױף איבערלעבונגען, װאָס קומען פֿאָר אין דעם תּלמיד גופֿא. אָט די איבערלעבונגען אינעװײניק אין תּלמיד גופֿא דאַרפֿן אים צוגרײטן ער זאָל אַלײן און װי פֿון זיך אַנטפּלעקן אין זיך די איבערצײַגונג. זי דאַרף אין אים געבאָרן װערן. װען עס קומט צום באַװוּסטזײַן, אין מאָמענט פֿון געבאָרן װערן — "in statu nascendi," — איז זי שױן גאַנץ מיט אַלע אױספֿירן און מיט ניט קײן קלאָרע דעטאַלן. עס איז אַ איבערצײַגונג אַ סינקרעטישע, װאָס מיר פֿילן זי מער אײדער מיר װײסן זי. דאָס װיסן און פֿאָרמולירן קומט שפּעטער. דאָס װעט זײַן די מדרגה פֿון אַנאַליז און סינטעזן פֿון די אײגענע, אין מיר געבאָרענע, ניט פֿון עמיצן אַרױפֿגעצװוּנגענע איבערצײַגונגען.

אין דער אײראָפּעישער פּעדאַגאָגיק האָט תּמיד געהערשט די ערשטע פֿאָרמע. אין אַ האַמעטענער. באַצװינגערישער פֿאָרמע בײַ די יעזויִטן (און זײער השפּעה קען מען נאָך איצט גרינג אײַנזען אין די סיסטעמען פֿון אַלע לענדער, אַפֿילו אין פּראָטעסטאַנטישע). שפּעטער אין דעם ליבעראַלן 19טן י"ה, איז דאָס בײַ די הערבאַטיאַנער געװען הומאַנער, אײדעלער. בײַ די ייִדן אין אונדזער דערציִונגס טראַדיציע איז תּמיד געװען אַ נײגונג צו דער אינטויִטיװער איבערצײַגונג. זי איז װירקזאַמער, װײַל אָרגאַנישער, אַקטיװער און זיכערער. פֿון דער אַרױפֿגעצװוּנגענער, לאָגישער איבערצײַגונג קען מען זיך באַפֿרײַען װען דער צװאַנג װערט שװאַכער. פֿון דער אינטויִטיװער איבערצײַגונג קען זיך אַ מענטש קײנמאָל מער ניט באַפֿרײַען, װײַל עס איז אַ טײל פֿון זײַן אײגענעם אָרגאַנישן "איך". אָט די אינעװײניקסטע אינטויִטיװע איבערצײַגונג קען פֿירן צו פֿאַרשײדענע אינטויִטיװע אױספֿירן, פּועל יוצאס, אָבער זי בלײַבט װירקן אױפֿן גאַנצן לעבן.

די דידאַקטיק פֿון דער ייִדישער טראַדיציאָנעלער דערציִונג האָט געשטרעבט צו װירקן איבערהױפּט אינטויִטיװ. זי איז אין אַ גרױסער מאָס די דידאַקטיק פֿון אינטויִציע. פֿאַר דער טראַדיציע איז תּמיד װיכטיק געװען ניט בלױז דאָס, װאָס די תּלמידים באַקומען פֿון זײערע רבּיים, נאָר װאָס די תּלמידים זײַנען מחדש. "עס קען ניט געמאָלט זײַן אַ בית־מדרש אָן חידושים". און מהאי טעמא — דאָס אױספֿעלן פֿון פּרטימדיקע פּראָגראַמען. ניט כּמות ידיעות איז װיכטיק, און ניט זײער סדר. "אלה ואלה דברי אלהים חיים" — די מקורים פֿון אינטויִציע קענען דאָך אױפֿגעװעקט װערן דורך דעם לערנען די אָדער יענע מסיבתא, אַלץ אײנס.

עס איז אַ צװײטע אױפֿגאַבע אױסצופֿאָרשן די גײַסטיקע פּראָצעסן פֿון אינטויִציע און די מעטאָדן, װאָס פֿירן צו איר. דאָ װיל איך בלױז אָנװײַזן, אַז די ייִדישע דערציִונג האָט געשטרעבט צו איר, און פֿון דאַנען שטאַמט דער גאַנצער פֿאַרלאַנג, גלױבן פֿון "גלוי אליהו" פֿון אַן אײנמאָליקער און מיטאָמאָליקער אַנטפּלעקונג פֿון דער תּורה. פֿון דאַנען שטאַמט אױך דער אופֿן פֿון לערנען אױפֿן קול, מיט אַ ניגון. עס איז ניט קײן דין, אָבער אַ מנהג אַן אַלטער, נאָך פֿון די צײַטן פֿון תּלמוד, װוּ עס רעדט זיך תּמיד װעגן דעם "קול" פֿון תּינוקות של בית רבן [9]. אין לערנען דאַרף מען זיך פֿאַרגעסן. די תּורה דאַרף אָנפֿילן דעם גאַנצן יש

9) אױך דערצײלט זיך אין גמרא, אַז ברוריה, די געלערנטע װײב פֿון ר' מאיר, האָט געשלאָגן אַ תּלמיד װאָס האָט געלערנט שטיל, װײַל עס שטײט דאָך בפירוש—כל עצמותי תאמרנה — לערנען דאַרף מען מיט אַלע גלידער (עירובין נ"ג—נ"ד).

ר' יוחנן זאָגט: װער עס לערנט אָן אַ ניגון און לערנט אָן געזאַנג, — אױף אים גײט דער פּסוק: איך האָב אײַך געגעבן ניט קײן גוטע געזעצן (מגילה, ל"ב; מסכת סופרים, פּג', סוף הלכה י'). (אױך אין "יורה דעה")

װעגן װירקונג פֿון קאָלעקטיװן לערנען אױף דער אינטויציע

א) װי צװײ אײזנס צװישן אַנאַנד אַזױ שלײפֿן זיך תּלמידי חכמים קעגנזײטיק.

ב) אײן פֿײער ברענט ניט אַלײן, אַזױ אױך דברי תּורה.

ג) װו אַ קלײנער פֿײער צינדט אָן אַ גרױסן, אַזױ צינדן די קלײנע לערנער די גרױסע.

ד) אַם מערסטן האָב איך געלערנט פֿון מײַנע תּלמידים.

ה) פֿאַר דברי תּורה איז צום ערגסטן צעשטרײטקײט והיסח הדעת. (תענית, ז' א').

פֿון מענטשן, זײַן גאַנצער "איך" דאַרף זײַן אַרײַנגעטאָן אין לערנען. אַזש דעם "מקובל" אַליין, דעם יצר הרע דאַרף מען שלעפּן אין בית־מדרש אַרײַן. אין דעם איז פֿאַראַן אַ פּסיכאָלאָגישער אמת: ניט מעגלעך קײַן שום אינטוּיִציע אין אַ געביט, וואָס האָט דעם מענטשן ניט פֿאַרכאַפּט. דאָרטן ווּ איך טו בלויז דאָס, וואָס עס איז מײַן חובֿ צו טאָן, דאָרטן ווּ עס איז אײַנגעשפּאַנט בלויז דער ראַציאָ, ווּ עס פֿעלט אָבער אַ טריב, אַ נייגונג, אַ גלוסטונג (פֿון "יצר הרע"), — דאָרטן איז ניט קײַן אינטוּיִטיווע שעפֿערישקייט. דאָס זינגען אויפֿן קול, דאָס באַוועגן זיך בײַם לערנען האָט געדאַרפֿט צווישן אַנדערע מיטלען אויך פֿירן צו קאָנצענטרירטקייט. דער ניגון בײַם לערנען, דער רעציטאַטיוו בײַם לערנען און לייענען איז אַ מיטל צו פֿאַרבינדן דאָס לערנען מיט דער עמאָציאָנעלער ספֿערע. בײַ ייִדן דאַרף דאָס לערנען ניט זײַן פֿאַרבונדן בלויז מיט דעם ראַציאָ. מען דאַרף די תּורה שפּירן אין זיך. דאָס אַלץ דאַרף פֿאַרשטאַרקן צו פֿאַרברייטערן די אינטוּיִציע־ספֿערע, די גײַסטיקע זעלבסטשטענדיקייט פֿון דעם לערנער.

---

און דאָס איז ניט צופֿעליק אַזוי סתּם אויסגעוואַקסן אַזאַ צוגאַנג. דאָס איז אָרגאַניש געווען אײַנגעפּאַסט אין די ראַמען פֿון די אַלגעמײנע נאַציאָנאַלע אויפֿגאַבן פֿון דערציִונג. עס פֿאָדערט זיך פֿון יעטווידער ייִדן אַ זעלבסטשטענדיקע אַקטיווקייט כּדי אײַנצוהאַלטן ייִדישקייט. אָבער כּדי אײַנצוהאַלטן "גוייִשקייט" איז אַזאַ זעלבסטשטענדיקייט ניט נאָר ניט נייטיק געווען, נאָר אָפֿט האָט זי נאָך געקענט שטערן. די ניט־ייִדישע פֿעלקער האָבן תּמיד געלעבט מיט דעם כּוח פֿון דער אָרגאַניזירנדיקער מאַכט פֿון דער מדינה, מלוכה, וואָס אָרגאַניזירט דאָס גאַנצע לעבן, און באַשטימט זײַנע ריכטונגען. עס איז ניט קײַן אונטערשייד צי איז דאָס די וועלטלעכע מאַכט פֿון דער קירך, פֿון דער מלוכה צי פֿון עפּעס אַן אַנדער מין, תּמיד האָט די מאַכט דורך אַ ספּעציעלן אַפּאַראַט אַרויפֿגעצוווּנגען אויף די אונטערטעניקע בירגער איר ווילן און איר גאַנג. יעטווידער יחיד פֿאַר זיך האָט געדאַרפֿט זײַן בלויז פֿאָלגעוודיק. דעם קיום פֿון פֿאָלק האָט אײַנגעהאַלטן די מאַכט. אָן אַזאַ אָרגאַניזירנדיקער און אַרויפֿצווינגענדיקער מאַכט האָבן זיך פֿעלקער ניט געקענט האַלטן קײַן לענגערע צײַט. יעטווידער יחיד באַזונדער האָט געקענט פֿאָלגן. אָבער יעטווידער ייִד האָט אויך ביחידות געדאַרפֿט "פּראַווען" ייִדישקייט, אײַנהאַלטן זי, און יעטווידער ייִדישער פּרט באַזונדער האָט געדאַרפֿט געפֿינען די פֿאָרמען פֿון ייִדישקייט, וואָס זײַנען אַמפּאַסיקסטן אין זײַנע תּנאים. יעטווידער ייִדישער יחיד האָט געדאַרפֿט זײַן בכּוח צו האַלטן זײַן ייִדישקייט לויט זײַן סבֿיבֿה, ווּ ער וועט זײַן, אין וואָסערע סבֿיבֿות און תּנאים ער זאָל ניט מגולגל ווערן. אומעטום און אַלעמאָל זאָל ער אַליין האָבן דעם ווילן און דעם כּוח צו אָרגאַניזירן און אײַנפּאַסן און אײַנהאַלטן זײַן ייִדישקייט. קײַן מאַכט, קײַן באַפֿעלערישער אָרגאַן האָט קיינמאָל ניט מאָביליזירט קײַן ייִדן צו גיין "על קידוש השם", זיי פֿלעגן גיין אַליין. ניט געווען קײַן מאַכט, קײַן צוואַנג־כּוח, וואָס זאָל שיקן ייִדן בײַצושטיין און אויסצושטיין פּאָגראָמען, שמדן, גזירות און מגיפֿות, צווינגען זיי אויפֿצושטיין אויף מאָרגן, ניט משוגע ווערן פֿון צרות, פֿון צער און צאָרן, ניט פֿאַרלירן דעם גלויבן אין זיך, ניט דערשרעקן זיך הכנעהדיק פֿאַר די "תּועים", ניט שלײַדערן קײַן שטיינער אין די "קופּעס", אין זיך, אין גאָט, נײַערט אין טיפֿן ווײַטאַק אויפֿשטיין אויף מאָרגן, "מצדיק את הדין" זײַן אויף די טויטע, גומל בענטשן פֿאַר די לעבעדיקע, מבֿטל זײַן דעם כּוח פֿון הערשנדיקער רשעות, דאַנקען גאָט "שלא עשני גוי" און "ולא שם חלקנו עמהם", אַט מיט די, וואָס זײַנען "עם הדומה לחמור", — און ווײַטער לעבן און ווײַטער לעבן. קײַן איין גענעראַל, קײַן איין פּאָליציאַנט האָט דאָך קיינמאָל ניט געפֿירט קײַן שום ייִדן אויף די וועגן. דאָס איז דאָך יעטווידער ייִד פֿון זײַן אייגענער, אינעווייניקסטער אָרגאַניזירנדיקער איניציאַטיוו געגאַנגען אויף די וועגן. האָט דאָך קיינמאָל קײַן איין דרויסנדיקער מאַכט־האָבער ניט געהייסן קײַן ייִדן מקיים זײַן דעם חובֿ פֿון "אַלגעמיינעם שול־צוואַנג" מיטן פּחד פֿאַר שטראָף. האָט דאָך דער ייִד און אַלע דורות ייִדן געדאַרפֿט פֿון דאָס נײַ, אַליין טראָגן ייִדישקייט, זוכן פֿאַר איר שטעגן־וועגן. דאָס האָט געפֿאָדערט מער זעלבסטשטענדיקייט פֿון יעטווידער יחיד, פֿון יעטווידער ייִדן. אין דעם איז דאָך אייגנטלעך באַשטאַנען דער גאַנצער אויפֿטו פֿון די פּרושים און פֿון זייער קולטור־סיסטעם, וואָס זיי האָבן דעם גורל פֿון ייִדישקייט איבערגעגעבן אין די הענט פֿון יעטווידער ייִדן און פֿון אַט די יחידים זאָל זיך שאַפֿן אַ כּלל אָן אַ צוואַנג פֿון אַ פֿיזישער מאַכט. און מען דאַרף זאָגן, אַז די פּרושים האָבן זייערס דערגרייכט. צי האַלט עמיצער פֿון "גלות"־ייִדישקייט, צי האַלט ער ניט, אָבער דער פֿאַקט פֿון אויסגעהאַלטנקייט בלײַבט דאָך לכל הדעות, און דאָס איז דערגרייכט געוואָרן אין אַ גרויסער מאָס אַ דאַנק די ספּעציפֿישע דרכים פֿון דערציִונג און פֿאָלקס קולטור בכלל. און צווישן זיי איז דער וועג פֿון אינטוּיִציע און דערציִונג איינער פֿון די וויכטיקסטע.

דורך דרײַ פֿאַקטאָרן ווירקט דערציִונג: וויסן, געפֿילן און אײַנגעלעבטע געוווינהייט, נאָרמעס אין לעבן. די שטאַרקסטע און די ווירקזאַמסטע צווישן זיי איז די לעצטע, די נאָרמירנדיקע דיסציפּלין. די גרעסטע טראַגעדיע פֿון דער מאָדערנער ייִדישקייט אין אַמעריקע, למשל, איז דאָס, וואָס ייִדישקייט האָט דאָ אויפֿגעהערט צו זײַן אַ פֿעסטע דיסציפּלין אין לעבן מיט נאָרמעס און מיט פֿאָרמעס. ניט דאָס וויסן פֿורעמט אויס דעם מענטשן, ניט זײַן געלערנטקייט גיט אים זײַן געשטאַלט און כאַראַקטער. אויך ניט די עמאָציעס, די געפֿילנייגונגען, זײַנע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. דער מענטש געהערט צו דער גרופּע וואָס דיקטירט אים אירע נאָרמעס אין זײַן לעבן; ווער עס גיט די דיסציפּלין צו דעם געהערט דעם מענטש. וויכטיק איז דאָס וויסן פֿון דעם מענטשן. נאָך וויכטיקער זײַנען זײַנע עמאָציעס. אָבער ניט זיי פֿירן דעם מענטשן אין זײַן לעבן.

די דערציִונג פֿון דיסציפּלין איז געווען ניט בלויז אין שול, אין חדר, נאָר אין דער היים און אין לעבן בכלל. "והיה כּי ישאלך בנך", "מחנכין את הקטן במצוות", — מען דאַרף האָדעווען קליינע קינדער אין מצוות נאָך איידער זיי פֿאַרשטייען עפּעס. אַ גרויסער טייל פֿון ייִדישן שטייגער, פֿון דעם יום־טובֿ שטייגער איז געווען פֿון לכתּחילה געווענדט צו די קינדער, צו ווירקן אויף זיי אײַנצוגעוווינען זיי. אַרײַנצופֿירן זיי אין יאָך פֿון ייִדישקייט. שפּעטער האָט דאָס דער חדר גענומען אויף זיך. דער חדר האָט ניט געשטרעבט צו באַלערנען, צו געבן סכומים וויסן. דער עיקר איז געווען דאָס אַרײַנפֿירן אין שטייגער לעבן — דאַווענען. זאָגן תּהילים, מנהגים. דאָס אַלץ איז געקומען אין דער ערשטער ריי. שפּעטער, אין גמרא חדר, אין ישי־

בּה, האָט מען געזאָרגט פֿאַר דעם לערנען, אין חדר ניט. די מעשׂיות פֿון דעם גלויביקן רבין (לעגענדעס) אגדתות — דאָס האָט געדאַרפֿט ווירקן אויף די עמאָ־ציעס פֿון קינד: ייִדן וועלן גיין אויף אַ פּאַפּירענעם בריק און וועלן אויסהאַלטן, בעת די גויִים וועלן גיין אויף אַן אײַזערנעם בריק און וועלן ניט אויסהאַלטן. די ערשטע מדריגה אין דערציִונג, דער חדר האָט דאָס געדאַרפֿט לייגן דעם יסוד פֿאַר די דיסציפּלינירניקע נאָרמעס אין לעבן. דער חדר, שטוב און בית־מדרש האָבן דאָ געאַרבעט צוזאַמען אין דער זעלביקער ריכ־טונג. לערנען האָט אַ ייִד געדאַרפֿט אַ גאַנץ לעבן, דאָס איז געווען די צווייטע מדרגה. פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דידאַקטיק איז דער חדר געווען זייער שוואַך. ער האָט זייער ווייניק געגעבן וויסן. עס האָט אָבער זייער גוט אַרײַנגעפֿירט זײַנע תּלמידים אין ייִדישן לעבן אַרײַן. דאָס איז אויך געווען זײַן אויפֿגאַבע. דער חדר דאַרף ניט פֿאַרגליכן ווערן צו אַ שול. ער איז געווען מער אַ דערציִונגס הויז איידער אַ לערן הויז. די פֿולע ווערט פֿון מעטאָד פֿון לערנען האָט זיך אַרויסגעוויזן אין ישיבֿה.

---

## 12. וועגן גורל פֿון דער אײַראָפּעישער פּעדאַגאָגיק

---

ווי געזאָגט האָט דער קיום פֿון ייִדישקייט פֿאַר־לאַנגט אויסצוהאָדעווען מענטשן מיט אַן אינעווייניקס־טער דיסציפּלין, מיט איניציאַטיוו צו אָרגאַניזירן און שאַפֿן ייִדישקייט כּסדר פֿון דאָס נײַ, אויף דאָס נײַ. האָט זיך דאָ, בײַ ייִדן אויסגעאַרבעט אַזאַ אַנטשפּרע־כיקע דערציִונגס־סיסטעם. האָט דער „קיום הגוייִש־קייט" פֿאַרלאַנגט צו דערציען מענטשן, וואָס „פֿאָלגן די פֿאַרשריפֿטן". איבעריקס איז דאָ דער קיום פֿון גוייִשקייט בכלל קיין פּראָבלעם ניט געווען. האָט זיך דאַרטן אויסגעאַרבעט אַ דערציִונג פֿון אַזאַ ריכטונג. און די העכסטע מדרגה פֿון אָרגאַניזירטקייט און סיס־טעמאַטיזירטקייט האָט די דערציִונגס־סיסטעם דער־גרייכט בײַ די יעזויִטן. דער יחיד פֿאַרשפּאַרט צו זאָרגן, צו טראַכטן. אַלץ איז באַשטימט פֿון פֿריער און פֿון עמיצן. דו, יחיד, וועסט שוין באַקומען פֿאַרטי־קערהייט. אַט אַזוי און אַזוי דאַרפֿסטו ריידן, אַט אַזוי און אַזוי דאַרפֿסטו טראַכטן. און קיינמאָל האָט זיך אײַראָפּע פֿון אַט דער יעזויִטישער אָפּהענגיקייט ניט באַפֿרײַט. תּמיד און אַלעמאָל קענט איר שפּורן בולטע געפֿינען פֿון יענער סיסטעם. און אין די צײַטן פֿון שטורעם און דראַנג? — האָט רוסאָ געשטורעמט און אײַנגעבראָכן די יריחו־ווענט פֿון דער דערציִונג. האָבן פֿעלקער אים, רוסאָ, געשטעלט דענקמאָלן און — דער־ציוגן ווי זיי זײַנען געווען פֿון פֿריער. האָט דער האַרציקער אַלטיטשקער פּעסטאַלאָצי, ווי אַ הייליקע ליכט, אַ לעבן אָפּגעפּלאַמט פֿאַר אַ דערציִונג פֿון די אינטימע כּוחות פֿון מענטשן. האָט אַ מלכּות (אַלעקסאַנדער דער ערשטער) אַזש אַ קוש געטאָן דעם ליבן אַלטן בטלן אין שטערן, האָט מען אײַנגעפֿירט זײַן בילד און זײַן ביאָגראַפֿיע אין אַלע לערער־סעמי־נאַרן, אָבער דערציען, דערציט די וועלט לויט די דרכים ניט פֿון פּעסטאַלאָצי. איז געקומען פֿרעבל, דער במעט מיסטישער גלויבער אין געטלעכקייט פֿון מענטשן און האָט געזוכט צו שאַפֿן אַ דערציִונג פֿון אינטויִציע, איז ער אַפֿילו ניט דערגאַנגען צו דער שול. און איז אײַראָפּעישער דערציִונג האָט זיך פֿאַרפֿעסטיקט דווקא די סיסטעם פֿון הערבאַרט. ער האָט געהאַט תּלמידים און אָנהענגער, וואָס האָבן זײַנע דרכים דורכגעפֿירט אין לעבן אין משך פֿון אַ גאַנצן יאָרהונדערט. און עס איז ניט קיין צופֿאַל. עס איז ניט דערפֿאַר, וואָס הער־באַרטס סיסטעם איז „בעסער". ניין, זי איז אַם פּאַ־סיקסטן געווען אין אײַראָפּע: מיט איר קולט פֿון „פֿאַרשטעלונגען", האָט זי די דערציערישקייט פֿון „דערציערישן לערנען" געזען אין ראַציאָנאַליזם. האָט זי ווידער אַמאָל מיט אירע „מעטאָדישע איינסן" און „דיראַקטישע מדרגות" געמיינט צו ניוועלירן און באַ־הערשן מענטשלעכע מוחות.

און בלויז אַ קורצע צײַט צווישן די מלחמות האָבן מיר געזען אין אײַראָפּע אַ קאַמף קעגן דעם ניוועלירנ־דיקן הערבאַרטיאַניזם. אָבער איידער וואָס ווען איז אַנשטאָט אים, פֿאַרבײַ די רעפֿאָרמע־זוכער, אויסגע־וואַקסן אַן אַנדער דערציִונג סיסטעם, וואָס איז נאַקע־טער, שרעקלעכער און ציניִשער און זי באַהערשט די וועלט: עס איז פֿאַראַן אַ „פֿירער" און אַ פֿאָלק דאַרף זײַן אַ סטאַדע שאָף און שרײַען „מע", טאַנצן פֿאַר זײַן רײַטוואַגן און שרײַען „הייל"... ווּ מענטשן? ווען מענטשן? — אַ הויכע קופּע באַוואַלגערע מענטשן־ווערים, כּדי דער פֿירער זאָל זײַן העכער... און די דערציִונג אין דעם גײַסט איז אַ סך מער פֿאַרשפּרייט, ווי מען קען דאָס מיינען לויט דער פּאָליטישער קאַרטע. און אפֿשר? — אפֿשר העלפֿט די דערציִונג אין אַ סך ערטער דעם געבורט פֿון פֿאַשיזם? אפֿשר גרייט זי די דערציִונג (אָפּט אונטער אַ דעמאָקראַטישער מאַסקע) מאַסן־מאַטעריאַל פֿאַרן פֿאַשיזם?..

---

מאָדערנע ייִדן זײַנען געגאַנגען זוכן דערציִונגס־קולטור בײַ לײַטן, האָט מען ניט געלערנט זיך פֿון לײַטן, נאָר פּשוט נאָכגעמאַכט, קאָפּירט. דאָס אייגענע האָט מען פֿאַרלאָרן און דאָס פֿרעמדע איז אָפֿט ניט גאָר קיין פֿרישע סחורה...

---

## רעזומע

---

א) די טראַדיציאָנעלע דערציִונג איז געווען דער מיטל פֿון קיום פֿאַרן פֿאָלק, פֿאַר ייִדישקייט.

ב) לערנען לערנט מען בלויז די תּורה פֿון פֿאָלק, נאָר דאָס וואָס איז אָנגענומען און גאָגבאָר אין פֿאָלק, דאָס פֿאָלקסטימלעכע; „תּורה שבעל פּה" האָט עס געהייסן אַמאָל.

ג) „לערנען" איז ניט קיין חזרן כּדי צו וויסן. לערנען הייסט פֿורעמען און פֿאָרמולירן דאָס פֿאָלקס־טימלעכע, פֿאַרבינדן דאָס כּסדר מיט פֿיקסירטער פֿון פֿריערדיקע דורות „תּורה שבכתבֿ".

ד) אַט די פֿיקסירטע תּורה שבכתבֿ דאַרף גע־לערנט ווערן ווי זי וואָלט געגעבן געוואָרן אין דעם דור, אין דער געגעבענער צײַט. אין די אַלטע ווערטער דאַרף תּמיד זײַן דער אינהאַלט פֿון הײַנט. מען דאַרף די „תּורה שבכתבֿ" תּמיד צופּאַסן צו דער תּורה שבעל פּה פֿון געגעבענעם דור. די תּורה מוז זײַן אַקטועל אין יעטווידער דור, אין אַלע ייִדישע לאַגעס.

ה) אַט דער אַקטואַליזאַציע־מעטאָד איז דער היי־פּוך פֿון דעם היסטאָריזאַציע־מעטאָד. ער האָט גע־בראַכט דערציו, וואָס כּדי זיך צו פֿילן פֿאַרבונדן מיט זײַנע פֿאַרגייער האָט אַ ייִד ניט געדאַרפֿט קיין „הים־

טאָרישע עקסקורסיעס", נאָר די גאַנצע "היסטאָריע" איז תּמיד געווען אַקטיוו אין זייַן לעבן ממש. אַלץ — די פּסוקים, די העלדן, גאָט אַליין — אַלע גייען מיטן ייִדן . . .

ו) דידאַקטיש איז בייַ ייִדן די פּערזאָן פֿון לערנער געשטאַנען איבער דעם מאַטעריאַל פֿון לערנען. דער לערנער איז ניט קיין כּלי אייַנצוהאַלטן פּאַרטיקן פֿיקסירטן וויסן. ער דאַרף זייַן בכּוח אים צו באַנוצן און אויסצונוצן אין דעם גייַסטיק־מאָראַלישן לעבן פֿון דער סבֿיבֿה, אים צו שאַפֿן, איבערשאַפֿן ווי פֿון דאָס נייַ.

ז) די צוועקן האָבן פֿאַרלאַנגט פֿרייַהייַט און אויסוואַל פֿון לערנמאַטעריאַל און פֿון זייַן סיסטעמאַטיזירונג. וויכטיק זייַנען די אַנטוויקלונגס־מדרגות פֿון מאַטעריאַל.

ח) עס קען צוליב די צוועקן פֿון ייִדישער דערציִונג אָבער ניט זייַן קיין שום ספּעציעלער שול־מאַטעריאַל, וואָס איז ניט סאַנקציאָנירט פֿון פֿריער ווי אַ קולטור־מאַטעריאַל פֿון פֿאָלק בכלל.

ט) די מעטאָדן פֿון לערנען האָבן דעם ייִדישן לערנער געמאַכט מער זעלבסטשטענדיק, מער אחריותדיק פֿאַר זייַנע געדאַנקען און אַרויסזאָגונגען, מער אַקטיוו אין זייַן וועלט־באַנעם, און אויך מער איניציאַטיוו אין ייִדישן לעבן בכל.

י) די דרכים פֿון לערנען און קולטור־לעבן האָבן בייַם ייִדן אַנטוויקלט מער די אינטויִטיווע דענק־פֿעיִקייַטן, אַזוי ווייַט, אַז מען קען, דאַכט זיך, דעם געדאַנקען־גאַנג האַלטן פֿאַר כאַראַקטעריסטיש פֿאַר ייִדן בכלל.

יא) אָט די נייגונג צום אינטויִטיוון דענקען, און דאָס באַנוגענען זיך מיט אים, האָט זיכער אויך געפֿירט צו דעם, וואָס ייִדישע טראַדיציע ווייס ניט פֿון סינטעטיש־וויסנשאַפֿטלעכע טראַקטאַטן אויף וועגן דערציִונג, ווי וועגן די יסודות פֿון ייִדישקייַט בכלל.

געשריבן, 1938; איבערגעאַרבעט, זומער, 1944.



● יחיאל שטערן

# די שול ווי אַ רעוואָלוציאָנערער פֿאַקטאָר

(אויסצוג פֿון אַ גרעסערער אַרבעט : "פּראָבלעמען פֿון יִידישער דערציִונג אין אַמעריקע")

אין פֿאָריקן קאַפּיטל זײַנען מיר געקומען צום אויספֿיר, אַז אַ גאַנצע אָריגינעל־יִידישע טאָג־שול, וואָס זאָל האָבן די יִידישע יוגנט אינגאַנצן פֿאַר זיך, קאָן פֿאַרזיכערן דעם המשך פֿון דער יִידישער קולטור בכל תּפֿוּצות ישׂראל מיט אַמעריקע אַרײַנגערעכנט.

קען מען טאַקע לייגן אַזעלכע גרויסע האָפֿנונגען אויף אַ שול־וועזן ? איז עס דען ניט אמת, אַז אַ שול ווען איז הילפֿלאָז דאַן ווען די היים באַשטעטיקט ניט, אָדער בעסער געזאָגט, פּראַקטיצירט ניט דאָס וואָס די קינדער לערנען אין שול ? די פֿראַגע איז ספּעציעל וויכטיק פֿאַר אונדז צוליב דעם, וואָס אַ סך זייער ערנסטע פּעדאַגאָגן בײַ אונדז דערקלערן די קנאַפּע דערציערישע רעזולטאַטן פֿון דעם שוין פֿאַראַנענעם יִידישן שול־וועזן מיט דעם, וואָס די יִידישע היימען זײַנען, אַזוי צו זאָגן, אויסגעלײדיקט פֿון יִידישקײַט. אָט די דאָזיקע דערקלערונג איז עלול באמת צו פֿירן צו זייער טרויעריקע אויספֿירן בנוגע דער צוקונפֿט פֿון דער יִידישער קולטור, באַזונדערס אין די אַמעריקאַנער לענדער. און ניט איין יִידישער קולטור־טוער איז שוין געשטרויכלט געוואָרן אויף דעם דאָזיקן אבן־נגף. ס'איז דעריבער נייטיק צו באַווײַזן, אַז אַ שול איז יאָ בכּוח צו שפּילן די ראָל פֿון אַ רעוואָלוציאָנערן פֿאַקטאָר און קען שאַפֿן אַ סבֿיבֿה.

כּדי דאָס צו באַווײַזן דאַרפֿן מיר פֿריער זיך פֿאַרנאַנדערקלײַבן אין דעם עצם ענין, וואָס מיר רופֿן אַן סבֿיבֿה־שאַפֿונג. ווי אַזוי ווערט די מענטשלעכע געזעלשאַפֿט באַווירקט און ממילא באַהערשט ?

נאָך די מאַטעריאַליסטן פֿון 18טן יאָרהונדערט האָבן פֿעסטגעשטעלט, אַז "מיינונגען באַהערשן די וועלט". פּשוט גערעדט, מיינט עס, אַז די מענטשלעכע געזעלשאַפֿט פֿירט זיך אויף לויט אַ באַשטימטן "באַוווּסטזײַן", וואָס איז אָנגענומען ווי די געזעלשאַפֿטלעכע מאָראַל. די דאָזיקע "עפֿנטלעכע מיינונג" נאָרמירט די געזעלשאַפֿטלעכע באַציִונגען. דעם דאָזיקן געדאַנק האָט קאַרל מאַרקס אויסגעדריקט אַזוי : — "אידעע אין די מוחות פֿון די מאַסן איז מאַכט", וואָס באַדײַט, אַז אויב אַ געוויסע וועלט־אַנשויוּנג ווערט דער געזעלשאַפֿטלעכער "באַוווּסטזײַן", ווערט זי די אָנגענומענע הערשנדיקע מאָראַל. די אָרגאַניזאַציע, וואָס באַווײַזט צו מאַכן אירע אידעען פֿאַר דעם אייגנטום פֿון די ברייטע מאַסן, ווערט די הערשערין איבער די דאָזיקע מאַסן.

דער כּוח פֿון די עקאָנאָמישע באַדינגונגען ליגט לפֿי זה, פֿאַקטיש אין דעם, וואָס זיי שאַפֿן באַשטימטע "באַוווּסטזײַנס" בײַ די מענטשן וואָס לעבן אין זייער נויט, למשל, שאַפֿט בײַ מענטשן דעם דראַנג צו זוכן אַן אויסוועג פֿון אַ ביטערער מערכה. יעדער נײַע אידעע איז, דעריבער, אַ מין פֿאַרזוך, אַ פּלאַן, געשטיצט אויף דער ביז־איצטיקער דערפֿאַרונג, וואָס באַצוועקט אויסצובעסערן די ביז איצטיקע געזעלשאַפֿטלעכע פֿעלערן. די גרופּע פֿון דער געזעלשאַפֿט, וואָס קומט צו די ברייטע מאַסן מיט אַן אידעע, וואָס זעט אויס צו זיין אויסלייזעריש אויפֿן מאָמענט, ווערט די הערשערין איבער דער געזעלשאַפֿט. מאַרקס דריקט אויס דעם געדאַנק אַזוי : כּדי אַ קלאַס זאָל קענען קומען צו דער מאַכט איז נייטיק, אַז זײַנע לאָזונגען זאָלן זײַן באַפֿרײַערישע פֿאַר דער מערהײַט פֿון דער געזעלשאַפֿט, אַזוי אַז באַפֿרײַענדיק זיך אַליין, דאַרף ער באַפֿרײַען די ברייטע מאַסן פֿון פֿאָלק.

פֿון דעם געזאָגטן איז קלאָר : אַז ס'איז אַ געוויסע וועלט־אַנשויוּנג, וואָס באַווײַזט צו ווערן דער דעת־הקהל, וואָס הערשט פֿאַקטיש און שאַפֿט סבֿיבֿה.

דער רעגירונגס אַפּאַראַט ווערט אַרויסגערופֿן צום לעבן צו באַשיצן אָדער פֿאַרשפּרייטן אַ באַשטימטע מאָראַל, אָבער זי איז בלויז דער אינסטרומענט אין די הענט פֿון די וואָס זײַנען די אָביעקטיווע טרעגער פֿון געוויסע "מיינונגען". אין אַ קלאַסן געזעלשאַפֿט איז די געזעלשאַפֿטלעכע "מיינונג" די רעזולטירנדיקע פֿון די פֿאַרשיידענע זיך קעגנזײַטיק קרײַצנדיקע "באַוווּסטזײַנס". דער מאַכט־אַפּאַראַט איז דאָ אַ היסטאָרישע נויטווענדיקײַט, וואָרום ער האַלט צונויף ווי אַ רייף די געזעלשאַפֿט זי זאָל ניט אויפֿגעריסן ווערן פֿון אינעווייניק. עס איז דעריבער, לײַכט זיך אָפּצונאַרן און מיינען, אַז ס'איז טאַקע דער רעגירונגס אַפּאַראַט וואָס שאַפֿט סבֿיבֿה און לעבנס־אָרטן. דער אמת איז אָבער, ווי געזאָגט, אַז ס'איז די אידעע, וואָס הערשט אין די מוחות פֿון די מאַסן.

אין אַ געזעלשאַפֿט, וווּ די נאַציאָנאַלע און קלאַסן קאָנפֿליקטן זאָלן רעדוצירט ווערן ביז צום מינימום, אָדער אינגאַנצן אָפּגעשאַפֿט ווערן, וועט דער מאַכט־אַפּאַראַט פֿאַרלירן זײַן עקזיסטענץ באַרעכטיקונג, און די "מיינונג" אין איר ריינער פֿאָרם וועט קלאָר אַרויסטרעטן אַלס הערשערין.

משפּיע זײַן אַ געוויסע געזעלשאַפֿט, מיינט דעריבער, מאַכן געוויסע אידעען פֿאַר דער אָנגענומענער מאָראַל פֿון דער דאָזיקער געזעלשאַפֿט. באַשטימטע אינסטיטוציעס וואָס פֿאַרשפּרייטן "מיינונגען", זײַנען עס דער "זײַן" וואָס שאַפֿט דעם "באַוווּטזײַן" (ווי מיר האָבן שוין אָנגעוויזן אין ערשטן קאַפּיטל פֿון דער דאָזיקער אַרבעט, ווען מיר האָבן גערעדט וועגן דער באַדײַטונג פֿון "אָביעקטיווע באַדינגונגען").

איצטער איז לײַכט צו פֿאַרשטיין די גוואַלדיקע רעוואָלוציאָנערע ראָל, וואָס אַ שול קען שפּילן אין דער געזעלשאַפֿט. וואָרום דאָ האָבן מיר פֿאַקטיש צו טאָן מיט אַ פֿאַבריק, וואָס שאַפֿט "מיינונגען", אַזוי צו זאָגן.

די ווירקונג פֿון אַ שול מוז זײַן אַ דויערנדיקע. וואָרום זי פֿאָרמירט דעם כאַראַקטער פֿון קינד, וואָס פֿאַרמאָגט וויניק לעבנס־דערפֿאַרונג און האָט ניט,

אזוי צו זאגן קיין אייגענע איינגעשטעלטע "מיינונגען"; דערצו באאיינפלוסט די שול בהדרגהדיק אין משך פון א לענגערער צייט, און א געוויסן לעבנס־פיר קען זי מאכן פאר פשוטע רגילותן ביי אירע תלמידים, וואס וועלן שוין ניט קענען פטור ווערן פון זיי אפילו ווען זיי וועלן זיין דערוואקסענע. ניט נאר איז א שול בכוח צו שאפן דעם דעת־הקהל פון די שפעטערדיקע דערוואקסענע, נאר זי האט אויך ביד שטארק צו באווירקן די היימען פון די קינדער, וואס זי דערציט. ווארום יעדער תלמיד, אויב ער איז טיף באווירקט פון דער שול, איז א פארטיקער אגענט, וואס זי די שול, שיקט אריין אין יעדער היים צו פארשפרייטן אירע אידעען און אפילו איינשטעלן באשטימטע פירונגען. אויב עס וועלן אנשטיין צוליב דעם, קאנפליקטן צווישן עלטערן און קינדער, וועלן די לעצטע שטענדיק זיין די זיגער.

מיט דעם אויבן געזאגטן, דערקלערט זיך, וואס יעדער מערהייטס נאציע באמיט זיך, אין די ראמען פון איר מלוכה, צו אסימילירן אירע מינדערהייטן מיט דער הילף פון א שול ווען. מיר, ווי א נאציאנאלע מינדערהייט קענען א סך דערציילן וועגן דעם. ווי מיר האבן שוין אנגעוויזן אין ערשטן קאפיטל פון דער דאזיקער ארבעט, איז עס פאקטיש די שול מיט דער מלוכישער לערנשפראך, וואס מאכט כמעט אוממעגלעך דעם ווייטערדיקן נארמאלן המשך פון דער יידישער קולטור; ווארום די מערהייט פון דער יידישער יוגנט ווערט דערצויגן אין די דאזיקע לאנד־שפראך שולן. אויף דעם האט נאך אנגעוויזן שלום־אש אין זיין בוך "קיין אמעריקע", אז ווי נאר "די קאמאנדע", דעם אימיגראנטס קינדער זיינען אוועק אין דער "פאבליק־סקול", איז ענגליש געווארן זייער לשון. אויף דעם ווייזט אויך אן י. י. שווארץ אין זיין "קענטאקי", אז ס'איז די "פאבליק־סקול", וואס שניידט אוים די צונג, דאס לשון פון די עמיגראנטישע עלטערן, פון די קינדערשע מיילער.

אונדזער איצטיקע עפאכע האט אונדז צוגעשטעלט ממש אויגן־רייסנדיקע באווייזן וועגן דער גוואלדיקע ראל, וואס א שול קאן שפילן ווי א רעוואלוציאנערער פאקטאר ביים איינשטעלן "מיינונגען". פאר אונדזערע אויגן האט נאצי דייטשלאנד, ימח שמה וזכרה, אין משך פון א קורצער צייט מיט דער הילף פון א שול וועזן פארסמט א יוגנט און אויפגעשטעלט א דור פון פשוטע מאנקענען, וואס האבן פארלארן ממש יעדער צורת־אדם. די קינדער זיינען אזוי ווייט פארטשאדעט געווארן, אז זיי האבן אן שום וואקל אפילו געמסרט זייערע עלטערן פאר דער מאכט. אויב מען קען אזוי אויסקנעטן און ממש איינדרעסירן די נשמה פון קינד לרעה, פארוואס זאל מען עס ניט קענען טאן לטובה?

אט האט טאקע סאוועטן פארבאנד — אויך א מלוכה, וואס האט געדארפט איינשטעלן א נייע וועלט־אנשויונג, שאפן א "באוווסטזיין" — באוויזן אינגאנצן אין משך פון אריבער צוויי צענדליק יאר, אויפצוהאדעווען א יוגנט פון פאנאטיש־גלויביקע, וואס טרייבן איצט די נאצים מיט אזויפיל גבורה און מסירת נפש. אויף די שלאכט־פעלדער שלאגן זיך איצט אין לעצטן סך־הכל פאלקס־לערער . . . דא קומט בולט צום אויסדרוק ווי ווייט א שול־וועזן פון א געוויסן לאנד האט באוויזן צו באווירקן איר יוגנט, וואס שלאגט זיך איצט.

און ביי אונדז, יידן? די חז"ל האבן שוין לאנג געזאגט, אז אינם זכות פון תינוקות של בית רבן, האט אונדזער פאלק א קיום. אז אן אייגן לאנד און מלוכה שטייען יידן ווי א לעבעדיקער מוסטער פאר דער גאנצער וועלט, ווי אזוי, א פאלק קען שטיצן א זיין נאציאנאלע אויפהאלט בלויז אויף קולטור געמיינשאפטלעכקייט. אן מלוכישן צוואנג האט אונדזער פאלק אויסגעלערנט זיך אין משך פון טויזנטער יארן צו נארמירן זיין נאציאנאל לעבן בלויז מיט דער הילף פון מאראל, פעסט־איינגעשטעלטע "מיינונגען" און לעבנס פירונגען. און ס'איז געווען דאס עלטסטע, אלגעמיינע אריגינעל־נאציאנאלע שול־וועזן וואס יידן האבן געשאפן און איינגעשטעלט די דאזיקע אייזן־פעסטע מאראל. אונדזער אומגליק ביים היינטיקן טאג באשטייט טאקע אין דעם, וואס די "נהיה ככל הגוים פסיכאלאגיע" האט צעבראכן די מאראלישע יסודות אויף וועלכע אונדזער נאציע האט געשטיצט איר עקזיסטענץ אין משך פון טויזנטער יארן; און ביז איצט האבן מיר נאך ניט באוויזן צו באהערשן מוחות פון די ברייטע יידישע מאסן מיט א שטארקער אידעע, וואס זאל איינשטעלן א דעת־הקהל, ווי מיר האבן עס געהאט ביז ניט לאנג בערך. אן אריגינעל־יידישער שול־וועזן, וואס זאל האבן די יידישע יוגנט אינגאנצן פאר זיך, קען אויך אויף להבא ווערן דער בית־היוצר לנשמת האומה. די סיבות פון די קנאפע דערפאלגן פון דעם שוין פאראנענעם יידישן שול־וועזן דארף מען דעריבער זוכן אין דעם שול־וועזן גופא, אין איר אידעאלאגיע, אינם פראגראם און אופנים פון לערנען. א שול מיט א גרויסער נאציאנאלער אידעע — און די דאזיקע אידעע קומט צום אויסדרוק אין די לימודים — קען זיך איר שטעטל באשטיין.

עס איז נאך אלץ אמת די מימרא, וואס איז געווען פאפולער ביי די פילאזאפן פון 18טן י"ה: "גיט אונדז א שול אויף עטלעכע צענדליק יאר, און מיר וועלן איבערמאכן די וועלט".



● ד״ר יצחק שפּיראָ

# דער אײנציקער אויסװעג

(צו דער לייזונג פֿונם ייִדישן דערציִונגס־פּראָבלעם)

אויף יעדער קאָנפֿערענץ פֿון ייִדישע דערציער הערן מיר װעגן דעם קליינעם פּראָצענט ייִדישע קינדער, װאָס באַקומען אַ ייִדישע דערציִונג, דערביַי באַקלאָגט מען זיך געװייִנטלעך אויף דער גלייַכגילטיקייַט מצד דעם רובֿ ייִדישע עלטערן װי די הויפּט־שולדיקע אינעם דאָזיקן מצבֿ.

װיל איך דאָ בשום אופֿן ניט מינימיזירן די שולד פֿון יענע ייִדישע עלטערן, װעלכע זאָרגן ניט גענוג פֿאַר דער ייִדישער דערציִונג פֿון זייערע קינדער. מיט אַ צייַט צוריק בין איך אַלייִן אַרויסגעקומען מיט אַ פֿאָדערונג, אַז די אָרגאַניזירטע ייִדישע געזעלשאַפֿט זאָל, דורך אירע אָרגאַניזאַציעס און אָרדנס, קעגן אַזעלכע עלטערן אָננעמען די שאַרפֿסטע מיטלען. כ׳האָב פֿאָרגעשלאָגן, אַז די גרויסע און פֿאַראַנטװאָרטלעכע ייִדישע אָרגאַניזאַציעס זאָלן פּראָקלאַמירן, אַז ייִדישע עלטערן, װאָס פֿאַרנאַכלעסיקן די ייִדישע דערציִונג פֿון זייערע קינדער װאַרפֿן אַזוי אַרום אַן אויפֿן ייִדישן קיבוץ אַ דור פֿון עמי־הארצים, באַגייען אַ שװער פֿאַרברעכן קעגן דעם װוילזייַן פֿון דער ייִדישער געזעלשאַפֿט.

און צװייטנס : עלטערן װאָס באַגייען אָט די שװערע זינד, זאָלן געשטעלט װערן מחוץ למחנה; זאָלן ניט אַרייַנגענומען װערן אין קיין שום פֿאַראַנטװאָרטלעכער ייִדישער אָרגאַניזאַציע. און איך האַלט, אַז די דאָזיקע פֿאָדערונג איז אויך איצט נאָך אַקטועל.

עס װאָלט אָבער געװען אַ גרויסער טעות צו מיינען, אַז אין דעם פֿאַקט, װאָס אַזוי װייניק קינדער באַזוכן די ייִדישע שולן, זייַנען שולדיק בלויז די עלטערן. דאָס איז לחלוטין ניט אַזוי. פֿאַראַן נאָך אַ צװייטע זייַט צו דער דאָזיקער מטבע און װער עס האָט ערנסט אין זינען די לייזונג פֿונם ייִדישן דערציִונגס פּראָבלעם, טאָר אָט די זייַט בשום אופֿן ניט פֿאַרקוקן.

סטאַטיסטישע אויספֿאָרשונגען דערציילן טאַקע, אַז אין אַזעלכע שטעט װי ניו־יאָרק און שיקאַגאָ, באַזוכן בלויז אַרום אַ דריטל פֿון די ייִדישע קינדער אין לערנעלטער, אַ ייִדישע שול. דאָס מיינט אָבער בשום אופֿן ניט, אַז די איבעריקע צװיי־דריטל פֿון די ייִדישע עלטערן האָבן קיינמאָל ניט געטראַכט װעגן אַ ייִדישער דערציִונג פֿאַר זייערע קינדער.

די זעלביקע סטאַטיסטישע אויספֿאָרשונגען דערציילן אונדז אויך נאָך עפּעס אַנדערש : אין שיקאַגאָ, למשל, זייַנען גאַנצע 88 פּראָצענט פֿון די ייִדישע קינדער אַמאָל געװען אין אַ ייִדישער שול. און דאָס זעלביקע איז ריכטיק אויך פֿאַר ניו־יאָרק און אַנדערע גרויסע שטעט.

אַלזאָ : ניט צװיי־דריטל פֿון די ייִדישע עלטערן זייַנען אינגאַנצן גלייַכגילטיק פֿאַר אַ ייִדישער דערציִונג פֿון זייערע קינדער. נאָר בלויז 12 פּראָצענט. 88 פּראָצענט פֿון די עלטערן האָבן אַמאָל זייערע קינדער אין אַ ייִדישער שול יאָ געשיקט ! פֿאַרװאָס־זשע האָבן מיר אין די ייִדישע שולן אַזאַ קליינעם טייל פֿון דער אַלגעמיינער צאָל ייִדישע קינדער ? — איז דער תּירוץ : אונדזערע קינדער האַלטן זיך ניט אין די ייִדישע שולן. זיי צעלויפֿן זיך — אַ טייל שוין אין די ערשטע עטלעכע װאָכן, אַ טייל אין די װייַטערדיקע חדשים און די איבעריקע אין צװייטן, דריטן און פֿערטן לערניאָר.

אָט װי עס זעט אויס : פֿון יעדער 100 רעגיסטרירטע קינדער, פֿאַלן שוין אין ערשטן יאָר אַרויס, גאַנצע 47 פּראָצענט. אין צװייטן, דריטן און פֿערטן יאָר, פֿאַרשװינדן נאָך אַנדערע 40 פּראָצענט. ביז צו דער גראַדויִרונג דערגרייכן פֿון די אַמאָליקע הונדערט — בלויז 9 קינדער

איז געװיס ריכטיק, אַז אינעם דאָזיקן אַנטלויפֿן פֿון די שולן זייַנען אויך די עלטערן ניט װייניק שולדיק: זיי שטרענגען זיך ניט גענוג אָן, אַז די קינדער זאָלן ממשיך זייַן זייערע ייִדישע לימודים. אָפֿט װייַזן זיי צו דעם דאָזיקן ענין, װאָס איז דעם לערער גורם אַזױפֿיל צער און קרענקונג, אַרויס אַ פֿאַרדריסלעכע גלייַכגילטיקייַט. עס דוכט זיך אויס, אַז די עלטערן אַרט עס כּלל ניט, װאָס די קינדער הערן פּלוצלונג אויף צו באַזוכן די ייִדישע שולן.

אָבער — קיינער װעט דאָך ניט קענען באַהויפּטן, אַז די עלטערן זייַנען אויך שולדיק אין דעם װאָס די קינדער האָבן די שולן ניט ליב און װילן פֿון זיי אַנטלויפֿן ! עס איז דאָך ניט קיין שום ספֿק, אַז אָט די עלטערן — 88 פּראָצענט פֿון אַלע ייִדישע טאַטע־מאַמע ! — װאָלטן זייערע קינדער יאָ װייַטער געשיקט אין די ייִדישע שולן, װען די קינדער אַליין װאָלטן אויף זיי ניט געװאָרפֿן קיין אומחן . . .

מיר מוזן דערפֿאַר האָבן דעם מאָראַלישן מוט מודה צו זייַן, אַז פֿאַרן טראַגישן מצבֿ פֿון דער ייִדישער דערציִונג דאָ אין לאַנד. פֿאַלט די אַחריות ניט בלויז אויף די עלטערן, נאָר אין דער סאַמע גרעסטער מאָס אויף די ייִדישע שולן גופֿא. אונדזערע שולן באַװייַזן פּשוט ניט אײַנצוהאַלטן די קינדער. די לימודים זייַנען פֿאַר זיי ניט אינטערעסאַנט. דאָס לערנען פֿאַרשאַפֿט זיי ניט קיין פֿרייד און ניט קיין פֿאַרגעניגן. אויף יעדער פֿאַל : די ערשטע סיבה פֿון דער מאַסן־דעזערציע פֿון די קינדער זייַנען ניט די עלטערן, נאָר די שולן אַליין.

---

פֿון דעם געזאָגטן קומען מיר דערפֿאַר צו די פֿאָלגנדיקע שלוסן : מיר מוזן טאַקע װייַטער מיט געזעלשאַפֿטלעכע מיטלען װירקן אויף די עלטערן, אַז זיי זאָלן זיך מיט מער ערנסט באַציִען צו דער ייִדישער דערציִונג פֿון זייערע קינדער. מיר טאָרן אָבער אויף קיין אויגנבליק ניט פֿאַרגעסן, אַז די לייזונג פֿונם פּראָבלעם ליגט הויפּטזעכלעך אין דער פֿאַרבעסערונג פֿון דער דערציִערישער אַרבעט אין די שולן.

ווייל ווי שטאַרק עס זאָל ניט ווערן דער געזעלשאַפטלעכער דרוק אויף די ייִדישע עלטערן, וועלן מיר אָבער קיינמאָל ניט דערגרייכן, אַז ייִדישע דערציִונג זאָל דאָ אין לאַנד ווערן אַ צוואַנג־זאַך. דאָס לעצטע וואָרט וועלן תּמיד האָבן די קינדער אַליין — און אויב די ווירקונג פֿון אונדזער דערציִונגס־אַרבעט אויף די קינדער וועט ווייטער בלייבן אַזאַ, אַז פֿון 100 וועלן שוין אין ערשטן לערניאָר זיין גרייט צו אַנטלויפֿן קאַרגע 50, און ביזן לעצטן יאָר וועלן בלייבן בלויז 9, דאַן וועט אויך דער בעסטער ווילן מצד די עלטערן אונדזער דערציִונגס־פּראָבלעם ניט לייזן.

פֿאַראַן בלויז איין אויסוועג: אונדזער אַרבעט אין די שולן מוז פֿאַרבעסערט ווערן ביז צו אַזאַ הויכער מדריגה, אַז די קינדער, וואָס קומען אַמאָל אַרייַן אין די קלאַס־צימערן, זאָלן זיי שוין מער ניט וועלן פֿאַרלאָזן. די לימודים אין אונדזערע קלאַסן מוזן ווערן אַזוי אינטערעסאַנט און צוציענדיק, אַז די קינדער זאָלן פֿון אייגענעם ווילן גיכער וועלן קומען אין די שולן איידער צו בלייבן אין דער היים, אָדער זיך אַפֿילו צושפּילן אין גאַס.

דאָס קלינגט זיכער ווי אַ שפּרונג פֿון איין עקסטרעם צום אַנדערן. מען וועט פֿרעגן: איז עס אָביעקטיוו מיגלעך, אַז גראַד אונדזערע דערגענצונגס־שולן, וועלכע באַקומען די קינדער ערשט נאָכדעם ווי זיי האָבן שוין פֿריער שעהן־לאַנג אָפּגעלערנט אין פּאַבליקסקול, און וועלכע געפֿינען זיך אָפֿט אין אָרעמע און שלעכט־צוגעפּאַסטע שול־לאָקאַלן — שוין אָפּגערעדט פֿון אַ רייַע אַנדערע מניעות און שוועריקייטן — איז מעגלעך, אַז גראַד אונדזערע שולן זאָלן זיך דערהייבן צו אַזאַ מדריגה פֿון פּעדאַגאָגישער שלימות?

דערויף איז פֿאַראַן נאָר איין ענטפֿער:

די גאַנצע האַרבקייט פֿונם ייִדישן דערציִונגס־פּראָבלעם באַשטייט אין דעם, וואָס זיין לייזונג איז מיגלעך נאָר דאַן, ווען מיר וועלן באַווייזן גובֿר צו זיין זייַנע שוועריקייטן דווקא מיט די מיטלען פֿון הויכע פּעדאַגאָגישע דערגרייכונגען.

אויב ס'איז אמת, אַז אַן דעם עקזיסטירנדיקן שול־צוואַנג, וואָלטן זיך די קינדער אויך צעלאָפֿן פֿון דער פּאַבליק־סקול, דאַן מוז די אַרבעט פֿון אונדזערע שולן ווערן אַ סך בעסער, אינטערעסאַנטער און צוציִענדיקער איידער עס זייַנען די לימודים אין די פּאַבליק־סקולס. ווייל אויב די לעצטע קענען זיך, צוליב דעם שול־צוואַנג, דערלויבן דעם "לוקסוס" צו בלייבן בייַ וועגן און מעטאָדן, וואָס אַפּעלירן ניט צו די קינדער, קענען זיך אָבער די ייִדישע שולן דעם דאָזיקן "לוקסוס" ניט דערלויבן. מיר האָבן פּשוט קיין אַנדער ברירה ניט. אויב מיר ווילן, אַז אונדזער ייִדישע דערציִונג זאָל אַרומנעמען דעם גרויסן רובֿ פֿון דער ייִדישער יוגנט, דאַן מוז אונדזער דערציִונגס־אַרבעט ווערן אַזוי פֿולקאָמען, אַז כאָטש פֿון קיינעם ניט געצוווּנגען וועלן אָבער די קינדער לויפֿן אין אונדזערע שולן צוליב דער פֿרייד און צוליב דער באַפֿרידיקונג, וואָס די לימודים וועלן זיי פֿאַרשאַפֿן.

און אָט דאָס לעצטע וועט בייַ אונדז אויך מוזן ווערן דער וויכטיקסטער מאָסשטאָב, ווען מיר ריידן וועגן דער פֿאַרבעסערונג פֿון אונדזער שול־אַרבעט. ווייל פֿאַרבעסערונג סתּם איז אַן אומבאַשטימטער און רעלאַטיווער באַגריף. אַפֿילו גאָר קאָמפּעטענטע דערציִער קענען זיך פֿאַנאַנדערגיין אין דער אָפּשאַצונג פֿון אַ געפּלאַנטער אָדער אַפֿילו שוין דערגרייכטער פֿאַרבעסערונג. אַנדערש אָבער, ווען מיר וועלן פּאָסטולירן, אַז אַ ווירקלעכע פֿאַרבעסערונג איז דערגרייכט נאָר דאָרט, וווּ דער סאַמע גרעסטער רובֿ פֿון די רעגיסטרירטע תּלמידים פֿאַרבלייַבט דויערנדיק צוגעבונדן צום באַטרעפֿנדיקן לערן־אַנשטאַלט.

דער דאָזיקער צוגאַנג צום פּראָבלעם וואָלט אונדז ניט בלויז געגעבן אַן אָביעקטיוון קריטעריִום פֿאַר דער אָפּשאַצונג פֿון יעדער שול באַזונדער, נאָר אויך אַ קלאָר דעפֿינירטן ציל, פֿאַר דער כּמעט פֿולער לייזונג פֿונם ייִדישן דערציִונגס־פּראָבלעם דאָ אין לאַנד. ווייל מיט 88 פּראָצענט ייִדישע קינדער אין שולן, וואָס וואָלטן באַוויזן אָנצוהאַלטן זייערע תּלמידים בלויז מיט די מיטלען פֿון פֿרייַוויליקער צוגעבונדנקייט, וואָלטן מיר מיט רעכט געקענט זאָגן, אַז ניט נאָר באַקומט דער גרעסטער רובֿ פֿון אונדזער ייִדישער יוגנט אַ ייִדישע דערציִונג, נאָר אויך אַז די דאָזיקע דערציִונג איז פּעדאַגאָגיש די סאַמע בעסטע

דאָס וואָס אַ דערפֿאָלגרייכע ייִדישע דערציִונג איז מעגלעך נאָר, ווען אונדזערע שולן וועלן זיך דערהויבן צו דער העכסטער מדריגה פֿון פֿולקאָמענהייט, איז געוויס אַ טראַגישער צושטאַנד. ביי די אומות העולם קען מען זיך באַגיין אויך אָן דעם. אָבער גראַד אין אָט דעם טראַגישן מוז ליגט אויך גלייכצייטיק דער סאַמע דערהויבנדיקסטער אַספּעקט פֿונם ייִדישן דערציִונגס־פּראָבלעם. עס בעט זיך כּמעט די אַנאַלאָגיע: ייִדן וועלן זיך ראַטעווען נאָר דאַן, ווען מיר וועלן זיין בעסער פֿון אַלע אַנדערע אינם פּרט פֿון פֿרייַוויליקן ברענגען די העכסטע קרבנות אינם קאַמף פֿאַר אונדזער דערהאַלטונג; ייִדישע דערציִונג איז מעגלעך נאָר דעמאָלט, ווען אונדזערע שולן וועלן אין אַזאַ הויכער מאָס איבערשטייַגן די אַנדערע, אַז מיר וועלן זיך אינגאַנצן ניט מער נויטיקן אין קיין שול־צוואַנג.

אָט דאָס איז דער אומפֿאַרמייַדלעכער וועג פֿון דער ייִדישער דערציִונג — און אויף אָט דער לייזונג פֿונם פּראָבלעם וועלן מיר מוזן אָנווענדן אַלע אונדזערע אָנשטרענגונגען.

ווידער אַמאָל: איז דאָס מעגלעך און דערגרייכבאַר? — איידער מען האָט אויסגעפּרוּווט אַלע וועגן און מיטלען, וואָס דאַרפֿן פֿירן צום דאָזיקן ציל, קען געוויס קיינער ניט זאָגן, אַז דאָס איז ניט מעגלעך. דער אמת איז, אַז בעת די מעגלעכקייטן צו פֿאַרבעסערן די דערציִערישע אַרבעט זייַנען הייַנט צו טאָג ממש אין לשער, באַנוצן זיך נאָך ביז איצט אונדזערע מערסטע שולן מיט די אָפּגעשטאַנענסטע מעטאָדן און מיטלען.

אָפּטמאָל וווּנדער איך זיך כּלל ניט, פֿאַרוואָס אַזויפֿיל קינדער אַנטלויפֿן פֿון די ייִדישע שולן; איך חידוש זיך מער אויף דער צאָל קינדער, וואָס פֿאַרבלייַבן יאָ.

זאָג איך דאָס ניט צוליב דעם פֿאַרוווּרף און דער זעלבסט־באַשולדיקונג, וואָס די דאָזיקע ווערטער טראָגן מיט זיך — כאָטש אויך דאָס מוז אַמאָל אַרויסגעבראַכט ווערן — וויכטיקער איז די גרויסע דערמוטיקונג, וואָס קוועלט אַרויס פֿון דער דאָזיקער דערקענטעניש: אַ סיסטעמאַטישע און עקשנותדיקע אָנשטרענגונג צו פֿאַרבעסערן די דערציִונגס־אַרבעט איז

אונדזערע שולן איז אפשר עלגל צו ברענגען די סאמע איבערראַשנדיקסטע רעזולטאַטן.

גראַד דאָס, וואָס די לייזונג פֿון אונדזער דערציִונגס־פּראָבלעם איז מעגלעך בלויז אויפֿן וועג פֿון מאַקסימאַלע פּעדאַגאָגישע דערגרייכונגען, אַט די דערקענטעניש איז שוין אַליין עלגל אַ־צופֿילן יעדער אמתן דערציִער מיט אַ גרויסער שאַפֿונגס־פֿרייד. אַ קל וחומר שוין, ווען דערצו קומט נאָך די איבערצײַגונג, אַז דאָס איז גלײַכצײַטיק אויך דער איינציקער וועג אויסצומײַדן, אַז אונדזער יוגנט זאָל, בנוגע ייִדישע ענינים, ניט אַרײַנפֿאַלן אינם תהום פֿון עם־הארצות און פֿאַרווילדונג.



● נ. כאַנין

# קאַנאַדע און די פֿאַראייניקטע שטאַטן

די יִדישע אימיגראַציע אין קאַנאַדע האָט זיך אָנגעפֿאַנגען כּמעט אין דער זעלבער צײַט ווי אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, און מיר ווילן איצט ניט אַרײַנגיין אין די „היסטאָרישע פֿינקטלעכקײַטן" אין וואָסער לאַנד עס איז צוגעפֿאָרן די ערשטע שיף און האָט אַרונטערגעלאָזן דעם ערשטן ייִדן. ווײַל ניט דאָס אינטערעסירט אונדז. וואָס אונדז אינטערעסירט איז די גרויסע ייִדישע אײַנוואַנדערונג פֿון מזרח אײראָפּע אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. און די דאַטע הייבט זיך אָן פֿון דעם יאָר 1881. ווען אין רוסלאַנד האָבן זיך אָנגעהייבן גרויסע פּאָגראָמען און גזירות אויף ייִדן, און זיי האָבן אויפֿגעטרייסלט און צעטרייסלט דאָס גאַנץ ייִדיש לעבן. אַט דעמאָלט, זײַנען ייִדישע אימיגראַנטן געלאָפֿן פֿון מזרח־אײראָפּע אין ביידע לענדער, אין איינער און דער זעלבער צײַט. אמת, די אימיגראַציע אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז געווען גרעסער, ווײַל אַמעריקע איז שוין צו יענער צײַט געווען אַ לאַנד אַן אינדוסטריעל, מער אָדער ווייניקער אַנטוויקלטע, ווען קאַנאַדע איז געווען אַ לאַנד פֿון ערד־אַרבעט.

לויט די נאָרמאַלע געזעצן פֿון לעבן, האָבן זיך ייִדיש־וועלטלעכע שולן געדאַרפֿט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן עפֿענען און אַנטוויקלען פֿריער ווי אין קאַנאַדע. דאָ, אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן, איז געווען אַ קאָמפּאַקט ייִדיש לעבן. איטלעכע שטאָט, גרויסע און קליינע, האָט געהאַט איר „איסט־סײַד" וווּ ייִדן האָבן אַריבערגעבראַכט דאָס ייִדיש לעבן פֿון דער אַלטער היים כּמעט אין אַלע זײַנע פֿאָרמען. דאָ, אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן האָט זיך אין די ערשטע יאָרן פֿון ייִדישן אימיגראַנטן לעבן אַנטוויקלט אַ גרויסער און דערפֿאָלגרײַכער ייִדישער טעאַטער; דאָ זײַנען אַרויסגעגאַנגען גרויסע ייִדישע צייטונגען. מיט איין וואָרט, אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן איז געווען אַ קאָכיק ייִדיש לעבן. און לויט די אַלע כּללים, האָבן די פֿאַראייניקטע שטאַטן געדאַרפֿט זײַן דאָס וויגעלע פֿון דער ייִדיש־וועלטלעכער שול אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט. און געווען איז פֿאַרקערט.

ניט די פֿאַראייניקטע שטאַטן, נאָר קאַנאַדע איז געוואָרן דאָס וויגעלע פֿון די ערשטע ייִדיש־וועלטלעכע שולן.

עס גייט אַן אַפֿילו אַ געשיכטעלעכער קאַמף צווישן די שול־טוער פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן און די שול־בויער פֿון קאַנאַדע. די שול־בויער פֿון קאַנאַדע זאָגן, אַז ניט נאָר האָבן זיי געבויט די ערשטע וועלטלעכע שול, נאָר מיט זייער פּיאָנערן אַרבעט, האָבן זיי אויך באַאײַנפֿלוסט די שטאַטן. און ווער ווייס, ווען ניט קאַנאַדע, וואָלט זיך די שול־באַוועגונג אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן אָנגעהייבן אַ סך, אַ סך שפּעטער.

נו, איז לאָמיר אין דער „מלחמה" ניט אַרײַן. מיר האָבן איצט גענוג מלחמות אויף אונדזערע הענט, אַנדערע און וויכטיקערע.

און מערקווירדיק, ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס די ייִדיש־וועלטלעכע שול איז אין קאַנאַדע עלטער, איז זי אָבער אין איר גאַנצן פֿאַרנעם ניט אַלט, נאָר אין 1944 איז זי אַזוי עקשנותדיק און אַזוי יונגטלעך, ווי זי איז געווען מיט עטלעכע און דרײַסיק יאָר צוריק.

די פֿאַראייניקטע שטאַטן קענען ביז הײַנט ניט אָנווײַזן קיין איין ייִדישע טאָג־שול. אונדזערע שולן זײַנען נאָך אַלץ געבליבן שולן נאָכמיטיקדיקע און אין אַ גרויסער צאָל זײַנען זיי נאָך אויך האַלבע שולן. דאָס מיינט, אַז מען לערנט אין זיי דרײַ מאָל אַ וואָך, און אינגאַנצן געפֿינט זיך דאָס קינד אונטער דער השפּעה פֿון דעם לערער אין אַ גאַנצער נאָכמיטיק שול, פֿון 5 ביז 6 שעה אַ וואָך און אין האַלבער נאָכמיטיק שול — פֿון 3 ביז 4 שעה אַ וואָך.

עס איז קאַנאַדע וואָס האָט אויפֿן געביט פֿון ייִדישער דערציִונג אַרויסגעוויזן דעם גרעסטן ייִדישן נס. זיי האָבן זייער קליינעם אָנהייב אויך פֿון אַ נאָכמיטיק שולן פֿאַרוואַנדלט איבערן גאַנצן לאַנד, אין אַלע וויכטיקע שטעט פֿון קאַנאַדע, אין שטאָלצע, ייִדישע טאָג־שולן, וווּ דאָס קינד גייט אַרײַן 9 אַזייגער אינדערפֿרי ביז 4 נאָכמיטיק און לערנט אַלע ייִדישע און וועלטלעכע קענגשטאַנדן וואָס אַ נאָרמאַלע שול דאַרף לערנען.

און ווען איך טראַכט איצט וועגן די טאָג־שולן אין קאַנאַדע, שטייט פֿאַר מײַנע אויגן די נײַע, וווּנדערבאַרע געבײַדע מיט די 800־900 קינדער, פֿון דער מאָנטרעאַלער פֿאָלקס־שול, וועלכע איך האָב געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן און די זעלבע גרוסן הער איך אויך פֿון דער י. ל. פּרץ־שול, אַ וווּנדערבאַרע געבײַדע מיט איבער 600 קינדער, און ביידע שולן טראַכטן ווי אַזוי די געבײַדעס צו פֿאַרגרעסערן און אַרײַננעמען אַ גרעסערע צאָל קינדער ווי די שולן האָבן איצט.

דאָס איז אָבער נאָך ניט אַלץ. צוליב דעם דערפֿאָלג צו די צוויי שולן זײַנען די אַמביציעס פֿון די קלענערע שולן אויפֿן גאַנצן קאַנאַדער קאָנטינענט געוואָרן גרויס און אַלע טראַכטן איצט וועגן איין זאַך — „ווי אַזוי זייער עקזיסטירנדיקע שולן פֿאַרוואַנדלען אין טאָג־שולן". זיי פֿילן אַז פֿאַר קלענערע שולן איז דאָרטן קיין פּלאַץ ניטאָ. אָדער מען שפּאַנט גרויס, אָדער מען דאַרף אַרונטער פֿון וועג. דאָס איז דער געפֿיל בײַ אַלע קלענערע טיפּן שול אין גאַנץ קאַנאַדע. דאָס איז אַ וווּנדערבאַרע דערשײַנונג. די פֿאַראייניקטע שטאַטן מעגן קאַנאַדע מקנא זײַן. עס איז ניט דער פּלאַץ אין דעם קורצן אַרטיקל אַרײַנצוגיין אין יענע אורזאַכן, וועלכע האָבן דאָס מעגלעך געמאַכט אין קאַנאַדע און ניט אין די פֿאַראייניקטע שטאַטן.

אָבער אויב קאַנאַדע איז הײַנט מיט אירע דערגרייכונגען שטאָלץ, דאַרף מען פֿאַר דעם דאַנקבאַר זײַן דער י. ל. פּרץ־שול אין וויניפּעג. פֿאַר לאַנגע יאָרן איז די י. ל. פּרץ־שול אין וויניפּעג געווען די איינציקע

פֿולע, גאַנצע און וויכטיקע שול אין די צוויי אַמעריקעס, קאַנאַדע און די פֿאַרייניקטע שטאַטן. אַלע שולטוער, אַלע לערער האָבן אַרויפֿגעקוקט צו וויניפּעג. אויפֿן שול געביט האָבן זיי וויניפּעג באַטראַכט ווי "ירושלים דקאַנאַדע". ווען אַ סך פֿון אונדז האָבן באַזוכט וויניפּעג, זײַנען געווען אין דער פּרץ־שול, איז זייער האַרץ געווען פֿול מיט פֿרייד.

האָט מיר אַמאָל דערציילט דער פֿאַרשטאָרבענער בילדונגס־דירעקטאָר פֿון אַרבעטער רינג — פּ. געליבטער. ער איז מיד געוואָרן בײַ דער שול אַרבעט אין ניו־יאָרק. מיד געוואָרן איז ער צוליב דעם ווײַל אים האָט זיך געדוכט, אַז אין אונדזער שול־באַוועגונג פֿעלט שווּנג. האָט פּאַסירט, אַז ער איז אַרויסגעפֿאָרן פֿאַר אַ טור פֿון דעם אַרבעטער־רינג און האָט באַזוכט די פּרץ־שול אין וויניפּעג, האָט פֿאַרבראַכט דאָרטן עטלעכע טעג און די שול האָט אים אַזוי דערוואַרעמט, אַז ווען ער איז אַוועקגעפֿאָרן פֿון וויניפּעג, האָט אים די וואַרעמקײַט און באַגײַסטערונג וואָס ער האָט געקראָגן אין דער וויניפּעגער שול, געגעבן אַ סך מוט אין דער ווײַטערדיקער אַרבעט פֿון ייִדיש־וועלטלעכער דערציִונג.

הײַנט איז דער פּרץ־שול לײַכטער אָנצופֿירן די אַרבעט פֿון אַ טאָג־שול ווי אַמאָל. אַמאָל איז זי געווען די איינציקע שול (מיטן אויסנאַם פֿון איר טאָכטער, די פּרץ־שול אין קאַלגאַרי, וואָס איז אויך אַ גאַנצע שול). הײַנט איז איר לײַכטער. לײַכטער דערפֿאַר, ווײַל זי האָט חברים — נאָך טאָג־שולן. און ניט נאָר דאָס, עס איז הײַנט דאָ אין דער לופֿט פֿון גאַנץ קאַנאַדע, אַז אויב ייִדישע שולן ווילן לעבן, מוזן זיי ווערן גאַנצע, פֿול־בלוטיקע, פֿול־זאַפֿטיקע שולן.

די וויניפּעגער י. ל. פּרץ־שול איז אַמאָל געווען די איינציקע, אַ קינדערלאָזע, און זי האָט אפֿשר געהאַט אַ רעכט צו פֿילן, אַז אַליין וועט זי לעבן און אַליין וועט זי אונטערגיין.

הײַנט האָט די מאַמע י. ל. פּרץ־שול פֿון וויניפּעג אַ גרויסע צאָל קינדער אין אַ גאַנצער רײַע שטעט פֿון קאַנאַדע, קינדער וועלכע עס טראָגן דעם נאָמען טאָג־שולן און פֿאַרדינען דעם נאָמען כּשר.

איר פֿײַערט אײַער יום־טובֿ ! שיקן מיר אײַך אונדזער האַרציקע באַגריסונג, ווי צו מוטיקע פּיאָנערן וועלכע עס האָבן געבראָדיעט, געאַקערט און געגראָבן אַליין, אָפֿטמאָל אין אומעטיקײַט, אָפֿטמאָל אין פֿאַרצווייפֿלונג. אָבער הײַנט איז אײַך אַ סך פֿרײלעכער. איר האָט די פֿריילעכקייט פּשוט פֿאַרדינט.



● ל. שפּיזמאַן

# "קריאַת שמע" און "קריסמעס"

כ׳זיץ אין אַ ייִדישער פֿאָלקס־שול און קלײַב נחת פֿון די קינדערשע תּשובֿות — אמת, אין זייער שווערן, ענגליש־צונגיקן ייִדיש; כ׳בין שוין געוואָרן באַלד אַ מינימאַליסט אין אַמעריקע און טראַכט זיך "ברוך ד׳ יום יום" — בעסער עפּעס איידער גאָרניט, זאָלן די קינדער כאָטש עפּעס אײַנזאַפּן אין זיך פֿון אונדזער שפּראַך און געשיכטע. פּלוצלונג גיט מיר אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ אַ פֿראַגע פֿון אַ קינד, ווען דער לערער דערציילט אים, אַז ייִדן זאָגן קריאַת־שמע אינדערפֿרי, בײַם דאַוונען.

קריאַת־שמע ? מיינט אפֿשר דער לערער קריסמעס ?

ווי געשטעלט פֿאַר אַן אָפֿענעם תּהום האָב איך זיך געפֿילט אין דער דאָזיקער מינוט. מיט אַמאָל האָב איך דערזען די צוויי־שאַרפֿיקע שווערד פֿון מלאך־המות וואָס פֿינקלט און דראָט פֿאַר אונדזער געצעלט. דער כּוח פֿון די שטורמדיקע ווינטן פֿון דער אַרומיקער גאַס.

און פֿאַרוואָס זאָל דאָס קינד ניט פֿרעגן די דאָזיקע שאלה ? פּײַערן דען ניט צענער טויזנטער ייִדן דעם קריסמעס יום־טובֿ ? שיקן דען ניט צענער טויזנטער ייִדישע יונגעלײַט און מיידלעך קריסמעס קאַרטלעך צום דאָזיקן יום־טובֿ פֿון "משיח פֿון נצרת? איז דען דער טאָג פֿון ייִדישן פּחד און שוידער אין די געטאָס פֿון רוים, ניט געוואָרן פֿאַרוואַנדלט אין אַ טאָג פֿון גאַסן־פֿרייד פֿון פֿאַרטרונקענעם "מאָב" און דזשאַז־באַנד צעהוליעטקייט אין די געטאָס פֿון ייִדישן אַמעריקע ?

איך קאָן זיך וועטן, אַז פֿיל ייִדישע קינדער אין אַמעריקע ווייסן מער וועגן קריסמעס ווי וועגן חנוכּה, און אַז פֿיל פֿון די "גראַדואַנטן" פֿון די הפֿטורה פֿאַבריקלעך המכונה "סאַנדעי סקולס", צינדן אַז אין זייער בר־מצווה יאָר קריסמעס יאָלקעס און קײַן האָן גיט ניט דערויף קײַן קריי !

אַך, ווי גיט מען צו פֿאַרשטיין די טײַערע משהלעך און שׂרהלעך, וואָס פֿאַר אַ תּהום עס שפּרייט זיך אויס צווישן דיביידע ווערטער — אַ תּהום פֿון דורות בלוט און טרערן ! דער ייִדישער "שמע" בײַם לעצטן אויפֿבליץ פֿון פֿײַער־צונגען אויף דער אינקוויזיציע־אויטאָ־דאַ־פֿע לכּבֿוד דעם הייליקן משיח איבער די קערפּערס פֿון טויט־געפּײַניקטע ייִדן; "שמע ישׂראל" — און די קאַרניוואַל־נעכט פֿון רוים ווען געיאָגט דורך אַ ווילדן, קריסטלעך־געצנדינערישן המון האָבן די טרוימער פֿון דער געטאָ אויסגעהויכט זייער נשמה אין טהרה און קדושה מיטן לעצטן אויסגעשריי "שמע ישׂראל"!

עס דאַכט זיך, אונדזערע קינדער, אונדזערע האַרציק־אײַנגעבאַקענע, צעשטראַלטע ייִדישע ייִנגעלעך — און ווי פֿרעמד זיי ווערן אונדז — קודם־כּל צוליב אונדזער אייגענער שולד.

אשמנו מכּל עם . . .

שווער צו זאָגן מוסר אונדזערע טײַערע שול־טוער, פֿאַרוואַלטער און לערער, און זיך אַליין, אין אַ יום־טובֿדיקן געלעגנהײַט־אַרטיקל, צו 30 יאָר דערגרייכונגען פֿון דער ייִדישער שול, פֿאַרוואָס מיר האָבן באַוויזן אַזוי ווייניק אין ייִדישן אַמעריקע. עס דערמאָנט זיך די אַלטע געשיכטע מיט די ווײַבער אין דער שול, וואָס האָבן געטענהט צום קעלמער מגיד : "וואָס שטראָפֿסטו אונדז און סטראַשעסט אונדז מיט אַלע שרעקן פֿון גיהנום ? — מיר זײַנען דאָך די פֿרומע און אָפּגעהיטע, מיר גייען דאָך ניט אין די אייגענע האָר אאַ"וו. שטראָף יענע, וואָס קומען ניט הערן דײַנע דרשות".

ס׳איז דאָך טאַקע מאָדנע, ווען מיר שיטן זאַלץ אויף די נשמה־וווּנדן פֿון אונדזערע בעסטע. פֿילן זיי דען אַליין ניט, אַז עס האַלט ניט גוט מיטן ביסל ייִדישקײַט אין אַמעריקע ? מ׳דאַרף דאָך גאָר שטראָפֿן די אַנדערע — און יענע הערן זיך דאָך ניט צו צו אונדזער וואָרט !

בלײַבט נאָר איין אויסוועג — די געטרײַע גרופּע עקשנים דאַרף פֿאַרצענפֿאַכן אירע אָנשטרענגונגען און נאָך שטאַרקער פֿאַנאַנדערבלאָזן דאָס פֿלעמל פֿון ייִדיער דערציִונג ביז ער זאָל ווערן אַ גרויסער פֿלאַם.

אונדזערע לערער און שול־טוער מוזן ווערן אַנגרײַפֿערישער און דרײַסטער, און קעמפֿן פֿאַר "וגבערת הרע מקרבך". מיט אַלט־ייִדישער עקשנות דאַרף מען קודם־כּל מאַכן אַ בדק־הבית אין די אייגענע היימען. מיר דאַרפֿן אויפֿהערן זאָגן ליגן און צבֿיעות, ווען עס האַנדלט זיך וועגן די צענער טויזנטער מיטגלידער פֿון פֿאַרבאַנד, אַרבעטער־רינג א"אַ אָרגאַניזאַציעס, וואָס זײַנען אָפֿיציעל די טרעגער פֿון ייִדישער דערציִונג. עס מוז אויפֿהערן די טאָפּל־שפּיל פֿון פּרעדיקן וואַסער און טרינקען ווײַן; שווערן אויפֿן אידעאַל פֿון נאַציאָנאַלער ייִדישקײַט און ניט שיקן די אייגענע קינדער און אייניקלעך אין דער ייִדישער שול; זיך לאָזן דערוויילן אַלס פֿאָרזיצער פֿון קולטור־באַנקעטן און זיך שעמען מיטן ייִדישן בוך אין די שאַפֿעס פֿון קינדער־צימער און שפּעטער אין אייגענעם צימער; "פֿאַכטן" אויף הונגער באַנקעטן אויפֿן חורבן פֿון ייִדישן פּוילן און ציטערן אַז די אייגענע קינדער זאָלן זיך חלילה ניט צעשטערן זייער גײַסטיקן גלײַכגעוויכט און "גוד טײַם", און ניט קאַליע מאַכן די באַציִונגען מיט קריסטלעכע קאָלעגן דורך האָבן אַ פֿינצטער־טרויעריקן אויסזען נאָכן באַקענען זיך נעענטער מיט דער ייִדישער טראַגעדיע אאַ"וו א"וו.

דער דאָזיקער גרויסער שקר מוז ווערן אַרונטערגעריסן. עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז די בעסטע רעזולטאַטן האָבן אָנגעוויזן די יעניקע ייִדישע קינדער, וואָס לעבן אין דער היים, מיט זייערע עלטערן, ייִדיש. מײַנע פּערזענלעכע דערפֿאַרונגען און באַקאַנטשאַפֿטן מיט אַזעלכע פֿאַמיליעס האָבן מיך איבערצײַגט, אַז דאָ

ווערן דערגרייכט ווונדערבאַרע רעזולטאַטן. ווען אַלע אונדזערע כּלל־טוער און חובֿבֿי־ייִדיש זאָלן אָנהייבן מיט זיך אַליין, און ווען די פֿאַרשיידענע סאָרטן ראַדי־קאַלן וואָלטן געווען ווירקלעך ראַדיקאַל — און ראַדי־קאַל זײַן הייסט אָננעמען זאַכן בײַם וואָרצל — וואָלט דער וואָרצל פֿון ייִדישן פֿאָלקס־בוים — די נשמה פֿון קינד געווען אונדזערע, וואָלטן מיר פֿאַרשפּאָרט צו פֿאַרגיסן ימים טרערן איבערן אונטערגאַנג פֿון ייִדיש־קייט אין אַמעריקע.

לאָמיר געדענקען, וואָס אונדזערע חכמים האָבן געלערנט, אַז: „אַ שטאָט, וווּ עס זײַנען קיין שול־קינ־דער ניטאָ, מעג מען חרובֿ מאַכן; אָדער אַרײַנלייגן אין חרם" (שבת, קי"ט, ע"ב).

וויפֿל שטעט, וויפֿל ברענטשעס פֿון ייִדישע אָרדנס און אָרגאַניזאַציעס וואָלט מען געקאָנט „חרובֿ מאַכן" און אַרײַנלייגן אין חרם אַרײַן פֿאַר דער פֿאַרברעכערי־שער באַציִונג צו דער ייִדישער שול?

בערל קאַצענעלסאָן האָט אַמאָל ריכטיק געזאָגט, אַז אין וויכּוח צווישן ייִדישיסטן און העברעיִסטן האָבן אַ רעכט אַנטיילצונעמען נאָר די יעניקע וואָס רעדן אַליין מיט זייערע קינדער ייִדיש אָדער העברעיִש.

וויפֿל ייִדישיסטן האָבן מיר אַזעלכע אין אַמערי־קע? וויפֿל העברעיִסטן האָבן מיר אַזעלכע אין אונד־זער מדינה?

מײַנע האַרציקסטע ברכות צו אײַער שול, איר פּרינציפּאַל, לערער, טוער און די טײַערע קינדער צו איר 30־יאָריקן יום־טובֿ. זײַט ווײַטער עקשנים און שווימט „קעגן שטראָם". זײַט זוכה ווערט צו זײַן צום נאָמען „ירושלים דקאַנאַדע" און אַזוי הויך האַלטן די פֿאָן פֿון פֿולבלוטיקער ייִדישקייט ווי ס'האָט עס געטאָן פֿאַר דער מלחמה, און עס וועט נאָך טאָן נאָך דער מלחמה — ווילנע, דאָס ירושלים דליטע.

הלוואַי, מי יתן והיה.

ניו־יאָרק, אַפּריל, 1944



● יעקב זיפּער

# צום דרייסיקסטן יאָר

(באַמערקונגען)

עס איז אַ מנהג אַזאַ, און אַ גאַנץ גוטער דערצו, צו באַנוצן זיך מיט אַ דאַטע, וואָס פֿאַרענדיקט אַ ציקל יאָרן כּדי צו פּראַווען אַ שׂמחה. עס הייסט עפּעס ווי מען וואָלט געזאָגט צו זיך אַליין : אַט האָבן מיר אָפּגעצווינגען אַ צאָל יאָר, לאָמיר־זשע אַביסל אָפּכאַפּן דעם אָטעם און איבערדערציילן פֿאַר זיך אַליין און דערמאָנען אַנדערע ווי עס איז צוגעגאַנגען ביז אַהער. דערביי האָט מען אויך אין זינען צו מאַכן אַ שטיקל חשבון און סך־הכּל פֿון די דערגרייכונגען, און אָנווייזן אויף די שטרויכלונגען, וואָס זיינען געלעגן אויפֿן וועג; פֿאַרצייכענען לזיכּרון די שוועריקייטן, וועלכע עס איז אויסגעקומען אויסצושטיין די ערשטע, די פּיאָנערן. און טאַקע אין איין וועג אויך דערמאָנען דאָס ווינציקע ביסל נחת, וואָס מען האָט געהאַט. נחת, וואָס האָט אָפּט פֿאַרגיטיקט פֿאַר די יסורים און אַנטוישונגען.

איז דאָס אַלץ זייער וויכטיק און נייטיק, און עס וואָלט זיך מיר געוואָלט צוליב טאָן דעם מנהג, און ביי דער געלעגנהייט פֿונם דרייסיקסטן יובֿל פֿון דער פּרץ־שול פּרוּוון אונטערציען אַ שטיקל סך־הכּל און טיילן זיך מיט "ליידן און פֿריידן", וואָס זיינען פֿאַרגאַנגען. קען איך עס אָבער ניט פּועלן ביי זיך. ערשטנס, קומט מיר אויס, איז עס פֿאָרט אַביסל געקינצלט צו מאַכן סך־הכּלען פּונקט דאַן ווען אַ באַשטימטע צאָל יאָרן זיינען פֿול געוואָרן, און ס'איז לאָו־דווקא, אַז די דאָזיקע דאַטע זאָל טאַקע באמת פֿאַרענדיקן אָדער אָנהייבן אַ קאַפּיטל אין דער אַרבעט פֿונם יובֿילאַר. און ווידער, דאַכט זיך מיר, איז נאָך ניט געקומען די צייט צו מאַכן אַן אַלגעמיינעם סך־הכּל, ווייל מיר זיינען ווייט נאָך פֿון אַ ברעג. מיר האַלטן איצט אין סאַמע מיטן פֿון אונדזער אַרבעט. מיר האָבן ערשט איצט קוים דערגרייכט, אַז ייִדישע דערציִונג זאָל ווערן דער ענין פֿון אַ גרעסערן קרייז נאַציאָנאַל־באַוווּסטזיניקע עלטערן און געזעלשאַפֿטלעכער טוער. מיר האַלטן ערשט איצט ביים פֿאַרמעסטן זיך, אַז אונדזערע שולן זאָלן טאַקע באמת קענען טראָגן די פֿולע אחריות פֿאַרן ייִדישן קינד און זיין דערציִונג. וואָס איך מיין דערמיט צו זאָגן איז, אַז ערשט ווען אונדזערע טאָג־שולן און די טאָג־שולן פֿון די תּלמוד תּורות הייבן אָן ווערן אַ זיכערער יש און ניט מער קיין עקספּערימענט בלויז, וואַקסט אויס דאָס פּראָבלעם ייִדישע דערציִונג אין דער פֿולער גרייס, וואָס איז אונדז מחייבֿ צו אַ סך מער ווי ביז איצט, אָבער ביי קיין סך־הכּל האַלט עס נאָך ניט. נאָך צו פֿרי.

לאָמיר עס מאַכן קלאָרער : עס וועט אפֿשר זיין אַביסל צו געוואָגט און קלינגען אַפּאָלאָגעטיש, קען איך זיך ניט העלפֿן. איך קען עס ניט זאָגן אַנדערש. איך באַטראַכט די פֿאַרגאַנגענע יאָרן פֿאַר צוגרייטונגס יאָרן בלויז. יאָרן, אין וועלכע מיר האָבן געזאַמלט דערפֿאַרונג און אַנטוויקלט דעם חשק פֿאַר ייִדישער דערציִונג, אָבער האָבן נאָך ניט געקענט און האָבן טאַקע ניט גענומען אויף זיך די גאַנצע אחריות פֿאַר דער פֿולער דערציִונג פֿון אונדזערע קינדער.

די אָוונט־שול איז אַ צוגאָב־שול, וועלכע נעמט אויף זיך בלויז אַ טייל פֿון דעם קינדס דערציִונג, דעם ייִדישן טייל. זי האָט כּמעט קיין שייכות ניט צום קינדס אַלגעמיינער דערציִונג. דאָס טיילט גלייך איין דאָס קינד אין צוויי וועלטן, און ס'איז אַזוי פֿאַרשטענדלעך און קלאָר, אַז פֿון די צוויי וועלטן קומט די ייִדישע אַרויס די שוואַכערע, אויב ניט די געניזוקטע.

דער לאָזונג איז טאַקע : "דאָס ייִדישע קינד פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק". די צוגאָב־שול, אפֿילו די בעסטע, איז עס ניט בכּוח דורכצופֿירן, און קען זיך דעריבער ניט אונטערנעמען צו טראָגן די גאַנצע אחריות. עס האַנדלט זיך דאָך ניט נאָר וועגן עפּעס אויסלערנען. וואָס דאָס קען אפֿילו אַ צוגאָב־שול באַווייזן. עס האַנדלט זיך דאָך אין דערציען אַ "ישׂראל בין העמים", וואָס דאָס מיינט אין דערציִערישן זינען ניט נאָר מען זאָל וויסן ווי די וועלט באַציט זיך צו אונדז און מיר צו איר, נאָר דער עיקר אויפֿנעמען די וועלט אין זיך אַזוי סינטעטיש, אַז מ'זאָל קענען זיין אַ ייִד מיטן פֿולן מויל און האַרצן, און אין דער זעלבער צייט, אָדער דווקא דערפֿאַר קענען שאַפֿעריש געניסן און מיטלעבן מיט דער וועלט ווי אין אַן אייגענער היים. עפּעס אַזוי ווי אין דעם הערלעכן זאָג פֿון דר' חיים זשיטלאָווסקי ע"ה, "וואָס מער ייִד, אַלץ מער מענטש".

די צוגאָב־שול קען אָבער ניט, לויט איר געבוי, נעמען אויף זיך די דאָזיקע אויפֿגאַבע. זי האָט ניט דאָס גאַנצע קינד און קען במילא ניט ווירקן אויף דער גאַנצער ליניע. רעכנט נאָך צו צו דעם, וואָס דער ייִדישער שול קומט אויס צו אַרבעטן אין אַ כּמעט אויסגעליידיקטער סבֿיבֿה אין ייִדישן קולטור זינען, און איר וועט האָבן פֿאַר זיך דעם פֿולן אמת פֿון דעם שטילן און צער־פֿולן קלאָגן פֿון ייִדישן לערער : "תּבֿן לא ניתּן לנו ולבֿנים אומרים לנו עשׂו". און פֿון דאַנען נעמט זיך אויך דאָס וואָס אַ היבש ביסל זאַכן, וואָס האָבן געדאַרפֿט געטאָן ווערן כּדי צו געבן דער שול מאַטעריאַל צו דער אַרבעט, זיינען ניט געטאָן געוואָרן ווי געהעריק מיטן גאַנצן פֿאַרנעם. אַלץ איז געטאָן געוואָרן לחצאין און ווי פֿאַר אַ צוגאָב. די מאָס איז גענומען לויט די קליידער . . .

זאָל דאָס ניט אויסגעטייטשט ווערן ווי אַ פֿאָרוווּרף אָדער אַ פֿאַרניינונג פֿון דער אָוונט־שול. עס איז בלויז קלאָר צו מאַכן די באַגרעניצטע מעגלעכקייטן, וואָס די אָוונט־שול האָט לויט איר עצם וועזן, אָפּגערעדט שוין פֿון די גרויסע שוועריקייטן אונטער וועלכע איר קומט אויס צו אַרבעטן. פֿאַרלאַנגענדיק פֿונם קינד אָוועקצוגעבן זיין שפּיל־צייט פֿאַר ייִדיש לערנען. זי פֿאָדערט דאָך פֿונם קינד ממש מסירת־נפֿש. איז וויפֿל קענען זיך דאָס מוסר־נפֿש זיין באַהבֿה ? עס איז דעריבער קלאָר פֿאַר אַ סך, אַז די צוגאָב שול, דאָס איז בלויז דער פּרוזדור, די אַזוי גערופֿענע צוגרייטונג־

שטעלע פֿאַר אַ פֿול און גאַנץ דערציִונג וועזן. און אין דעם זין האָט זי ממש וווּנדער באַוויזן.

ווי געזאָגט, וויל איך ניט מאַכן קיין סך־הכּל און ניט אַרײַנלאָזן זיך אין פֿעסטשטעלן די אויפֿטועז פֿון דער אָוונט־שול. איך וויל נאָר אָנווײַזן אַז איינער פֿון אירע עיקר אויפֿטועז באַשטייט לויט מײַן מיינונג אין דעם, וואָס זי האָט באַשאַפֿן די אַטמאָספֿערע פֿאַר ייִדישער דערציִונג. זי האָט אָנגעהויכט די תּלמידים מיט אַ פֿרישן אָטעם און באַשאַפֿן אַ גוטן טעם אין מויל, אַז עס זאָל זיך וועלן מער און נאָך. זי האָט אויפֿגעוועקט אַ געפֿיל צו וועלן אַ סך און זוכן צו באַשאַפֿן אַזאַ דערציִונגס סיסטעם, וואָס זאָל קענען אַרומנעמען און טראָגן די גאַנצע אַחריות פֿאַרן נײַעם דור. דער וווּקס און דאָס באַפֿעסטיקן זיך פֿון דער טאָג־שול דאַרף אין אַ גרויסער מאָס צוגעשריבן ווערן דעם גוטן אײַנפֿלוס פֿון דער אָוונט־שול.

עס איז, נאַטירלעך, פֿאַרשטענדלעך, אַז אויך די טאָג־שול וועט נאָר דאַן קענען דערפֿילן אונדזערע האָפֿנונגען, ווען אונדזער אָרום וועט באַהויכט ווערן מיט פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט צו וועלן לעבן אַ גאַנץ ייִדיש לעבן מיט אַן אייגענעם שטייגער. דאָס איז שוין אָבער אַן ענין פֿאַר זיך וועגן וועלכן מען דאַרף ריידן באַזונדער. דאָ וויל איך בלויז מאַכן אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן די אויפֿגאַבעס וואָס שטעלן זיך אונדז גלײַך איצט און וועלכע קענען מען ניט אָפּלייגן ווערן אָדער פֿאַרלאָזן זיך אַז אַנדערע וועלן עס טאָן.

דער אויפֿבוי פֿון די טאָג־שולן איז אונדז מחייב צו נעמען עס אין די אייגענע הענט און טאָן עס גאַנץ מיט אַן אויג אויף דער גאַנצער פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט וואָס ליגט איצט אויף אונדז.

אין ראשי פּרקים און אין קורצן בקיצור מיינט עס, אַז מיר דאַרפֿן נעמען זאָרגן פֿאַר אַ צאָל זאַכן אויף אַמאָל. איך וועל אָנרופֿן נאָר דרײַ פֿון די וויכטיקסטע: א) לערן־ביכער און הילף מאַטעריאַלן פֿאַר אָנפֿאַנגער־קלאַסן; ב) קינדער־ליטעראַטור, און ג) לערער־צוגרייטונג.

מיר מוזן האָבן אַנדערע טעקסט־ביכער, באַזונדערס פֿאַר די אָנפֿאַנגער־קלאַסן. די טעקסט־ביכער, וואָס זײַנען פֿאַראַן, זײַנען סײַ לויטן מעטאָד, סײַ לויט דער שפּראַך און אינהאַלט ניט צוגעפּאַסט פֿאַר אונדזערע שולן און בפֿירוש שלעכט פֿאַר דער טאָג־שול, ווו דער עלטער איז אַ נאָרמאַלער און דער צוגאַנג דאַרף זײַן אַן אַנדערער. און דער אינהאַלט "סינטעטיש". אַנשטאָט מעשׂיות און לידער וואָס וואַרצלען ניט אין ערגעץ, זאָל גלײַך פֿון אָנהייב דאָס קינד דערצויגן ווערן אויף גוטן שטאָף, וואָס באַרײַכערט דעם קינדס פֿאַנטאַזיע און באַלײַכט דאָס לעבן; אַנשטאָט איין בוך פֿאַרן גאַנצן יאָר, זאָלן זײַן עטלעכע קלענערע. טעמים זײַנען דאָ איבעריק צו געבן, זיי זײַנען זעלבסטפֿאַרשטענדלעך.

עס טאָרן בײַ אונדז אַליין ניט געשאַפֿן ווערן די צוויי וועלטן פֿון ענגליש און ייִדיש, גלײַך בײַם סאַמע אָנהייב מיט דעם אומבאַוווּסטזײַן וועט דאָס דאַרפֿן אויסגעברייטערט ווערן אויף אַלע לימודים, דערווײַל רעדט זיך דאָ בלויז וועגן דעם ייִדיש־לימוד.

איך האַלט דעם ענין פֿאַר אַזוי וויכטיק, אַז אַן אים ממש איז געווענדט צי מיר וועלן האָבן אַ ייִדיש־לייענער צי ניט. לייענען איז אַ געוווינהייט און מ'קען צוגעוווינען נאָר אויף זאַכן פֿון וועלכע מ'האָט הנאה און מ'לעבט עפּעס איבער לייענענדיק זיי. און נאָך מער — פֿאַר מיר איז עס אַ פּרוביר־שטיין צי מיר מיינען טאַקע צו טראָגן די גאַנצע פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט פֿאַר דערציִען און אַנטוויקלען אונדזערע קינדער.

וועגן דעם ענין לערער איז לעצטנס אַ סך גערעדט געוואָרן און מ'דאַרף ניט מאַריך זײַן וועגן דעם. עס איז גאַנץ קלאָר, אַז אויב עפּעס וועט ניט געטאָן ווערן סײַ וועגן צוגרייטן נײַע לערער און סײַ וועגן הייבן דעם פּראָפֿעסיאָנעלן סטאַנדאַרד פֿון די פֿאַראַנענע לערער שטייען מיר פֿאַר דער געפֿאַר, ניט צו וואַקסן, נאָר טאַקע גאָר פּשוט פֿאַרקלענערט צו ווערן. אַוואַדאי איז דער בעסטער ענטפֿער אויף דער פֿראַגע פֿון צוגרייטן לערער צו עפֿענען אַ לערער־סעמינאַר. איך האַלט אָבער, אַז מיר האַלטן נאָך זייער ווײַט פֿון האָבן די מעגלעכקײַט פֿאַר דעם. מיר וועלן קענען קריגן גענוג תּלמידים פֿאַר אַ סעמינאַר ערשט נאָכדעם ווען צו די טאָג־שולן וועלן צוקומען גאַנצע מיטל־שולן. ווען מיר וועלן קענען געבן דעם יוגנטלעכן אַ גאַנצע און פֿולע בילדונג, וועלן מיר פֿון זיי קענען ווערבירן תּלמידים פֿאַר אַ לערער־סעמינאַר, וואָס זאָל ווערט זײַן דעם נאָמען און טאַקע דינען דעם צוועק צוליב וועלכן ער איז באַשאַפֿן געוואָרן. ביז דאַן אָבער דאַרף מען אײַנאָרדענען קורסן אין יעדער גרעסערער שטאָט פֿאַר די מערפֿעיִקע תּלמידים פֿון די העכערע קורסן און אַזוי אַרום דערציִען אַ צאָל לערער. איך ווייס, אַז דאָס איז ניט גענוג. איך זע אָבער דערווײַל ניט קיין אַנדער וועג. מיט דעם איז ענג פֿאַרבונדן די פֿראַגע פֿון פֿאַרזיכערן דעם לערער מיט פּרנסה און מיט עלטער פּענסיע און קראַנקהייט פּענסיע. מיטן אויפֿהייבן דעם לערערס שטאַנדאַרד וועלן מיר קענען דערהאַלטן די פֿאַראַנענע לערער און אויך צוציִען אינטעליגענטע יוגנטלעכע צו דער פּראָפֿעסיע, וועלכע מירן דאַרפֿן לערנען בײַ דער אַרבעט שוין. צו דעם דאַרפֿן צוקומען "זומער־קורסן" פֿאַר לערער אָפּצופֿרישן די אַלטע און טאַקע דערציִען די נײַע לערער. דאָס וועט לכל הפּחות ביסל לינדערן די נויט.

ווער־זשע זאָל דאָס אַלץ טאָן ? אין דער ערשטער ריי די ייִדישע שולן אין קאַנאַדע. זיי דאַרפֿן נעמען די איניציאַטיוו און עס מאַכן פֿאַר אַ טייל פֿון זייער בודזשע. איך גלייב אויך, אַז מען דאַרף קענען פֿאַרינטערעסירן דעם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס און אים משתּף זײַן צו דעם. אַזוי אויך אַנדערע נאַציאָנאַלע קערפּערשאַפֿטן, ווי דער "אַקציאָנס קאָמיטעט" א"א. דערנאָך קומען די נאַציאָנאַלע און דערציִערישע אינסטיטוציעס פֿון די שטאַטן צו וועלכע מען וועט זיך דאַרפֿן ווענדן. עס איז ניט קיין לאָקאַלער קאַנאַדער ענין. זיי דאַרפֿן דאָס גלײַך ווי מיר און סוף־כּל־סוף וועלן זיי זיך פֿאַרט אויפֿהערן ווען עס איז צו באַהאַלטן זיך אונטערן פֿאַרטעך מיט תּירוצים "אַמעריקע איז עפּעס אַנדערש און מ'קען ניט", און אויך אָנהייבן בויען טאָג־שולן. דאַן וועלן זיי דאַרפֿן זײַן אין דער זעלביקער לאַגע ווי מיר, און איך האָף, אַז זיי וועלן אָננעמען אונדזער שטאַנדפּונקט וועגן דעם ענין, וואָס איז דאַכט זיך אַזוי פֿאַרשטענדלעך.

אין אַ מין מאמר המוסגר, וויל איך צום סאַמע סוף צוגעבן, אַז ס'איז דערווײַל גאָרניט נייטיק צו באַשאַפֿן קיין ספּעציעלע קערפּערשאַפֿט פֿאַר דעם. דער פֿאַרלאַג "פֿון קוואַל", וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן אין וויניפּעג און, וואָס די מאָנטרעאַלער זײַנען צו אים צוגעשטאַנען, קען דעם גרעסטן טייל פֿון פֿאַרלאַג־אַרבעטן אָפּטאָן. מען דאַרף נאָר צווישן זיך גוט צונויפֿריידן זיך און מצרף זײַן טאָראָנטע, קאַלגאַרי, ווינדזאָר און אַלע אַנדערע שטעט וואָס האָבן שולן.

איך וויל האָפֿן, אַז די יובֿל פֿײַערונגען וועלן דערמוטיקן צום דעם און צו נאָך מער.

# צווייטער אָפּטייל

## פּרץ שול —

ארטיקלען פֿון: מ. זעלטשען
י. א. טשערניאַק
א. גאַלאַמב
פֿ. זאַלף
ע. מילער
פֿ. קושנעראָוו־פֿיינמאַן
מ. קאַנטאָר
באַריכטן פֿון
מוטער פֿאַריינען

ש. מ. זעלטשען

# לאָמיר האָבן אמונה

ווען די וויניפּעגער פּרץ־שול איז געגרינדעט געוואָרן מיט 30 יאָר צוריק, האָבן אירע גרינדער מקבל באהבֿה געווען די שווערע חבֿלי־לידה פֿון דער שול, ווײַל זיי האָבן אויף איר געלייגט גרויסע האָפֿנונגען. דאַן האָט זיך דאָך אָנגעהייבן די ייִדישע שול באַוועגונג איבערן גאַנצן לאַנד, און זיי האָבן געזען די וויזיע פֿון אַ ברייטער נעץ ייִדישע שולן איבער דער גאַנצער ייִדישער וועלט און אַ דור וואָס וועט אויסוואַקסן אין דער ייִדישער שפּראַך און אינם פּראָגרעסיוון נאַציאָנאַלן ייִדישן גײַסט.

הײַנט וואָלטן מיר שוין געדאַרפֿט שנײַדן די גערעטעניש פֿון יענער גרויסער אַרבעט. ס'איז אָבער זייער אַ קאַרגער שניט, — וואָס זאָלן מיר זיך נאַרן? מיר האָבן ניט דערגרייכט די רעזולטאַטן וועלכע מיר האָבן דאַן דערוואַרט. מיר האָבן ניט די נעץ שולן און ניט דעם דור וואָס מיר האָבן געזען אין אונדזער וויזיע.

און דערפֿאַר אַ היבש ביסל אַנטוישונגען אין אונדזערע רייען און אַזויפֿיל "בעלי־תּשובֿה" וואָס פֿאַרגעסן, אַז די עלטערע ייִדישע דערציִונג סיסטעמען האָבן געבראַכט אַפֿשר נאָך קלענגלעכערע רעזולטאַטן... דערפֿאַר זײַנען אַפֿילו בײַ אונדז אין וויניפּעג, וווּ די ייִדישע שול האָט געלאָזן טיפֿערע וואָרצלען אינם ייִדישן לעבן ווי אַנדערשוווּ אויפֿן צפֿון אַמעריקאַנער קאָנטינענט (מיטן אויסנאַם אַפֿשר פֿון מאָנטרעאַל), — דערפֿאַר זײַנען אַפֿילו בײַ אונדז אַזויפֿיל אַנטוישטע: ווען מיר אַליין וואָלטן אַפֿילו דערגרייכט אונדזער ציל (און מיר האָבן אים ווײַט ניט דערגרייכט), וואָלטן מיר דאָך בלויז געשאַפֿן אַן אַאַזיס וואָס וואָלט פֿאַרטראָגן געוואָרן פֿון די אַרומיקע מדבר זאַמדן.

אָבער די שול איז דאָך ניט די איינציקע זאַך וואָס איז ניט געגאַנגען "לויטן פּלאַן". מיר האָבן דאָך דאַן געהאַט נאָך אַ סך פּלענער וועגן דעם איבערבוי פֿונם ייִדישן לעבן און וועגן אַ נײַער מענטשלעכער געזעלשאַפֿט בכלל. מיר האָבן דאַן געהאַט צווישן זיך אַ סך יונגעלײַט וואָס האָבן ניט געוואָלט אַרויסנעמען קיין לעבן־פֿאַרזיכערונג, ווײַל "ביז די פּאָליסי וועט צײַטיק ווערן אין 20 יאָר אַרום וועט דאָס לעבן פֿון יעדער יחיד אין אַ נײַער געזעלשאַפֿט זײַן במילא געזיכערט"...

אַ שול איז נאָך אַלעמען אַ פּועל־יוצא פֿונם אַרומיקן לעבן, און אויב דאָס גאַנצע לעבן גייט ניט לויט אַ באַשטימטן פּלאַן, גייט אויך ניט די שול לויטן פּלאַן. און דאָס ייִדישע לעבן איז אין דער גרעסטער מאָס אָפּהענגיק פֿונם לעבן אין לאַנד, און דאָס לעבן פֿון לאַנד — פֿון דעם לעבן אין דער וועלט בכלל.

מיט אינדיווידועלער עקשנות קאָן מען אויסמײַדן אַ ווינקל פֿאַר זיך אַליין, וואָס זאָל זײַן מער אָדער ווייניקער אָפּגעזונדערט פֿון די אַרומיקע תּנאָים. זײַנען טאַקע די ייִדישע שולן לײדער פֿאַרבליבן אַזעלכע ווינקלעך, — וווּ מער דערפֿאָלגרײַך אַ דאַנק שטאַרקערן ווילן און גינסטיקערע תּנאָים, און וווּ ווייניקער דערפֿאָלגרײַך, ווען דער ווילן איז געווען שוואַכער און די אַרומיקע תּנאָים ווייניקער גינסטיק.

אַזעלכע ווינקעלעך קאָנען אָבער האָבן זייער ווירקונג אויפֿן אַרומיקן לעבן, און, מיט דער צײַט, אונטער געביטענע תּנאָים, קאָנען זיי ווערן די פֿאָדערשטע פּאָזיציעס אינם קאַמף פֿאַר אַ נײַעם לעבן. איך גלויב אין די שולן, און איך גלויב אַז זיי קאָנען עס נאָך ווערן.

פֿרומע ייִדן ווערן ניט נתפּעל וואָס זייער דור גייט אַוועק פֿון די וועגן פֿון אמונה. זיי זײַנען זיכער מיט זייער אמת, און זיי גלויבן אַז דאָס איז גאָר אַן איבערגאַנג פּעריאָד, און אַז "מען וועט זיך נאָך כאַפּן צום שׂכל" און מען וועט ווערן פֿרום. זיי האַלטן זיך דערפֿאַר פֿעסט אין זייערע "ווינקעלעך" אין לעבן און פֿאַרלאָזן ניט זייערע פּאָזיציעס.

די סאָציאַליסטישע באַוועגונג האָט אין די לעצטע פּאָר צענדליק יאָרן געליטן שווערע, צעשמעטערנדיקע פֿיזישע און מאָראַלישע קלעפּ. גרויסע סאָציאַליסטישע פּאַרטײַען זײַנען פֿונם אויבנאָן פֿאַרטריבן געוואָרן אין ענגע און פֿינצטערע ווינקעלעך פֿונם לעבן. דאָך פֿאַלן בײַ זיך גוטע סאָציאַליסטן ניט אַראָפּ. זיי גלויבן, אַז זייער שעה וועט נאָך קומען, — ווײַל זיי גלויבן אינם אמת פֿון זייער זאַך.

מיר, שול טוער, וואָלטן אויך געדאַרפֿט באַוואָפֿענען זיך מיט אַזאַ גלויבן. מיר דאַרפֿן גלויבן, אַז אונדזער אַרבעט איז ניט פֿאַר איין דור, נאָר פֿאַר דורות און דורות. מיר דאַרפֿן ניט וועגן און מעסטן אונדזערע קליינע דערגרייכונגען און גרויסע דורכפֿאַלן מיט דער מאָס פֿון די קאַרגע דרײַ צענדליק יאָרן, נאָר מיט אַ געשיכטלעכער מאָס.

בײַ אונדז איז די שול געקומען אין אַ צײַט פֿון גרויסע רעוואָלוציעס, סײַ אין אונדזער אייגענעם לעבן, ווי אימיגראַנטן, סײַ אינם ייִדישן לעבן און סײַ אינם אַלגעמיינעם לעבן. זיי זײַנען אַן ערנסטער פֿאַרזוך צו שאַפֿן אַ שול וואָס זאָל זײַן צוגעפּאַסט צו תּנאָים וואָס האַלטן אין איין בײַטן זיך. ווי אַזאַ, דערפֿילט זי אַ וויכטיקע מיסיע אין אונדזער לעבן. זי העלפֿט אָנהאַלטן דעם פֿאָדעם פֿון דער ייִדישער אייביקייט און דעם המשך פֿון דער ייִדישער קולטור.

ווען מיר זײַנען גרעסערע בעלי אמונה, וואָלטן צווישן אונדז ניט געווען אַזויפֿיל אַנטוישטע און אָפּטריניקע. מיר וואָלטן נאָך מער פֿאַרהאַרטעוועט געוואָרן פֿון די דורכפֿאַלן און מיט נאָך מער עקשנות געאַרבעט פֿאַר דער זאַך אין וועלכער מיר וואָלטן געגלויבט.

עס זײַנען דאָ סימנים אַז אונדזער אַרבעט גייט ניט לאיבוד. די צאָל פֿון די וואָס קומען אַרויס פֿון

אונדזערע שולן מיט א באדײַטנדיקן באגאזש פֿון ייִדישן וויסן און ייִדישן באוווּסטזײַן איז ניט גרויס, אבער זי ווערט גרעסער, און ניט קלענער. די הויפּטזאך אבער איז, וואס בײַ דעם יונגן דור איז לכל הפּחות דא א ווילן פֿארצוזעצן ווײַטער די ייִדישע שול, — פֿאר זייערע קינדער, — וואס גאראנטירט, אז די שול וועט פֿארבלײַבן א פֿאקטאר אינם ייִדישן לעבן און וועט קאנען שפּילן איר גרעסערע ראל, ווען די צײַט וועט קומען.

און אט די צײַט קאן קומען אפשר פֿריער, ווי א סך פֿון אונדז דערווארטן. זי איז אפשר אט דא ניט ווײַט, "הינטערן ראג".

די איצטיקע מלחמה איז דאך א רעוואלוציע, וואס צעטרייסלט ביזן גרונט אנגענומענע און אײַנגעפֿונדעוועטע באגריפֿן און טראדיציעס. אפֿילו די סאמע קאנסערוואטיווסטע מענטשן זײַנען איצט מסכּים, אז די וועלט נאך דער מלחמה וועט מוזן איבערגעבויט ווערן אויף נײַע יסודות.

און לויט אלע טענדענצן פֿון דער הײַנטיקער צײַט וועלן די יסודות, צווישן אנדערע, זײַן נאציאנאלע, אויף וויפֿל ס'איז שייך יעדער נאציאנאלער גרופּע באזונדער, און אינטערנאציאנאלע, אויף וויפֿל ס'איז שייך דער גאנצער מענטשלעכער געזעלשאפֿט. און אויב מיר זאלן קאנען פֿארהיטן אונדזער א"ג "דעמאקראטישן שטייגער פֿון לעבן", און ניט ארײַנפֿאלן אינם אפּגרונט פֿון פֿאשיזם, וועלן מיר דארפֿן אנטוויקלען א דינאמישע דעמאקראטיע, מיט א ברייטער זעלבסטטעטיקייט פֿון די מאסן.

און אזא זעלבסטטעטיקייט איז אויגנשײַנלעך מעגלעך נאר אויפֿן הינטערגרונט פֿון נאציאנאלע קולטורן און שפּראכן. די ייִדישע שול וועט דאן גערופֿן ווערן צו שפּילן א גרויסע ראל ניט נאר אינם ייִדישן לעבן, נאר אויך אינם לעבן פֿון לאנד.

און וואס אויב די דעמאקראטיע וועט ניט געווינען די מלחמה? וואס אויב די מלחמה וועט זיך ענדיקן מיט א מפּלה פֿון די פֿאשיסטן, אבער מיט א זיג פֿונם פֿאשיזם?

אין אזא פֿאל, חלילה, וועלן מיר געטריבן ווערן מיט אײַזערנע בײַטשן צו א ייִדישן לעבן . . . די ייִדישע שול וואלט אין אזא פֿאל במילא געווארן א גאר וויכטיקער פֿאקטאר אינם ייִדישן לעבן.

לאמיר האבן אמונה אין אונדזער ארבעט. מיר האבן ניט דערגרייכט אלץ וואס מיר האבן דערווארט, ווײַל מיר האבן דערווארט צופֿיל און צו שנעל. מיר האבן אבער געלאזט ווארצלען אינם ייִדישן לעבן, און, ווען די צײַט וועט קומען, וועלן זיי נאך ברענגען א שפֿע פֿון פֿרוכטן.



אָרקעסטער טאָג־שול געווונען דעם פּריז בײַ וויניפּעגער מחיק פֿעסטיוואַל אין 1932

י. א. טשערניאַק

# פֿאַרן אנהויב

די געשיכטע פֿון דער י. ל. פּרץ־שול אין וויניפּעג איז מער אדער ווייניקער, די געשיכטע פֿון ייִדיש־וועלטלעכער שול אויף דעם אמעריקאנער קאנטינענט. די ערשטע שול פֿון דעם טיפּ האט זיך געגרינדעט אין ניו־יארק, אין 1910 *).

ביז דעמאלט זײַנען איבערהויפּט ניט געווען קיין ייִדישע דערציִונגס אנשטאלטן אין אמעריקע, אויב מען זאל ניט רעכענען דעם היברו יוניאן קאלעדזש, אין סינסינאטי, וועלכער איז געגרינדעט געווארן אין 1875 און האט באשרענקט זײַן טעטיקייט אויף אויסצובילדן רעפֿארם ראבינערס פֿאר די אסימילירטע און זיך אסימילירנדיקע ייִדישע קהילות.

די דורות אימיגראנטן וואס זײַנען געקומען אין אמעריקע אין די יארן 1880 ביז 1900, זײַנען באשטאנען פֿון צוויי סארטן : פֿון איין זײַט, אסימילאטאריש־געשטימטע, וואס האבן געשיקט זייערע קינדער אין די אלגעמיינע רעגירונגס־שולן און האבן זיי אינגאנצן ניט געלערנט קיין ייִדישע לימודים; פֿון דער צווייטער זײַט, זײַנען די אימיגראנטן געווען ציוניסטן און רעליגיעז־געשטימטע ייִדן, וואס האבן דערציגן זייערע קינדער בײַ מלמדים, אדער אין קליינע חדרים, וווּ די קינדער האבן זיך אויסגעלערנט דאוונען, קידוש־מאכן און קדיש זאגן. דאס זעלבע איז אויך ריכטיק בנוגע קאנאדע, וואס איר ייִדישע באפֿעלקערונג איז ייִנגער ווי די אין די פֿאראייניקטע שטאטן, און גייט אלעמאל אין די פֿוס־טריט פֿון דער ערשטער.

אַפֿילו אזעלכע גרויסע ייִדישע קהילות ווי טאראנטא און מאנטעאל, האבן ביז די ערשטע יארן פֿון דעם יארהונדערט ניט געהאט קיין געזעלשאפֿטלעכע דערציִונגס אינסטיטוציעס און האבן איבערהויפּט באגרענעצט זייער ארבעט מיט בלויז רעליגיעזע און פֿילאנטראפּישע ענינים.

אין די שטאטן זײַנען אויך געווען צו יענער צײַט א סך סאציאליסטן און סאציאליסטיש־געשטימטע ייִדן, אינטעליגענטן און ארבעטער, וואס האבן געהערט צו די פֿארשיידענע סאציאליסטישע אדער אנארכיסטישע גרופּירונגען. זיי האבן געהאט זייערע פֿאראיינען, קלובן, יוניאנס און ארגאניזאציעס; לויט זייער גאנצער פּסיכאלאגיע זײַנען זיי געווען ניט קיין ייִדן נאר "ייִדיש־שפּרעכנדיקע" בלויז, א מין "פֿאלקס־אויסגאבע" פֿון דעם באקאנטן טערמין פֿון "ייִדישן גלויבן", וואס די אסימילאטארן פֿון די ייִדיש־בורזשואזע קרײַזן האבן מיט א צײַט פֿריער ארײַנגעבראכט אין ייִדישן לעבן : מיר זײַנען דײַטשן, פֿראנצויזן, אדער פּאליאקן "פֿון מאזאישן גלויבן". אזוי האבן זיי זיך טאקע מיט שטאלץ גערופֿן : ייִדיש־שפּרעכנדע גענאסן; די פֿירער פֿון יענער צײַט : קאהאן, פֿײַגנבוים, באראנאוו, ראזנצווײַג, זאמיעטקין און טיילווײַז יאנאווסקי, האבן פֿעסט געגלויבט, אז דער אלגעמיינער פּראגרעס פֿון דער מענטשהײַט, גייט מיט גיגאנטישע שריט אין אונדזער ריכטונג און ער וועט גאר אין גיכן אפּשאפֿן אלע מחיצות צווישן פֿעלקער. ווי פּראגרעסיווע מענטשן, האבן זיי דערפֿאר געפּריידיקט, אז די ייִדן זאלן ווײַזן דעם וועג פֿארויס, אפּזאגן זיך פֿון אלע נארישע זאבאבאנעס, ווי שפּראך, רעליגיע אא"וו, און מיטהעלפֿן דעם פּראגרעס. ייִדיש, האבן זיי געזאגט, איז נאר א צײַטווײַליק מיטל צו אגיטירן אינטערנאציאנאליזם, סאציאליזם און אנארכיזם צווישן די "אומאנטוויקלטע" ייִדישע מאסן, וואס קאנען נאך לײַדער ניט קיין אנדער שפּראך. אין אזא אטמאספֿערע איז קיינעם, נאטירלעך, ניט אײַנגעפֿאלן דער געדאנק פֿון א באזונדערער, ייִדישער שול פֿאר קינדער, אדער איבערהויפּט שטעלן זיך ספּעציעלע, ייִדישע צילן און אויפֿגאבן, ווײַל דאס איז דאך לכל הדעות רעאקציע, שאוויניזם, רענגרעס.

דעם צײַט אפּשניט ביז 1903 קען מען מיט רעכט אנרופֿן "פֿאר מתן־תורה פּעריאד", ווײַל ער איז כאראקטעריסטיש מיט זײַן פֿלאכקייט און מיט זײַן נאיִווען קוק אויף דער ראל פֿון פּראגרעס בכלל און ייִדן בפֿרט.

נאר פּלוצלונג האט זיך ווי א דונער אין א העלן טאג, אהער דערטראגן די שוידערלעכע נײַעס וועגן קעשענעווער פּאגראם מיט אלע זײַנע גרויזאמע פּרטים. די זײַלן וואס אויף זיי האט זיך געהאלטן דער גאנצער גלויבן אין פּראגרעס און קאסמאפּאליטיזם, האבן זיך א וואקל געטאן. אייניקע פֿון די פֿירער פֿון דער ראדיקאלער באוועגונג פֿון יענער צײַט — אזוי האט זי זיך גערופֿן — האבן זיך און אנדערע געוואלט אײַנריידן, אז דאס זײַנען די געבורט־ווייען פֿון דער רעוואלוציאנערער באוועגונג. אבער דר׳ הלל זאלאטאראוו ע"ה — צו יענער צײַט א פֿירער פֿון דער ייִדישער אנארכיסטישער שטרעמונג — האט זיך ניט געקענט באַרויִקן מיט אזעלכע דערקלערונגען און דעם 23 מאי, 1903, איז ער ארויסגעקומען מיט אן ארטיקל "ערנסטע פֿראגעס", אין דער "פֿרײַער ארבעטער שטימע". דעם ארטיקל קען מען מיט רעכט אנרופֿן די "מאגנא קארטא" פֿון ייִדישן סאציאליזם, אדער סאציאליזם־נאציאנאליזם, אין אמעריקע.

האבנדיק אליין דורכגעלעבט א פּאגראם — ער איז געקומען אהער מיט דער "עם עולם גרופּע", נאך די פּאגראמען פֿון 1881 — ווערט ער טיף אויפֿגעשוידערט פֿון די שרעק־בילדער וואס דער קעשענעווער פּאגראם — 22 יאר שפּעטער — האט אין אים דער־

*) די ערשטע יידיש־וועלטלעכע שול איז דער אלטער היים איז געגרינדעט געווארן אומלעגאל אין דעמיעווקע, לעבן קיעוו, אין 1908 (לויט מינדלעכער אינפארמאציע פון די גרינדער : ברוך שווארצמאן (שפעטער אנפירער פון מאלאכאווקער מוסטער־שול), לייב בראווארניק און מיכל לעוויטאן (שפעטער באקאנטע קאמוניסטן), יהודה נאוואקאווסקי (ירמיה), און שמעון דאבין).

די ערשטע יידישע אוונט־שול — אין ווילנע, 1906, פאר ארבעטער.

יידיש ווי א לימוד איז געזעלשאפטלעכע שולן פאר יידן איז געווען איינגעפירט אין גאלטער מוסטער־שול פאר מיידלעך (פערווא מייסק). ערשטער יידיש־לערער דוד זשוכאוויצקי — דוד זכאי, פון "דבר", ארץ־ישראל; יעליסאוועטגראד; זשיטאמיר; ווילנע (ריוועמאנס שול — שפעטער פרונג־שול) (רעד).

וועקט און ער קומט צו דער ביטערער איבערצייַגונג, אַז די ציוויליזאַציע און דער מענטשלעכער פּראָגרעס גייען מיט לאַנגזאַמע טריט און אַז זיי האָבן ניט אָפּגעשוואַכט און וועלן ניט אָפּשאַפֿן די נאַציאָנאַלע גרענעצן און במילא אויך ניט דעם אַנטיסעמיטיזם.

נאָך מער, ער הויבט אָן צו ספֿקן אין דער ריכטיקייַט וואָס ער און אַנדערע האָבן ביז דעמאָלט געפּריידיקט, אַז דער פּראָגרעס פֿון דער מענטשהייַט פֿאָדערט דאָס אָפּשאַפֿן פֿון פֿעלקער. מיט אַ ביטערער איראָניע פֿרעגט ער: ״אַפֿשר איז איז שולחן ערוך אַליין די מעשה מיט דעם קאָסמאָפּאָליטישן אינטערנאַציאָנאַליזם גאָר אַ ווילדער טעות, אַפֿשר, האַ?״

און ער ענטפֿערט:

״און אַלט, צוגעלעגערט אַן פּסול געוואָרן איז אונדזער גלויבן זייַנען, דאַכט זיך, צוויי געדאַנקען, וואָס זייַנען ענג פֿאַרבונדן איינער מיטן צווייטן: ערשטנס, דער געדאַנק, אַז די צעטיילונג פֿון מענטש אויף פֿעלקער, איז אַן אומנאַטירלעכע, אַ שעדלעכע, ווי אונדזער אַלטער שולחן ערוך לערנט אונדז; און, צווייטנס, אַז טאַקע דערפֿאַר מוז די שטרעבונג פֿון פֿרייַהייַטלעכע מענטשן אין דער צוקונפֿט זייַן אַן אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס באַטייַט ניט דאָס, וואָס דאָס וואָרט דאַרף איינגנטלעך באַטייטן, נאָר גאָר דאָס, וואָס מיר זייַנען ביז איצט געוווינט געוואָרן צו פֿאַרשטיין אונטער דעם וואָרט קאָסמאָפּאָליטיזם, ד״ה, די שטרעבונג צו אַ צוזאַמענשמעלצונג פֿון מענטשן אין איין ׳מענטשהייַט׳ אָן אונטערשייד פֿון נאַציאָנען און פֿעלקערשאַפֿטן.

״אונדזער באַציִונג צום גרויסן שטראָם פֿון נאַציאָנאַליזם איז דערום קלאָר: מיר מוזן ניט נאָר העלפֿן ראַטעווען דאָס ייִדישע פֿאָלק פֿון דער אויסערלעכער קראַפֿט פֿון פֿאַרפֿאָלגונג און פֿאַרניכטונג, נאָר אויך זוכן העלפֿן גרופּירן די מאַסן אין צענטרען ווו אַ נאַציאָנאַלע גאַנצקייַט זאָל פֿאַרהינדערן אַן אינערלעכע פֿאַרניכטונג; מיר מוזן זייַן די אַוואַנגאַרדן פֿון פֿרייַהייַט און ליכט און העלפֿן דער אַנטוויקלונג פֿון אַ קולטור, וואָס זאָל פֿירן צו אַ פֿרייַערן און בעסערן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון אונדזער פֿאָלק״.

אַ קורצע צייַט נאָכדעם קומט קייַן אַמעריקע דר׳ חיים זשיטלאָווסקי. הגם געקומען איז ער אַהער לכתחילה מיט אַ שליחות פֿון אַ רייִן־רוסישער פּאַרטיי — פֿון די סאָצ. רעוואָלוציאָנערן — איז ער אָבער פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון דעם אינטענסיוון לעבן פֿון גרויסע, קאָנצענטרירטע ייִדישע מאַסן אין אַמעריקע און די מיגלעכקייַטן אויפֿצובויען אַ ייִדיש־סאָציאַליסטישע באַוועגונג. ער פֿאָרט צוריק אין אייראָפּע אָפּגעבן אַ באַריכט פֿון זייַן שליחות און קערט זיך אום, אין 1906, און, צוזאַמען טאַקע מיט דר׳ זאָלאָטאַראָוו, מ. קאַץ הויבט ער אָן די באַוועגונג וואָס ער איז איר געבליבן געטרייַ זייַן גאַנץ לאַנגן, פּראָדוקטיוון לעבן, ביז זייַן פּלוצלונגדיקן טויט, אין קאַלגאַרי, דעם 6טן מאַי, 1943. ער פֿאָרט דורך דעם גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט און ער האַלט לעקציעס וועגן ״סאָציאַליזם, קאָסמאָפּאָליטיזם און אינטערנאַציאָנאַליזם״, וועגן ״ייִד און מענטש״, וועגן דער ״צוקונפֿט פֿון פֿעלקער אין אַמעריקע״, וועגן ייִדישער ליטעראַטור און וועגן ענלעכע פּראָבלעמען; ער שרייַבט אין די עקזיסטירנדיקע צייַטונגען און גרינדעט אַליין אַ זשורנאַל און אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע יאָר, געלינגט אים צו צעבריכן די אַלטע געטער פֿון דעם שלעכט פֿאַרשטאַנענעם אינטערנאַציאָנאַליזם און שאַפֿן אין אַלע שטעט פֿון אַמעריקע גרויסע גרופּעס פֿון ייִדישע סאָציאַליסטן פֿון פֿאַרשיידענע שאַטירונגען, וואָס זייַנען אַלע מסכּים, אַז ניט נאָר מעגן די ייִדישע סאָציאַליסטן ממשיך זייַן זייער ייִדישקייַט, נאָר עס איז, פֿאַרקערט, אַ מצווה דאָס צו טאָן. אַזוי פֿאָדערט דער וועלט־פּראָגרעס אַליין, בכבֿודו ועצמו.

ניט גרינג איז עס אים אָנגעקומען. דעמאָלט, ווי אַ סך מאָל שפּעטער, אין פֿאַרלויף פֿון זייַן לעבן, האָבן די פֿירער און וואָרט־זאָגער פֿון יענער צייַט, דערפֿילט, אַז זייער הערשאַפֿט שטייט אין סכּנה און זיי האָבן אויפֿגעהויבן אַ ויצעקו קעגן אים, אַז ער איז אַ רעאַקציאָנער און שאָוויניסט; אָבער ער און זייַנע אידעען האָבן געפֿונען אַקטיווע אָנהענגער אין די רייען פֿון די טויזנטער און צענדליקער טויזנטער אימיגראַנטן, וואָס זייַנען געקומען אַהער אין די יאָרן 1900 ביז 1910. זיי האָבן פֿון דער היים מיטגעבראַכט, אייניקע באַוווּסטזיניק און אייניקע אומבאַוווּסטזיניק, אַ באַשלוס צו בויען דאָ זייער לעבן אויף די זעלביקע יסודות ווי אויף יענער זייַט ים. צווישן זיי זייַנען געווען בונדיסטן, פּוע״צ, סיימיסטן אָדער סאָצ. טעריטאָריאַליסטן — אַלע אָבער אייניק אין דעם, אַז ״וואָס מער מענטש, אַלץ מער ייִד״, און אַז ייִדן־סאָציאַליסטן דאַרפֿן אָנווענדן אַלע כּוחות צו שאַפֿן באַדינגונגען פֿאַר אַ חשובֿער, נאָרמאַלער ייִדישער עקזיסטענץ. אויף אַזאַ מין אופֿן איז צייַטיק געוואָרן דער באָדן פֿאַר אַ ייִדיש־וועלטלעכער שול, און די ערשטע פֿון דעם מין האָט זיך געגרינדעט אין ניו־יאָרק, אין 1910.

---

די געזעלשאַפֿטלעכע אָריענטאַציע אין וויניפּעג איז געגאַנגען לערך אויף די זעלביקע ליניעס, ווי אין די שטאַטן בכלל און ניו־יאָרק בפֿרט. ווען דער שרייַבער פֿון די שורות — אַ ס״ם פֿון דער היים — איז געקומען אַהער, אין אָנהויב 1905, האָט ער דאָ געטראָפֿן שפּראָצונגען פֿון אַ געזעלשאַפֿטלעכן לעבן: אַ פּאָר שולן צום דאַווענען; אַ הכנסת־אורחים פֿאַריין אויפֿצונעמען אימיגראַנטן; אַ ציוניסטישן פֿאַריין, און זייער אַן אָרעמע תּלמוד תּורה — פֿאַר די קינדער פֿון די אָרעמע לייַט. אין דער ״ראַדיקאַלער״ נאָס, איז געווען אַ קליינע ביבליאָטעק וואָס האָט זיך טאַקע גערופֿן ״ראַדיקאַלע ביבליאָטעק״. אַרום איר האָבן זיך גרופּירט אַלע ראַדיקאַלן: סאָציאַל־דעמאָקראַטן, סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, געוועזענע בונדיסטן, אַנאַרכיסטן (זיי זייַנען געווען די מערהייַט), און אַ בן־יחיד — אַ פּועלי־ציון. אין דעם קרייַז האָט געהערשט די ״ייִדיש־שפּרעכנדע״ פֿילאָסאָפֿיע און דער איינציקער פּוע״צ איז געווען שטאַרקער פֿון אייַזן אויסצוהאַלטן דעם סאַרקאַזם און די גרינגשעצונג, וואָס די איבעריקע חבֿרים האָבן צו אים אַרויסגעוויזן. אַ קורצע צייַט נאָכדעם זייַנען אָנגעקומען אַהער אַ צאָל נאַציאָנאַל־געשטימטע חבֿרים, און, וואָס עס איז נאָך וויכטיקער, אַהער האָבן זיך דערטראָגן די שטימונגען פֿון ניו־יאָרק. מיר האָבן דאָ אָרגאַניזירט אַ סאָצ׳ טעריטאָריאַליסטן פֿאַריין; די פּוע״צ — אַ פּועלי ציוניסטישן פֿאַריין. מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט אויף לעקציעס אַב גאָלדבערגן, דניאַלין*), זשיטלאָווסקין און, אים צו

*) שפּעטער אַדוואָקאַט יוסף טשערניכאָוו — ס׳ ס, פּאָלקיסט, טעריטאָריאַליסט און קולטור־טוער. אַרעסטירט אין 1939 אין ווילנע. זייַן גורל — אומבאַקאַנט.




די ערשטע היים אויף מעקענזי סטריט

לאנגע יאר, ברוך צוקערמאן. די פוע"צ האבן אראפגעבראכט אבערסאנען, מאדאם פעוזנער, און, אים צו לאנגע יאר, דר' אפעלבוים. די נאציאנאלע עלעמענטן האבן ארגאניזירט א באזונדערע ביבליאטעק, א באזונדערן קלוב; איין גרופע האט אפטמאל דעבאטירט מיט דער אנדערער; איין גרופע האט "אפאנירט" די רעדנער, וואס די אנדער גרופע האט געבראכט. עס איז געווען זייער אינטערעסאנט און לעבעדיק, און, ניט קוקנדיק אויף די רייבונגען און היים־בלוט צווישן די צוויי הויפט־גרופירונגען, זיינען אלע סוף־כל־סוף געקומען צו דעם איינשטימיקן באשלוס, אז וואס מיר זיינען זיינען מיר, אבער יידן און ראדיקאלן זיינען מיר, און אז דערפאר דארפן מיר גרינדן א שול, מיט א יידיש־ראדיקאלער פראגראם פאר די קינדער פון די יידישע פאלקס־מאסן שוין, באלד, און פאר אונדזערע אייגענע קינדער, ווען זיי וועלן דערגרייכן דעם שול־עלטער. מיט דעם דערקלערט זיך דאס, וואס, לויט די אלטע פראטאקאלן געפינען מיר אז דעם 12טן אפריל, 1914, איז פארגעקומען די "קאנסטיטוירנדיקע פארזאמלונג" פון דער ניי־געגרינדעטער "יידישער ראדיקאלער שולע אסאסיאיישאן", אין די "סאציאליסטישע קלוב רומס", און אז אין דער עקזעקוטיווע זיינען, צווישן אנדערע, אריין די פאלגנדיקע מיטגלידער וואס האבן רעפרעזענטירט די אלע אידעישע ריכטונגען פון יענער צייט : (דר') ב. גינזבורג, פאניע און י. א. טשערניאק, ט. געלער (דר') י. פערלמאן, י. גורעוויטש (סאצ' נאצ' גרופע), י. פראסאוו (אנארכיסטישע), ח. זאלצמאן, וו. באום, א. גאלובאוו, מ. און ראזע עלקין, ב. טויבמאן (סאצ' דעמאקראט).

אונדזער שול האט זיך געעפנט אין מאי, 1914, אונטער דעם נאמען, נאציאנאל־ראדיקאלע שול, מיט 17 קינדער און איין (1) לערער, — דער איצטיקער דר' ב. גינזבורג, דעמאלט נאך א סטודענט פון מעדיצין. דעם, וואס אינטערעסירט זיך מיט דער געשיכטע פון אונדזער שול פון יאר צו יאר, פאר די ערשטע 20 יאר פון איר גרינדונג, שיקן מיר אפ צו די ארטיקלען פון די חברים גינזבורג, שעפס און ציווקין אין דעם יובל־בוך פון 1934. אונדזער אויפגאבע איז געווען אנצודייטן אויף די געזעלשאפטלעכע כוחות, וואס האבן ארויסגעבראכט די יידיש־וועלטלעכע שול באוועגונג בכלל און די י. ל. פרץ־שול אין וויניפעג בפרט.

---

30 יאר זיינען פארבייגעגאנגען זינט אונדזער שול האט זיך געגרינדעט. די שווערסטע און אויך די אחריותפולסטע יארן אין דער געשיכטע פון אונדזער פאלק. איין גרויסע מלחמה, מיט גוטע און שלעכטע רעזולטאטן, האבן מיר איבערגעלעבט; א צווייטע, א פיל גרעסערע, און פאר אונדזער פאלק, א פיל גרויזאמערע, לעבן מיר איבער איצטער. יידישע קהילות אין אייראפע זיינען פאר דער צייט אונטערגעגאנגען, אבער דער אמעריקאנער יידישער יישוב איז פאר דער צייט גרעסער און שטארקער געווארן, און א באנייטער, א פארשטארקטער און האפנונגספולער יידישער יישוב איז אויסגעוואקסן אין ארץ־ישראל. אין הסכם מיט דעם האט זיך באדייטנדיק געביטן דאס יידישע לעבן, און געביטן האט זיך אויך די יידישע פסיכיק, דער יידישער קוק אויף אלגעמיינע און יידישע פראבלעמען. דאס האט זיך, נאטירלעך, אפגערופן אויף דער יידיש־וועלטלעכער שול באוועגונג בכלל און אויף דער י. ל. פרץ־שול בפרט. זי האט געביטן איר נאמען (פון:

ייִדיש־ראַדיקאַלע שול, אויף י. ל. פּרץ־שול); זי האָט אויסגעברייטערט און פֿאַרטיפֿט איר פּראָגראַם; פֿון איר איז אַרויסגעוואַקסן אַרבעטער־רינג שול (וואָס איז שפּעטער פֿאַרכאַפּט געוואָרן פֿון די קאָמוניסטן און יאָרן לאַנג געוועזן באַוווּסט ווי די "פֿרײַהײַט טעמפּל שול", און איצטער, ווען די ליניע האָט זיך געענדערט, האָט זי געביטן דעם נאָמען אויף "שלום עליכם שול"), און די פֿאָלקס שול. די פּרץ־שול האָט געפֿונען לעבעדיקע יורשים אין קאַלגאַרי און פֿאַר אַ צײַט אין עדמאָנטאָן. זי האָט אַרויסגעבראַכט אַ צאָל לערער פֿון אירע תּלמידים, אַ צאָל געזעלשאַפֿטלעכע טוער; זי האָט אַנטוויקלט אַ צאָל טוער צווישן מענער און נאָך אַ גרעסערע צאָל פֿרויען, וואָס האָבן פֿריער געגרינדעט מוטער פֿאַריינען צו שאַפֿן מאַטעריעלע הילף פֿאַר די שולן און נאָכדעם ממשיך געווען זייער אַרבעט מיט לעקציעס, לייען קרײַזן און אַנדערע קולטורעלע אַרבעטן.

די פּרץ־שול און די אַנדערע שולן פֿון דעם טיפּ, האָבן אויפֿגעהויבן דעם ייִדישן באַוווּסטזײַן צווישן דער ייִדישער יוגנט און די חשיבֿות פֿון ייִדיש ווי אַ שפּראַך.

נאָך ניט אַלע אונדזערע האָפֿענונגען זײַנען מקוים געוואָרן; די ייִדיש־וועלטלעכע שולן, פּונקט ווי די נאַציאָנאַלע־רעליגיעזע שולן, האָבן נאָך ניט אַרויסגעבראַכט די דורות ייִדישע מענער און פֿרויען, וואָס קאָנען איבערנעמען די ירושה פֿון זייערע עלטערן און ממשיך זײַן דעם קיום האומה; אונדזערע שולן דאַרפֿן ווערן רײַכער און גרעסער, אין כּמות און אין איכות; אונדזער אייגן לעבן דאַרף ווערן מער ייִדיש, מער אינטענסיוו, מער קולטורעל, מער וועלטלעך, מער פּראָגרעסיוו; אונדזערע היימען, אונדזער אייגענע אויפֿפֿירונג דאַרפֿן ווערן מער אין הסכּם מיט אונדזערע שול פּראָגראַמען — דעמאָלט וועלן מיר האָבן מער רעכט צו דערוואַרטן גרעסערע דערגרייכונגען פֿון אונדזערע שולן; און דעמאָלט וועלן מיר אויך גרעסערע דערגרייכונגען דערלעבן.



# איבערגעדרוקט פֿון "קאַנאַדער איד"

9טן יאַנוואַר, 1912.

בײַם פֿאַריין "אידישע יוגנד".

"זונטאַג, 2טן יאַנוואַר, 8 אוהר אבענד שאַרף, וועט שטאַטפֿונדען דער מיטינג פֿון פֿאַראיין אידישע יוגנעד, אין קווינס האַל.

"אַ כראָניק פֿון אידישען לעבען וועט פֿאַרגעלייענט ווערן פֿון מרס. ציווקין.

"אויך ווֹעט פֿאַרהאַנדעלט ווערען די פֿראַגע וועגען דער פּראָיעקטירטער שולע.

"אַלע זאָלן קומען אין צײַט".

---

דאָנערשטיק, אַפּריל 12טן, 1914.

"מיטינג בײַ דער אידישער שולע אסס,ן.

"נעכטען, מיטוואָך אבענד, איז אין די 'סאָציאַליסטישע קלוב רומס' פֿאַרגעקומען אַ מיטינג פֿון דער אידישער ראַדיקאַלער שולע אַסאָסיאיישאַן.

"מיט דעם מיטינג האָט זיך פֿאַרענדיגט די קאָנסטיטואירונג פֿון דער אַסאָסיאיישאַן און איצט וועט מען קענען צוטרעטען צו דירעקטער אַרבעט, ערעפֿענונג פֿון דער אידישער ראַדיקאַלער שול. אויף דעם מיטינג זײַנען באַהאַנדעלט געוואָרן די הויפּט־פּונקטן פֿון דער קאָנסטיטוציע ווי די באַציאונג צווישען דער עקזעקוטיוו קאָמיטע, צעטיילונג פֿון אינעווייניקסטער אַרבעט א.ד.ג. עס איז אויסגעקליבן געוואָרען אַ קאָמיטע פֿון עלף מיטגלידער וועלכע וועט זיך אַליין איינטיילן אין צוויי סאַב־קאָמיטעס: דערציהונגס קאָמיטע און קאָמיטע פֿאַר פֿינאַנס און הויז אַנגעלעגענהײַטען. דער פּרינציפּאַל און די לערערס פֿון דער שולע ווערען צוגענומען אין ערציהונגס קאָמיטע דער פּרינציפּאַל אבער דאַרף אויך באַשטעטיגט ווערען פֿון דער אַלגעמיינער פֿאַרזאַמלונג פֿון דער אַסאָסיאיישאַן.

"אין עקזעקוטיוו קאָמיטע זײַנען אויסגעקליבען געוואָרען פֿאָלגענדע פּערזאָנען: ב. גינזבורג, י. פּראַסאָוו, י. טשערניאַק, ח. זאַלצמאַן, י. פּערלמאַן, ט. געלער, י. גורעוויטש, וו. באום, מרס. ר. עלקין, ב. טאַובמאַן (סעקרעטאַר־טרעזשורער), און יעקבֿ גורעוויטש (קאָרעספּאָנדינג און פּראָטאָקאָל סעקרעטאַר)".



**העכערע קורסן גראַדויִר קלאַס — 1944**

ערשטע שורה, פֿון רעכטס צו לינקס (זיצנדיק) בעטי אַלשאַנסקי, א. גאָלאמב (פּרינציפּאַל), גאָלדע פּאזין.
צווייטע שורה : יצחק באַרסקי, בתיה פּיטערמאַן, חיים כּאַטשינאַוו.

---

## אַ בריוול פֿון טאָדרעס געלער

מײַן ליבער קעלער : —

אַ דאַנק פֿאַרן בריוול. איך פֿאַרזיכער אײַך אַז בײַ אונדז איז גאַר אַ יום־טובֿ צו קריגן אַ בריוול פֿון וויניפּעג. אַזאַ וואַרעמקײַט איז געבליבן בײַ אונדז פֿאַר וויניפּעג. נו, פֿאַרשטייט זיך, אַז איך וועל מיט פֿאַרגעניגן עפּעס צוטראָגן צו אײַער יום־טובֿ, וואָס איז אויך מײַן יום־טובֿ (אַ צופֿאַל : דאָס איז אויך 30 יאָר נאָך אונדזער חתונה וואָס איז אויך געווען אין וויניפּעג.

וואָס ווילט איר ? אַ שער־בלאַט קען איך מאַכן — דאָס איז מײַן פּראָפֿעסיע.

שרײַבן ? — דאָס וועל איך איבערלאָזן פֿאַר די וואָס קענען שרײַבן.

מיט גאָר פֿרײַנדלעכן גרוס צו אַלעמען,

אײַער מיט דרך־ארץ,

טאָדרעס.

---

*) באַמערקונג פֿון רעדאַקציע :

מיר ווילן בײַ דער געלעגנהײַט האַרציק באַדאַנקען ח׳ טאָדרעס געלער פֿאַר זײַן ווערטפֿולער בײַשטײַערונג — די קינסטלערישע צייכנונג אויפֿן שער־בלאַט.

● א. גאָלאָמב

# פּרץ שול אין וויניפּעג

(געדאַנקען און פאַקטן)

ווי אַנדערע גרעסערע ייִדישע שולן, רעליגיעזע און וועלטלעכע, איבער דער וועלט באַמיט זיך די פּרץ שול אין וויניפּעג צו זײַן ניט בלויז אַ הוספה צו דער אַלגעמיינער שול, נײַערט זי שטרעבט איבערצונעמען די גאַנצע דערציִונג פון אירע תּלמידים. מיר גייען אַרויס פון דער הויפּט הנחה, אַז די איצט־עקזיסטירנדיקע מלוכישע שול גיט ניט די דערציִונג וואָס ייִדישע קינדער אין אַמעריקע דאַרפן האָבן:

א) זי, די מלוכה־שול איז אוטיליטאַריש־פּאָזיטיוויסטיש, — פאַר ייִדישע קינדער אין אַמעריקע איז נייטיק ווי דאָס לעבן אַ שטרענג־הומאַניסטישע דערציִונג.

ב) די מלוכה־שול גיט אַ דערציִונג וואָס פּאַסט צו די אינטערעסן פון דער גרויס־בורזשואַזיע אין לאַנד. די ייִדישע יוגנט אָבער איז ווײַט פון צו זײַן אַרײַנגעדרונגען אין ראָד פון דער גרויס־בורזשואַזיע און וואָס ווײַטער אין צײַט אַלץ ווײַטער סאָציאַל ווערט די ייִדישע יוגנט פון אַט דער מאַשין און זי נייטיקט זיך דעריבער נאָך מער אין אַ דעמאָקראַטיש־הומאַניסטישער דערציִונג.

ג) מיר גלייבן, אַז די גאַנצקייט און דאָס גליק פון אַמעריקאַנער לענדער ליגט ניט אין דעם שמעלץ־טאָפּ, וואָס איז אַזוי צום האַרצן געווען ייִדישע אַסימילאַטאָרן פון אַלע מינים, נאָר פאַרקערט, אין דער פּאָלקאַמער קולטור אַנטוויקלונג פון די באַזונדערע פעלקער, וואָס פון זיי שטעלט זיך צונויף די גרויסע אַמעריקאַנער דעמאָקראַטיע.

מיר גייען ווײַטער אַרויס פון די גרונד־הנחות:

א) צוגלײַך מיט אַלע אַנדערע ייִדן ווילן מיר זען אין אַמעריקע אַ שטאַרקן און אַ רויִקן ייִדנטום, וואָס קיינע בייזע ווינטן זאָלן אים ניט קאָנען אויסרײַסן. דאָס הייסט, לויט אונדזער מיינונג "אַמעריקאַניזירן" די ייִדן.

ב) די אַמעריקאַניזאַציע קאָן אָבער דערגרייכט ווערן ניט דורך דעם וואָס די יונגע דורות זאָלן אונטערטעניק ווערן צו שפּראַך, שטייגער און קולטור, וואָס אַנדערע פעלקער האָבן אַנטוויקלט אויף אַמעריקאַנער באָדן. דאָס הייסט, פאַרשקלאַפן די ייִדן צו אַנדערע פעלקער, וואָס מיר ריידן זיך אײַן אַז זיי דאַרפן הערשן און, אַז דאָס לאַנד איז זייערס, אַז אַלץ איז זייערס און מיר קענען לעבן בלויז מיט זייער חסד. דאָס איז דער פאַטאַלער וועג פון די גאַנצע, און האַלבע, און פערטל אַסימילאַטאָרן אומעטום און אַלעמאָל, און אומעטום און אַלעמאָל האָט ער געפירט צו אומגליק און אומקום.

ג) בלויז דעמאָלט וועלן ייִדן ווערן אַן אָרגאַנישער און אַ פעסטער טייל פון דער מולטי־קולטורעלער אַמעריקע, ווען די יונגע דורות וועלן זיך האָדעווען אין אַ סביבה פון אויסגעהאַלטענער ייִדישער שפּראַך, שטייגער און קולטור. ניט מיר מוזן זײַן אונטערטעניק צו "אַמעריקע" (ניטאָ אַזאַ אַבסאָלוטע מאָניסטישע אַמעריקע), נאָר די דעמאָקראַטישע אַמעריקע האָט אַן אָרט פאַר אונדז אויך. אַמעריקע געהערט אונדז ניט ווייניקער ווי אַנדערע.

דעמאָלט וועט אַמעריקע זײַן אַ היים פאַר ייִדן. ווען ייִדן וועלן שאַפן אַ היים פאַר ייִדישקייט.

ד) אַ גוטע ייִדישע דערציִונג הייסט ניט אויסלערנען זיך אַנשרײַבן אַ ייִדיש בריוול, נאָר דורכדרינגען זיך מיט דער גאַנצער קולטור און טראַדיציע פון פאָלק דורך זײַן גאַנצער געשיכטע, "פון בית לחם ביז קאַסרילעווקע".

ייִדישקייט איז ניט עפּעס איין באַשטימטער טייל פון פאָלקס־שאַפונג. ייִדישקייט איז ניט העברעיִש, ניט ייִדיש, ניט תּנ"ך, ניט גמרא, ניט ליטעראַטור, ניט געשיכטע, ניט עטיק . . . קיינמאָל איז דאָס גאַנצע ניט גלײַך צו זײַנעם אַ טייל. אַ גאַנצער באַרג מיט אַלע גלידער פון אַ מענטשן זײַנען דאָך ווײַט ניט איין לעבעדיקער מענטש אַפילו.

ייִדישקייט איז בלויז דער אָרגאַנישער סינטעז פון אַלע עלעמענטן אין זייער שעפערישער געמיינזאַמקייט און גאַנצקייט. דאָס איז דער סינטעטישער צוגאַנג צו ייִדישקייט.

ה) אַ געזונטע, נאָרמאַלע דערציִונג קען ניט צונויפגעשטוקעוועט ווערן פון:

אַזויפיל העברעיִש.
אַזאַ סכום ייִדיש.
אַ פּאַרציע געשיכטע.

טראָפּנס דעמאָגראַפיע, סאָציאַליזם, ארץ־ישראל, פאָלקלאָר, יום־טובים און אַלע אַנדערע גוטע געווירצן.

ייִדישע דערציִונג מיינט אַרײַנפלאַנצן אין די קינדער ניט קיין עלעמענטן, נאָר אָרגאַניש גאַנצע קולטיר־איינהייטן, אַט ווי זיי לעבן אין פאָלק און ווי זיי האָבן געלעבט און וואָס מיט זיי האָט דאָס פאָלק געלעבט — אומבאַדינגט אין זייער אָרגאַנישער גאַנצקייט.

כּדי צו קענען לעבן נוציק פאַר זיך און פאַר אַנדערע מוז אַ מענטש פאַרמאָגן:

א) אַ עטיש־מאָראַלישע דיסציפּלין אין לעבן טאָג־אײַן טאָג־אויס. אַז דעם איז ניט מעגלעך קיין סאָציאַל לעבן; פרײַהייט ווערט אַז דעם צו אַ הפקרות. בײַ טראַדיציאָנעלע ייִדן איז די לעבנס־דיסציפּלין געגעבן געוואָרן דורך דער רעליגיע. ענלעך איז עס געווען בײַ די גרינדער פון דער אַמעריקאַנער געזעלשאַפטלעכקייט. די היים און שטייגער האָבן אײַנגעפלאַנצט אין דער יוגנט די נייטיקע סאָציאַלע דיסציפּלין. דאָ איז די דיסציפּלין אַן אינעווייניקסטע. זי איז געירשנט און אײַנגעוואַקסן אין מענטשן צוזאַמען מיט זײַן אַנטוויקלונג פון קינדהייט אַן. אין דער בורזשואַזער געזעל־

שאַפֿט פֿאַרלאָזט מען זיך אויף מאַסן־מאָדע און — פּאָליציי. דער אַפּאַראַט פֿון ביידע איז אין די הענט פֿון די וועלט־באַלעבאַטים. ייִדיש לעבן קען זיך ניט באַזירן אויף אָט די דרויסנדיקע דיסציפּלין־פֿאַקטאָרן.

ב) אַ נאָרמאַלער מענטש מוז פֿאַרמאָגן אינגעווייניקסטע אינטערעסן — נייגונגען צו אַלערליי געביטן פֿון מענטשלעכן לעבן און וויסן. כּדי אָט די אינטערעסן זאָלן באמת זײַן אינעווייניקסטע מוזן זיי אַנטוויקלט ווערן בהדרגה פֿון די ייִנגסטע יאָרן אָן אין היים און אין שול.

ג) איטלעכער נאָרמאַלער מענטש מוז פֿאַרמאָגן נענוג קריטעריום און פֿעיִקייטן אָפּצושאַצן זאַכן און זיך שאַפֿן אַן אייגענע מיינונג. אָט די דרײַ יסודות פֿון מענטשלעכקייט אין מענטשן: זעלבסט־דיסציפּלין, גײַסטיקע אינטערעסן און דענקען, — זיי זײַנען די גרונט באַדאַרפֿן פֿון דערציִונג. שפּעטער קומען טעכנישע באַדאַרפֿן — קענטענישן, קולטורעל וויסן.

אין גאַנג פֿון דורות האָבן זיך אויסגעבילדעט דרײַ הויפּט־ריכטונגען אין דערציִונג.

א) הומאַניסטיש־דערציִערישע,
ב) הומאַניסטיש־פֿאָרמאַליסטיייט.
ג) אוטיליטאַריסטיש־פּאָזיטיוויסטישע.

די ערשטע איז אין דער נײַסטער תּקופֿה אַנטוויקלט געוואָרן דורך רוסאָ און זײַנע נאָכפֿאָלגער. איבערהויפּט האָט זי סיסטעמאַטיזירט הערבאַרט און זײַנע פֿילצאָליקע תּלמידים, וואָס האָבן געהערשט אין דער פּראַקטיק אַריבער הונדערט יאָר. דער גרונט־חסרון פֿון די זאָרגער פֿאַר דעם "דערציִערישן לערנען" (הערבאַרטס אויסדרוק) איז געווען דאָס וואָס זיי האָבן אַלע, ווי זייער רבי, אַלץ געבויט אויפֿן ראַציאָ, גאָרניט אויף דער אינטויִציע. אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, צווישן די צוויי מלחמות און דיקטאַטורן, האָט די פּראָגרעסיווע מענטשהייט געפּרוּווט בויען אַ פּעדאַגאָגיק פֿון אינטויִציע און — ניט באַוויזן אויסצובויען.

די צווייטע ריכטונג האָט זיך צעוואַקסן אין אַ וועלט־סיסטעם דורך די יעזויִטן, און פֿון זיי איז זי איבערגעגאַנגען אַפֿילו צו אַזוינע, וואָס האַלטן זיך פֿאַר די גרעסטע קעגנער פֿון יעזויִטן, אַזוי טיף האָבן זיי אַרײַנגעוואָרצלט זייער סיסטעם. דער הויפּט פּרינציפּ איז דאָ — אָט די אויבנדערמאָנטע יסודות פֿון מענטשהייט דאַרף מען ניט אַנטוויקלען פֿון די קינדער גופֿא, נאָר מען דאַרף אין זיי אַרײַנהאַמערן פּאַרטיקע באַגריפֿן לשם אוניפֿיקאַציע פֿון דער וועלט לויט אונדזער שיטה. די סיסטעם הערשט איצט אין אַלע דיקטאַטאָרישע לענדער. אויך די דעמאָקראַטישע זײַנען לגמרי ניט ריין פֿון פֿאָרמאַליזם אין דערציִונג, וואָס וויל אַנשטאָט אַנטוויקלען דעם גײַסטיקן "איד" פֿון מענטשן אים אָנבינדן אַ פּאַרטיקן לונג און לעבער. אַ פֿאַבריקאַט אויסגעאַרבעט פּונקט ווי די באַלעבאַטים פֿאַרלאַנגען עס.

די דריטע ריכטונג איז זיך צעוואַקסן אין דער צײַט פֿון טעכנישן פּראָגרעס און גרויס־פּראָדוקציע: די דערציִונג דאַרף באַזאָרגן אַ גענוגנדיקע צאָל גוט־צוגעפּאַסטע באַדינער פֿון דער פּראָדוקציע־מאַשין. אַזוינע מענטשן דאַרפֿן קריגן גענוג אויסבילדונג און פֿאַרשטאַנד צו קענען טעכניש באַדינען אַ מאַשין. זיי דאַרפֿן זײַן געזונט, לייענ־און־שרײַב־פֿעיִק, פֿאָלגעוודיק. ווייניקער זעלבסטשטענדיק און ווייניקער "איד". די בירגער דאַרפֿן קענען פֿאַרדינען געלט, אויסגעבן געלט און זיך קענען פֿאַרווײַלן, זײַן פֿאַראינטערעסירט זיך צו פֿאַרווײַלן מיט זאַכן וואָס זײַנען פּאָליטיש און געזעלשאַפֿטלעך "אומשעדלעך" פֿאַר די וואָס פֿירן די וועלט.

ייִדן אין אַמעריקע נייטיקן זיך ממש ווי אין לופֿט אין אַן איינהײַטלעכער, נאַציאָנאַלער הומאַניסטישער דערציִונג געבויט אויף דער אַנטוויקלונג פֿון אינטויִציע, מענטשלעכן און נאַציאָנאַלן שטאָלץ, זעלבסטשטענדיקייט אין דענקען און וועלט־באַנעם, כּדי צו קאָנען ניט מיטגיין מיטן שטראָם, כּדי צו קענען זײַן אין לעבן אַקטיוו און זעלבסטשטענדיק אַפֿילו ווען מען באַמיט זיך עס צו שטערן, כּדי צו קענען זײַן שטאָלץ, מוטיק, דרײַסט און אַקטיוו אין לעבן אַפֿילו ווען מען באַמיט זיך דאָס אַלץ צו דערשטיקן.

דערציִען הייסט צוגרייטן צום לעבן. צוגרייטן צום לעבן איז ניט אידענטיש מיט אויסלערנען די זאַכן וואָס מען דאַרף צו קענען אַנהאַלטן אַ דזשאַב, נאָר אַקומולירן גײַסטיקע ענערגיע צו לעבן און זיך ניט אָפּשרעקן פֿאַר קיינע שוועריקייטן אין לעבן.

די גײַסטיקע ענערגיע איז שטאַרק אָפּהענגיק פֿון זעלבסטגעפֿיל, — מער ווי פֿון סכום קענטעניש און וויסן.

דער זעלבסטגעפֿיל און לעבנס ענערגיע מוזן בײַ ייִדן זײַן ייִדישע, ניט קיין סתּם "אַמעריקאַנישע". אָט פֿאַרוואָס אָן ייִדישער דערציִונג וועלן ייִדישע דורות ניט קענען לעבן אין אַמעריקע ווי אומעטום אַנדערשוווּ. דער אומגליק פֿון ייִדן וואָס זיי ווילן זייערע קינדער זאָלן פֿאַרשפּאָרן צו דאַרפֿן ייִדישע ענערגיע.

די אַלע אייגנשאַפֿטן קענען דערגרייכט ווערן דורך אַ גאַנצער דערציִונג און אַטמאָספֿער אין היים און אין אַ ייִדישער שול. די היים, שול און סבֿיבֿה בכלל דאַרפֿן געבן: — שטייגער, טראַדיציע, דיסציפּלין, גלויבן און אינטויִציע. שטייגער און טראַדיציע זײַנען די פֿאַקטאָרן פֿון דיסציפּלין. די ייִדישע יוגנט וואָס האָדעוועט זיך אָן אַ פֿעסטן צו אַ טראַדיציע געוואָרענעם שטייגער, שטייט אין אַ סכּנה צו פֿאַרוואַנדלען זיך אין אַן אומדיסציפּלינירטער מאַסע פֿון הפֿקר־יונגען אָן אַ וואָסער עס איז יאָך פֿון סאָציאַלער און נאַציאָנאַלער אַחריות. וויפֿל אַזאַ יוגנט זאָל זיך ניט לערנען אין אַ מלוכה־שול וועט עס אַלץ ניט העלפֿן, דען דאָרטן באַקומט די יוגנט עלעמענטן פֿון וויסן אין ענגליש, אָבער ניט קיין ענגלישע קולטור־טראַדיציע און ניט קיין ענגלישן קולטור־שטייגער. מען דאַרף שטאַרק אונטערשיידן צווישן דער ענגלישער קולטור, וואָס שטייט אײַן אין די אַלטע ענגלישע קרײַזן, און צווישן דער קולטורלאָזיקייט אויף ענגליש וואָס אויף די גאַסן פֿון די גרויסע, מאָדערנע בבֿלס, און וואָס איז אַזוי ניט־ענגליש ווי דער העלעניזירטער מזרח איז געבליבן דאָך ניט דער העלענישער מערבֿ. ווי דער לעוואַנט מיט פֿראַנצויזישער שפּראַך איז ווײַט ניט פֿראַנצויזיש.. וואָס פֿאַר אַ סכּנה עס וואַקסט פֿאַר אונדז, פֿאַרן גאַנצן ייִדישן פֿאָלק פֿון אָט דער פֿאַרענגלישטער קולטורלאָזיקייט אָן אַ שטייגער, אָן אַ טראַדיציע, — וועגן דעם וויל איך בעסער פֿאַרשפּאָרן צו טראַכטן אַפֿילו.

א גלויבן איז פֿאַר מיר ניט דווקא אַ רעליגיעזער. ער קען זײַן אַ וועלטלעכער, אַ סאָציאַלער, אידעיִשער — אַן אונטערשייד. איין תּנאַי מוז אָבער זײַן דערבײַ: ווען איז אַ גלויבן אַ גלויבן און ווען דערציט ער אַ יוגנט וואָס איז אידעיש פֿעסט און אויסגעהאַלטן ? — ווען דער גלויבן דריקט זיך אין דער סבֿיבֿה אויס אין מעשׂים, אין טאָג־טעגלעכן לעבן מיט געבאָטן און פֿאַרבאָטן. אַלאַ ניט, איז דער גלויבן בלויז אַ ווערבאַלער — דעמאָלט ברענגט ער פֿאַרקערטע רעזולטאַטן.

עס איז געווען אַ געפֿערלעכע אבֿדה דאָס פֿאַרוואַרפֿן די רעליגיע כּל־זמן מען האָט ניט אויפֿגעבויט אָנשטאָט איר אַן אַנדער גלויבן מיט אַ סכום געבאָטן־פֿאַרבאָטן אין לעבן.

ייִדן מוזן געבן זייערע קינדער אַ דערציִונג, אַ נאַציאָנאַל־הומאַניסטישע, ניט ווײַל עס איז אַ נאַציאָנאַלע מצווה, נאָר ווײַל אַן דעם שטייען אין סכּנה אין די מענטשן גופֿא, אין די לעבעדיקע ייִדן פֿון די קומענדיקע דורות אַלע מענטשלעכע אייגנשאַפֿטן, וואָס זײַנען נייטיק צו לעבן און צו מאַכן אַ לעבן. דערפֿילן וועט מען עס אין דעם מאָמענט ווען לעבן סתּם אַ אימיטירט לעבן וועט מען ניט קענען. דער ציל פֿון דער ייִדישער דערציִונג ליגט ניט אין דעם אָדער יענעם סכום וויסן פֿון דעם אָדער יענעם ציקל קולטור־ווערטן, נאָר אין די מענטשלעכע אייגנשאַפֿטן. וואָס דאַרפֿן זיך אַנטוויקלען אין די תּלמידים אַ דאַנק דעם לערנען. דאָ קען ניט זײַן קיין רייד פֿון קומען און "נעמען" אַזאַ אָדער אַזאַ קורס. דאָ איז וויכטיק די מאָראַלישע, אינטעלעקטועלע און דערציִערישע השפּעה פֿון דעם לערןפּראָצעס און פֿון דעם געלערנטן מאַטעריאַל. באַגרינדער פֿון הומאַניסטישער דערציִונג האָבן ליב צו פֿאַרגלײַכן די ראָלע פֿון לערנשטאָף צו אַ שאַרפֿשטיין, וואָס אַ דאַנק אים שלײַפֿט מען אויס די דימענטן. דאָס איז אָבער ווייניק. די ראָלע פֿון דערוואָרבענעם לערנשטאָף איז נאָך אין עפּעס זייער וויכטיק : ער איז דער באָדן פֿון אינטויִציע. ווען איז עס גערעדט געוואָרן ? — ווען דער עצם פּראָצעס פֿון לערנען, פֿון איבערגעבן דעם לערנשטאָף איז געשטעלט ווי געהעריק, ריכטיק. — ווען דאָס לערנען איז דערציִעריש

איך קען ניט און וויל ניט לייקענען אַ געפֿיל פֿון אַ באַשטימטן נאַציאָנאַלן שטאָלץ בײַ זיך, וואָס די ייִדיש־טראַדיציאָנעלע דערציִונג האָט נאָך אין די צײַטן פֿון תּלמוד געשטעלט דעם טראָפּ אויף אינטויִציע, טאַקע. עס איז פֿאַר מיר קיין פֿראַגע ניט, אַז מיר וואָלטן פֿאַר זיך און פֿאַר דער וועלט אויך אויפֿגעטאָן אַ סך מערער, ווען אַנשטאָט צו קאָפּירן פֿרעמדע פּעדאַגאָגישע סיסטעמען וואָלטן מיר אַנטוויקלט, מאָדערניזירט און אויסגעברייטערט אונדזער אייגענע טראַדיציאָנעלע סיסטעם : אַ סך, אַ סך, וואָלטן לײַט און פֿעלקער געקענט זיך לערנען גוטס פֿון אונדזער טראַדיציע. אָבער ניט דאָס בין איך דאָ אויסן.

די שול אַליין, אַפֿילו אַ גאַנצע, קען ניט אָן דער הילף פֿון אַן אָרגאַניזירטער געהעריקער סבֿיבֿה געבן אַלע עלעמענטן פֿון אַ געהעריקער ייִדישער דערציִונג — שטייגער טראַדיציע, דיסציפּלין, גלויבן און אינטויִציע. די שול דאַרף אָבער זײַן און זי קען עס זײַן די איניציאַטאָרין פֿון אַ ייִדישער אויסגעהאַלטענער סבֿיבֿה, פֿון דאַנען די וויכטיקייט פֿון דער דערציִערישער אַרבעט אויסער דער שול. אָט אַזוי פֿאַרשטייען מיר די אויפֿגאַבעס און די צילן פֿון דער ייִדישער שול אין אַמעריקע.

דער גרעסטער שטער פֿאַר אַ גוטער ייִדישער דערציִונג איז דאָס אויספֿעלן פֿון גלויבן. ייִדן גלויבן ניט אין זיך, גלויבן ניט אין זייערע רעכט, אין זייערע מעגלעכקייטן, אין זייער קאָלעקטיוון ווילן, אין זייער ווערט. און אין אַמעריקע — מערקווירדיק — ווייניקער ווי ערגעץ אַנדערש ווו. ייִדן גלויבן אין "אַמעריקע" און זײַנען שטאָלץ מיט איר, — מיט אַמעריקע, אָבער ניט מיט ייִדישקייט. דאָ איז די קללה פֿון "קטני אמונה". די חסידים וויסן פֿון "חיזוק אמונה" — מען דאַרף שטאַרקן אין מענטשן זײַן גלויבן. עס ווייס דאָס אויך די היינטיקע פּסיכיאַטריע און אַפֿילו מעדיצין. אין קאָלעקטיוון לעבן איז די נויט אין גלויבן ניט קלענער. אין מזרח אייראָפּע איז אַזאַ גלויבן געווען : אַ רעליגיעזער, אַ ציוניסטישער, אַ סאָציאַליסטישער. אַלע זײַנען זיי געווען פֿאַרבונדן מיט "עבֿודה" — זיי האָבן געפֿורעמט דאָס לעבן לויט דעם אָדער יענעם שולחן ערוך. אין אַמעריקע זײַנען די זעלביקע גלויבנס עפּעס ווי אַן אַ השפּעה אויפֿן לעבן פֿון דעם גלויבער : דער גלויבן איז זיך באַזונדער און דאָס לעבן גייט זיך ווידער זײַן אייגענעם וועג. די דערציערישע השפּעה פֿון אַזאַ דואַליזם איז אַ נעגאַטיווע. אַ ייִדישער גלויבן מוז זײַן פֿאַרבונדן מיט אַ ייִדישן אידעאַל. אַזאַ גלויבן — אידעאַל האָט געדאַרפֿט פֿאַרזייען און אײַנפֿלאַנצן די ייִדישע ליטעראַטור, קונסט און געזעלשאַפֿטלעכע קולטור בכלל. צום באַדויערן האָט אונדזער קולטור אַקטיווקייט אין דעם לאַנד ערגעץ פֿאַרלאָרן איר קמיע, איר באַשטימונג און אַנשטאָט צו פֿירן בלאָנדזשעט זי אַליין. און אַן אַזאַ אידעאַלגלויבן איז די גאַנצע דערציִונגס־אַרבעט געגליכן צו אַ פֿאָרן אין ים אָן אַ באַשטימטן ציל וווּהין . . . ווי אין פֿײַערבערגס דערציילונג "אין אָוונט" מוז קומען דער גײַסט פֿון עבֿר און אונדז צוריקגעבן אין האַנט די פֿאַרלאָרענע קמיע, מיר זאָלן האָבן כּוח צו גיין אין אַ ריכטונג און וויסן וווּהין צו גיין. איז דאָס אויך צווישן די אויפֿגאַבעס פֿון דער ייִדישער דערציִונג". . . אַ שווערער פֿאַראַנטוואָרטלעכער פּעקל.

---

און דאָס אַלץ צוזאַמען איז בערך דער פּעדאַגאָגישער קרעדאָ וואָס פֿירט אַן מיט אונדזער אַרבעט אין דער פּרץ שול, אין וויניפּעג. מען דאַרף ניט מיינען, אַז דאָס אַלץ איז אַ אָבליגאַטאָרישע פּראָגראַם און אַלע לערער און שול־טוער מוזן זיך אונטערשרײַבן אויף איר. פֿאַרקערט, די אײַנשטימיקייט שאַפֿט זיך דורך דער אַרבעט גופֿא. עס איז אַ וועג אַ לענגערער אָבער אַ זיכערער.

---

די וואָרצלען פֿון דער שול זײַנען אין קינדערגאָרטן. די אינסטיטוציע האָט זיך בײַ אונדז די לעצטע יאָרן צעוואַקסן.

אין 1938—סעפּט., 38 קינדער; מאַי 63 קינדער
אין 1939—סעפּט., 31 קינדער; מאַי 50 קינדער
אין 1940—סעפּט., 59 קינדער; מאַי 72 קינדער
אין 1941—סעפּט., 107 קינדער; מאַי 96 קינדער
אין 1942—סעפּט' 86 קינדער; מאַי 103 קינד.
אין 1943—סעפּט' 74 קינדער; מאַי 87 קינדער

דער ייִדישער קינדערגאָרטן מוז זײַן הומאַניסטישייִדיש. ער מוז זײַן נעענטער צום גרונט־געדאַנק פֿון דעם "זיידן" קאָמעניוס אין זײַן "מוטער שול" און צו

פּראָבלעם. לויט זײַן מאַטעריאַל־אינהאַלט מוז ער זײַן פֿאָלקסטימלעך ייִדיש און דאַרף אויסנוצן וואָס מערער דעם ייִדישן קינדערשן פֿאָלקלאָר פֿון ייִדישע דורות. עס מוז דאָ אָנגעווענדט ווערן דער ביאָגענעטישער פּרינציפּ אין דערציִונג: דער אינדיווידואום דאַרף אין זײַן קינדהייט זיך דערנערן גײַסטיק מיט דעם אינהאַלט וואָס זײַן קאָלעקטיוו האָט געשאַפֿן אין זײַן קאָלעקטיווער קינדהייט. ערשט אַזאַ קינדערגאַרטן קען לייגן אין קינד יסודות פֿון ייִדישקייט.

ווײַט ניט אַלע וואָס ווערן קינדערגאָרטן לערערינס קענען די אויפֿגאַבע באַנעמען און דורכפֿירן. איבערהויפּט ווען עס איז ניטאָ קיין אַנשטאַלט צוצוגרייטן פּראָבליסטנס ווי געהעריק. אין אַ לערער איז וויכטיקער פֿון אַלץ צו אַנטוויקלען זײַן אינטויִציע, און דאָס פֿאָדערט צײַט, מען מוז זיך אַרײַנלעבן און אײַנלעבן. מיט אויסלערנען אַ קוריקולום ווערט מען ניט קיין לערער און אַ פּשיטאַ שוין ניט קיין פּראָבליסטן. — מיר מוזן אויפֿבויען אַ צענטראַלן אַנשטאַלט צו צוגרייטן פּראָבליסטנס! וועט זיך געפֿינען די צענטראַלע אָרגאַניזאַציע פֿאַר דעם?..

אונדזערע קינדערגערטנער אין פּרץ שול באַשעפֿטיקן איצט דרײַ לערערינס און מיר וועלן דאַרפֿן מער.

דער שטאַם, די צענטראַלע אַקס פֿון דער פּרץ שול איז די טאָג־שול. די טאָג־שול באַקומט אירע תּלמידים כּמעט אויסשליסלעך פֿון דעם קינדערגאָרטן און זי באַזירט איר אַרבעט אויף דער אַנטוויקלונג וואָס די קינדער האָבן באַקומען דאָרטן.

די טאָג־שול איז דער פּלאַץ וווּ מען קען זיך פֿאַרמעסטן צו שאַפֿן אַ גאַנצע ייִדישע דערציִונג. איר קומט אָבער אויס צו קעמפֿן קעגן דעם ייִדישן אומצוטרוי צו ייִדישע אינסטיטוציעס און איבערהויפּט צו שולן, ווען עס איז דאָ אַן אומזיסטע מלוכה־שול. אַ ווײַט קלענער פּראָצענט ייִדן פֿאַרשטייען דעם זינען פֿון אַ ייִדישער שול, אַז זי און בלויז זי קען ראַטעווען די קינדער פֿון דער גײַסטיקער האַלבירטקייט, פֿון דער צעשפּאַלטענער נשמה, וואָס לאָזט שווערע קאָמפּלעקסן אויף דעם גאַנצן לעבן. די קינדער און די עלטערן פֿון טאָג־שול דאַרפֿן אָנווענדן אַ באַשטימטע אָנשטרענגונג פֿון ווילן כּדי ניט מיטגעריסן צו ווערן פֿון שטראָם. עס איז אַ פֿאַקט אַז אונדזערע תּלמידים פֿון טאָג־שול זײַנען אַנטוויקלטער פֿון די קינדער אין אָוונט־שיל. די טאָג־שול וואַקסט לאַנגזאַם. ביז דעם שול יאָר 1940־39 זײַנען געווען 5 קלאַסן טאָג־שול, איצט זײַנען דאָ זיבן קלאַסן אין גרונט שול און 1 קלאַס אין אָפּטיילונג.

די צאָל קינדער אין טאָג־שול איז געווען:

| | | | |
|---|---|---|---|
| אין יאָר 1938/39 | סעפּט׳ 77 קינדער; | יוני 72 . | דורכשניט אויף אַ קלאַס 15.4 קינדער |
| אין יאָר 1939/40 | סעפּט׳ 93 קינדער; | יוני 89 . | דורכשניט אויף אַ קלאַס 15.5 קינדער |
| אין יאָר 1940/41 | סעפּט׳ 102 קינדער; | יוני 96 . | דורכשניט אויף אַ קלאַס 17.0 קינדער |
| אין יאָר 1941/42 | סעפּט׳ 109 קינדער; | יוני 99 . | דורכשניט אויף אַ קלאַס 18.1/6 קינדער |
| אין יאָר 1942/43 | סעפּט׳ 123 קינדער; | יוני 118. | דורכשניט אויף אַ קלאַס 17.5 קינדער |
| אין יאָר 44/43 | סעפּט׳ 145 קינדער; | מאַי 139. | דורכשניט אויף אַ קלאַס 18.1 קינדער |

ביזן יאָר 1940/39 זײַנען אין טאָג־שול געווען 5 קלאַסן. ביז 1943/42 זײַנען געווען 6 קלאַסן. פֿון דאַן — 7 קלאַסן.

דער לאַנגזאַמער וווּקס פֿון דער טאָג־שול דערקלערט זיך מיט אַ סך סיבות פֿון פּסיכאָלאָגישן כאַראַקטער: עס איז דאָך צום באַדויערן ניט די נאָרמע וואָס לאָקט תּמיד. כּדי צו שיקן אין אַ ייִדישער טאָג־שול קינדער, דאַרפֿן עלטערן קענען גובֿר זײַן אין זיך אַ גאַנצע ריי שוואַכקייטן. אין דער גאַנצער סבֿיבֿה אַרום הערשט דאָך אַן אומצוטרוי צו ייִדן און ער דריקט זיך אויס אין אַ פּחד פֿאַרן אַקצענט, טאָמער וועלן די קינדער אויסוואַקסן "צו שטאַרקע" ייִדן וכדומה — ייִדישע פּחדים, וואָס זײַנען לגמרי ניט בלויז אַן אַמעריקאַנער דערשײַנונג. אַ ליאַדע קינדער־דאָקטאָר, אַ לערער, סתּם אַ גוטער פֿרײַנד — אַלע ווייסן איין כּלל: ס׳איז צו שווער אין אַ ייִדישער טאָג־שול. דעריבער פֿאָדערט זיך טאַקע דאָ פֿון די עלטערן אַ אויסגעהאַלטנקייט, וואָס גאָר ניט קיין סך ייִדן זײַנען באַשאָנקען מיט איר.

קלאָר, אַז די אַלע שרעק און פּחדים האָבן ניט קיין גרונט. פֿאַרקערט, איז פֿיל מאָל באַשטעטיקט געוואָרן, אַז ווען די קינדער פֿון אונדזער טאָג־שול גיסן זיך שפּעטער אַרײַן אין דער פּאַבליק סקול, זײַנען זיי תּמיד פֿון די בעסערע תּלמידים דאָרטן, פֿון די אינטעליגענטערע, שוין ניט רײדנדיק וועגן דעם וואָס אין ייִדישע געביטן זײַנען זיי ווײַט אַריבערגעשטיגן אַלע אַנדערע קינדער פֿון זייער סבֿיבֿה און עלטער. דאָך איז אַזוי און עס מוז זײַן אַזוי ווען מען נעמט אין אַכט די ראָלע פֿון טראַדיציע און שטייגער אין דערציִונג. קינדער וואָס דערציען זיך אין ייִדיש און אויף ייִדישער קולטור מוזן אויסוואַקסן אינטעליגענטער, גײַסטרײַכער, אינטעלעקטועל אויפֿנעמפֿעיִקער, זייער האָריזאָנט מוז אויסוואַקסן ברייטער. דאָס געלערנטע איז בײַ זיי אַקטיווער. עס איז בכלל אַ זאַך וואָס נויטיקט זיך ניט אין קיינע ווײַטערדיקע באַווײַזן און באַשטעטיקונגען, אַז דערציִונג מוז זײַן אַן אייןהייטלעכע, מאָניסטישע. אין אַ צוגאָב שול קען מען עפּעס צוגעבן אַ לימוד, מען קען צולערנען עפּעס, אָבער מען קען בשום אופֿן ניט צוגעבן דערציִונג. קלאָר: אַ נאָרמאַלע, און אַן אָרגאַנישע, און אַן אַקטיוו־שעפֿערישע דערציִונג קען זײַן בלויז אין אַ נאַציאָנאַלער שול. די גאַנצע דערפֿינדונג פֿון די צוגאָב שולן איז ניט קיין מזלדיקע פֿאַר ייִדן... אָבער — דאָ קומען מיר צו איינעם פֿון די טראַגישסטע שטריכן אין אונדזער פֿאָלקס פּסיכיק: דאָס איז דער אומצוטרוי צום אייגענעם "איד" און דער היפּאַטראָפֿירטער גלויבן אין פֿרעמדע קולטורן. און כּל־זמן מען לאָזט נאָך, וועלן זייער ווייניק ייִדן האָבן דעם מוט ניט צו וועלן געניסן פֿון די אימיטאַציע־גליקן. אָט אַזוי זײַנען מיר שוין. אָט דער צוטרוי צו ניט ייִדישער דערציִונג איז שטאַרקער בײַ דער אינטעליגענץ און ביי די "אינטעליגענטירנדיקע", איידער בײַ די פּשוטע ייִדן. צווישן די לעצטע זײַנען פֿאַראַן טיפּן וואָס זײַנען ממש זיך מוסר־נפֿש פֿאַר דער מיגלעכקייט צו האַלטן די קינדער אין אַ ייִדישער שול. פֿאַראַן אַזוינע וואָס האָבן זיך עקאָנאָמיש רויִנירט נאָר כּדי צו זײַן אין אַ שטאָט מיט אַ ייִדישער שול. פֿאַרקערט, טרעפֿן זיך אַפֿילו צווישן

אַקטיווע געזעלשאַפֿטלעכע טוער, אַפֿילו צווישן נאַציאָנאַלע קעמפֿער, אַזוינע וואָס האָבן ניט קיין "שטימונג" פֿאַר דער ייִדישער דערציִונג פֿון זייערע קינדער. אין אַזאַ אַטמאָספֿערע איז אַ טאָג־שול אַ גרויסער אויפֿטו. און וואָלטן אין אַמעריקע געווען נאָך עטלעכע צענדליק אַזוינע טאָג־שולן, וואָלט די גאַנצע קולטור פּראָבלעם בײַ אונדז אויסגעזען אַ סך ליכטיקער.

אַ גרויסע שוועריקייט האָבן מיר שפּעטער מיט אַרײַנפֿירן די קינדער פֿון טאָג־שול אין די העכערע אָוונט־שול קלאַסן, נאָכדעם ווי זיי פֿאַרענדיקן די טאָג־שול קלאַסן. לויטן עלטער זײַנען זיי ייִנגער פֿון די אָוונט־שול קינדער פֿון דעם אַנטשפּרעכנדיקן קלאַס,— לויט זייערע ידיעות און אַנטוויקלונג זײַנען זיי אָבער ווײַט פֿאָרויס. צו דער שוועריקייט האָבן מיר דערווײַל ניט קיין תּרופֿה. מען מוז שטרעבן צו אַ ייִדישער הײַ־סקול. לאָמיר האָפֿן אַז עס וועט געלינגען גובֿר צו זײַן דעם ייִדישן אומצוטרוי צו זיך אַליין.

## די אָוונט שול

לאָמיר זאָגן פֿון אָנהייב אָן: די עצם אינסטיטוציע פֿון אַן אָוונט שול איז ניט קיין געזונטע. ייִדישקייט קען ניט זײַן קיין צוגאָב צו עפּעס אַ צווייטער זאַך. די אינסטיטוציע פֿון צוגאָב־שולן שטאַמט פֿון אַזאַ אויסגאַנג פּרינציפּ : לעולם זײַנען מיר אַלע אַמעריקאַנער. אין אונדזער גאַנצן וועזן מוזן מיר זײַן גלײַך, ענלעך, אוניפֿאָרמיש, היות אָבער מיר האָבן אַן אַנדער באָבן, דאַרפֿן מיר ניט פֿאַרגעסן אונדזער יחוס, דאַרף מען צו דער "אַלגעמיינער" (אין דער אמתן איז ניטאָ קיין אַלגעמיינע שולן. עס זײַנען פֿאַראַן שולן פֿון באַזונדערע פֿעלקער שטאַמען, אָבער ניט קיין אַלגעמיינע), צוגעבן דעם אָנדענק פֿון געוועזענער ייִדישקייט. די עצם צוגאָב שולן שטאַמען דאָך פֿון די רעליגיעזע געמיינשאַפֿטן וואָס האָבן געשטרעבט צוצוגעבן דער יוגנט עטוואָס פֿון רעליגיע־וויסן. זיי ווילן דאָך ניט דורך דער צוגאָב שול געשטאַלטן אין דער יוגנט אַ באַשטימטן גײַסטיקן פּרצוף. און מיר נייטיקן זיך ניט אין עפּעס אויסלערנען ווי אין אײַנפֿלאַנצן כאַראַקטער־שטריכן און באַוווּסטזײַן פֿון גאַנצקייט. די צילן איז שווער צו דערגרייכן אין אַ צוגאָב־שול. אָבער ניט געקוקט אויף די אַלע חסרונות, טאָר מען ניט פֿאַרוואַרפֿן דאָס ערגערע. כּל־זמן מען האָט ניט קיין בעסערס : מען מוז אויסנוצן די אָוונט־שולן ווי ווײַט נאָר מיגלעך איז. בפֿרט אַז זיי זײַנען צום באַדויערן די נאָרמע אין אַמעריקע. מיר באַמיען זיך אין אָוונט־שול צו דערגרייכן די מעגלעכסטע רעזולטאַטן. אַזוי ווי אין אָוונט־שול קומען אַן קינדער עלטער און זיי קענען שוין לייענען אײן שפּראַך, באַמיען מיר זיך דורכצונעמען אין די ייִנגערע קלאַסן אַ גרעסערן קוריקולום. מיר באַמיען זיך אין די ערשטע דרײַ קלאַסן איבערצוגיין דעם פֿאַרקירצטן חומש פֿאַר קינדער, כּדי צו קענען ביז דעם זיבעטן קלאַס אײַנשליסלעך דורכצונעמען דעם גאַנצן תּנ"ך אין יהואשעס איבערזעצונג מיט פֿראַגמענטן אין אָריגינאַל. אַזוי אויך בנוגע צו דער נײַער ליטעראַטור. אונדזער אָוונט־שול איז אַ זיבניאָריקע. דער תּלמידים באַשטאַנד איז אָבער דאָ אַ סך ווייניקער פֿעסט איידער אין טאָג־שול. די קינדער וואָס גייען אַריבער אין מיטל־שול זײַנען ווייניקער אין צאָל אָבער דערפֿאַר אויך מער אָפּגעשליפֿן.

---

אָבער אויך מיט זיי זײַנען פֿאַראַן אַ סך פּראָבלעמען. די גרעסטע פֿון זיי איז די פֿראַגע וווּהין ? צו וואָס פֿאַר אַ ייִדישקייט גרייט די פּרץ שול איר יוגנט ? כּל־זמן די קינדער זײַנען קליין, אין די ייִנגערע קלאַסן גייט די גאַנצע אָנשטרענגונג אויף דעם אויסלערנען, שטעלט זיך ניט קיין פֿראַגע פֿון ריכטונג, פֿון געזעלשאַפֿט, וואָס אין איר דאַרף זיך די יוגנט אַרײַנגיסן נאָכן ענדיקן די שול. אין די עלטערע קלאַסן אָבער ווערט די פּראָבלעם שווער און ווייטאָקדיק. אַלעמאָל איז די שול אַ מין צוגרייטונג צו אַ באַשטימטער געזעלשאַפֿט. האָט דער חדר אַרײַנגעפֿירט אין בית־מדרש און אין דער בית־מדרש ייִדישקייט. פֿירט די ניט־ייִדישע שול אין אַ געזעלשאַפֿט וואָס האָט מיט ייִדישקייט ניט צו טאָן אויב אַפֿילו זי באַשטייט דורכויס פֿון ייִדן. פֿירט די ציוניסטישע שול דירעקט אין דער יוגנט פּאַרטײַ אַרײַן. אָפֿט איז דאָ גאָרניט וויכטיק דער סכום קולטור, ידיעות, באַגריפֿן און אינהאַלטן וואָס די שול האָט איבערגעגעבן די תּלמידים. עס איז וויכטיק בלויז צו שאַפֿן אַ שטימונג, אַ נייגונג צו דער ריכטונג, וואָס מיר ווילן זי אײַנפֿלאַנצן בײַ די תּלמידים. עס באַקומט זיך אַז די שול איז מער אַ יוגנט און קינדער קלוב איידער אַ שול. דאָ זײַנען פֿאַראַן גוטע און שלעכטע זײַטן, וואָס מיר וועלן דאָ ניט קענען באַרירן. אָבער די פּרץ שול האָט עס ניט. און עס פֿעלט. מיר האָבן ניט קיין ייִדיש־וועלטלעכע געזעלשאַפֿט, קיין ריכטונג, קיין גרופּעס, קיינע קלובן וואָס די יוגנט זאָל זיך אין זיי קענען אויסלעבן, געפֿינען פֿאַר זיך איר גײַסטיקע היים אין סבֿיבֿה. אין אַמעריקע ווו דאָס קלוב לעבן איז אַזוי שטאַרק אַנטוויקלט, פֿעלט עס נאָך מער דער פּרץ־שול יוגנט. צונויפֿלעבן זיך מיט אַנדערע גרופּעס איז זיי ניט גאָר פֿון די גרינגע זאַכן : דאָס רובֿ יוגנט פֿון די נאָענטע קרײַזן איז אָפּגעפֿרעמדט, שאַפֿן פֿאַר זיך אַליין אַזוינע קרײַזן — פֿעלט זיי דער מוסטער אין דער עלטערער סבֿיבֿה און דער מוט צו זײַן פּיאָנערן אָן אַ מוסטער. פֿילט טאַקע די יוגנט אָט די איזאָלירטקייט. און שולדיק אין דעם זײַנען מיר — עס איז ניט גענוג אויסצובויען אַ שול, אַ גוטע שול אַפֿילו : מען מוז נאָך אין די היימען און אַרום דער שול שאַפֿן אַ סבֿיבֿה, אַן אָרט ווו די שטימונגען און אידעעס וואָס די שול האָט אײַנגעפֿלאַנצט זאָלן געפֿינען זייער פֿאַרקערפּערונג, זייער פּראַקטישע אָנווענדונג אין לעבן. פּשוט גערעדט — מיר דאַרפֿן שאַפֿן אַ ייִדישע וועלטלעכע קולטור פּראַקטיק. אַזוי אַרום ווערט די שול פֿאַרוועבט צוזאַמען אין איין אַלגעמיינע קולטור פּראָבלעם.

---

נאָך אַ ווײַטערע פּראָבלעם וואָס מאַכט שווערער דעם גאַנצן ענין פֿון ייִדישער דערציִונג פֿאַר דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט איז די פּראָבלעם פֿון תּכלית. עס איז אַן אַלטע פֿראַגע וואָס האָט געמאַטערט אין רוסלאַנד און אין פּוילן ניט ווייניק. אָבער דאָ הי איז זי נאָך שווערער, נאָך גורלדיקער. און אָט אין וואָס די פּראָבלעם באַשטייט: אַרום און אַרום, אין דער גאַנצער סבֿיבֿה געפֿינט ניט די ייִדישע יוגנט קיין מוסטער פֿון תּורה לשמה, אַלץ וואָס מען לערנט איז צוליב קאַריערע; קיין אַלגעמיינע בילדונג וואָס זאָל האָבן אין זינען בלויז קולטור און אַנטוויקלונג, דאָס זעט ניט די יוגנט. זי אַליין איז אויך אינגאַנצן אָנגעשטעלט אויף אוטיליטאַריזם. און דאָ ווערט פֿון דער יוגנט פֿאַרלאַנגט צו לערנען זאַכן וואָס "האָבן קיין שום שייכות ניט צו מאַכן אַ לעבן". עס איז קלאָר פֿאַר איטלעכן טיפֿערן מענטשן אַז די גרעסטע נוצן פֿאַר דער קאַריערע אין לעבן האָט דווקא אָט די אַלגעמיינע בילדונג, דען וואָס

טויגן אַלע פּראַקטישע וויסנס, ווען דער מענטש אַליין
איז קיין מענטש ניט. אָבער דאָס קען באַגרייפן אַ
זייטיקער, ניט די יוגנט אַליין. צום באַדויערן באַמערקן
עס אויך ניט די עלטערן. איז אין דעם אַלגעמיינעם
בילד פון אוטיליטאַריסטישער בילדונג די ייִדישע דער־
ציִונג אַן אַ וואַסער עס איז פאַרבינדונג מיט קאַריערע
אינגאַנצן ניט האַרמאָניש. פאַדערט די ייִדישע שול
פון דער יוגנט אַ גרעסערע מאָראַלישע ווילנס אָנ־
שטרענגונג, זעלבסטדיסציפּלין און אויסדויער. אָפט
איז די יוגנט שוין פאַרנומען עקאָנאָמיש און מען
קומט צולויפן אין שול אַריין נאָך אַ טאָג אַרבעט מיד
און פאַרמאַטערט. וויפל זיינען פעיק אויף דעם ?
וויפל דערוואַקסענע ייִדן וואָס זאָלן אַזוי זיך פירן,
קען די יוגנט זען פאַר זיך ? אָט דאָס מאַכט נאָך שווע־
רער די פּראָבלעם פון ייִדישער דערציִונג פאַר עלטערע
קינדער. — אַ קאַריערע דורך ייִדישער בילדונג —
אָט דאָס דאַרף זיין איצט דער לאָזונג פון ייִדישע
שולן. מיר מוזן אָנהויבן אַ ברייטערע אַקציע פאַר
דעם, אַז קיינע ייִדישע אינסטיטוציעס זאָלן ניט אָנ־
שטעלן קיין באַאַמטע וואָס האָבן ניט קיין ייִדישע ביל־
דונג. מען מוז אָרגאַניזירן פאַך־שולן פאַר אַגריקול־
טור, טעכניק און סאָציאַלע אַרבעט וואָס זאָלן אָננעמען
די גראַדויִרטע פון ייִדישע שולן און זיי שפּעטער העלפן
איינצואָרדנען זיך עקאָנאָמיש. צווייטנס, דאַרף מען
אַריינפירן אין שטייגער פון דערוואַקסענע ייִדן, פאַר
אונדז אַליין, די מצווה פון לערנען, שוין צוליב דעם
אַליין צו שאַפן פאַר דער יוגנט אַ גוטן מוסטער.

אָט אַזוי ווערט די ייִדישע דערציִונג פון אַ באַ־
זונדערער פּראָבלעם ווי אַנדערע ווילן עס אַמאָל אויפ־
פאַסן, צו אַן אָרגאַנישן טייל פון אַן אַלגעמיינעם
ייִדישן פּראָבלעם — איינאָרדנונג פון ייִדישן לעבן.

קלאָר, אַז קיין שול קען זיך ניט פאַרמעסטן אויף
צו לייזן אָט די אַלע פּראָבלעמעס. דאָס איז די אויפ־
גאַבע פון אַ צענטער אין אַ לאַנד מאַסשטאַב.

דאָ אָבער ווירקט דער פאַקט וואָס די ייִדישע ייִדן
זיינען פון די "קטני אמונה" — עס פעלט ברייטע־
רע נאַציאָנאַלער שוווּנג און פאַרמעסט; און איטלעכע
גרופּע זעט דורך "איר" שול ניט דאָס גאַנצע ייִדנטום
און די גאַנצע ייִדישקייט, נאָר איר ברעקל ייִדנטום און
איר שטיקל ייִדישקייט און עס פעלט גלויבן און ווילן
צו עקספּאַנסיע וד"ל.

## וואָס לערנען מיר ?

טריי צום פּרינציפּ "גיב דעם קינד אַלץ פון זיין
פאָלק כּדי עס זאָל אַליין געהערן צום פאָלק", מייִדן
מיר אויס צו לערנען אין פּרץ־שול די לימודים און אינ־
האַלטן, וואָס האָבן ניט קיין קולטור ווערט אויסער די
ווענט פון שול. ניט מען דאַרף צוגרייטן לערן מאַטע־
ריאַל פאַר דער שול, נאָר די שול דאַרף אַריינפירן די
קינדער און די קולטור־אינהאַלטן פון דעם פאָלק.

מיר האַלטן ניט פון דעם כּלל אַז די ייִדישע שול
דאַרף אויסלערנען די קינדער ריידן ייִדיש (אָדער העב־
רעיִש אין העברעיִשע שולן). ניט ווייל מיר זיינען
חלילה מזלזל דעם ווערט פון ייִדיש ריידן. פונקט פאַר־
קערט ! אָבער ריידן הייסט אַרויסברענגען געדאַנקען.
כּדי צו קאָנען ריידן דאַרף מען דענקען און כּדי צו דענ־
קען, דאַרף מען פאַרמאָגן אינהאַלטן. דאַרף די שול
ניט אויסלערנען ריידן, נאָר אויסלערנען דענקען מיט
דער באַגריפן־וועלט פון פאָלק, מיט די אינהאַלטן פון
פאָלק. פון אויסלערנען ריידן ייִדיש ווערט מען נאָך
ניט קיין ייִד. אַלע שולן אין גאָר דער וועלט זיינען גע־
בויט פאַר קינדער וואָס קענען זייער שפּראַך, און דאָך
האָט די שול אַ סך אַרבעט. צוליב אויסלערנען דעם
פאָלקס שפּראַך, די ווערטער פון דער שפּראַך, בויט
מען ניט קיין שולן. שפּראַך איז די כּלי פון דער קול־
טור, די פאַס פון דעם ווייַן. מען טאָר ניט זאָרגן מער
פאַר דער כּלי ווי פאַר דעם אינהאַלט. זיכער —
שפּראַך איז זייער וויכטיק : צעבראָכן די פאַס, — צע־
גיסט זיך דער ווייַן אין אַלע ריִנשטאָקן און מיסט־
קאַסטנס. פאַרלירט אַ פאָלק זיין שפּראַך, מוז עס אויך
פאַרלירן זיין גאַנצע טראַדיציע, זיין גאַנצע שעפערישע
אינטויִציע, זיין "איד", זיין נשמה. לערנט מען אָבער
אויס אַ קינד בלויז ריידן אין דער שפּראַך, באַקומט
עס נאָר ליידיקע פלעשער אָן דעם אינהאַלט, און וואָס
זיינען ווערט ליידיקע פלאַשן ? דער "שפּראַכיזם" ביי
אונדז האָט גאָר אַ צווייטן מקור וואָס פאַלט ניט תּמיד
צונויף מיט קולטוריזם. און מהאי טעמא מוז שפּראַך
געלערנט ווערן נאָר אַגבֿ די אינהאַלטן, דורך די אינ־
האַלטן, מיט די אינהאַלטן. שפּראַך מיט אַלץ — קיין
זאַך ניט פאַר דער שפּראַך.

מיטן נאָמען "ייִדישע אינהאַלטן" רופן מיר אָן
אַל דאָס מיט וואָס ס'פאָלק האָט געלעבט אין משך פון
דורות, אַל דאָס וואָס דריקט אויס דעם פאָלקס אייגנ־
טימלעכקייט, הן אויב עס איז פאַרשריבן אין ספרים
הן אויב ניט. מיט אַנדערע ווערטער : אַל די מינדלע־
כע און פאַרשריבענע טראַדיציע פון פאָלק. פונקט ווי
מיט צוויי טויזנט יאָר צוריק האָבן עס די שעפער פון
ייִדישקייט אָנגערופן — תּורה שבכּתבֿ און תּורה שבעל
פּה, און אויף דעם האָבן זיי אויפגעבויט דעם גאַנצן
ייִדישן קיום, פונקט אַזוי איז אַלע שפּעטערדיקע דורות
און אויך היינט. "דור דור וספריו" איטלעכער דור
מיט זיין אינהאַלט פונם באַגריף "תּורה שבכּתבֿ". איז
פאַר אונדז תּורה שבכּתבֿ איצט ניט בלויז תּנ"ך, נאָר
אויך דער תּלמוד און אַלע שפּעטערדיקע רעליגיעזע
ספרים, וואָס זיינען געווען גאַנגבאַר אין פאָלק און
פונקט אַזוי אויך וועלטלעכע, ליטעראַרישע שריפטן,
וואָס דורך זיי קען מען דערקענען דעם פאָלקס נשמה.
און פאַרקערט, ביכער, אפילו די טייערסטע, וואָס זיי־
נען ניט אין געברויך פון פאָלק, זיינען בלויז געלט־
ווערטן אָבער ניט קיין קולטור. איז פאַר אונדז היינט
תּורה שבעל פּה אַלץ וואָס איז געירשנט טראַדיציאָנעל
ייִדיש אין זיטן מינהגים, געוווינהייטן וכדומה. מינהג
ישראל — איז תּורה. אָט פון דאַנען דאַרף די נאַציאָ־
נאַלע שול שעפּן אירע אינהאַלטן צום לערנען. דער
אינהאַלט פון דער שול מוז זיין אין דעם פאָלקס
ספרים. דערביי טאָר מען לחלוטין ניט מאַכן קיין אונ־
טערשייד צווישן נייער און אַלטער ליטעראַטור, צווישן
ייִדישער אָדער העברעיִשער, וועלטלעכער און רעליגי־
עזער. וועלטלעכקייט אָדער רעליגיעזקייט איז אַ פראַגע
פון צילן אָבער ניט פון אינהאַלטן. אַלטקייט און ניי־
קייט פון ווערק ווערט געמאָסטן ניט מיט מאַטעמאַטי־
שע יאָרן נאָר מיט דער אַקטיווקייט אָדער פּאַסיווקייט
אין פאָלקס לעבן. פונקט אַזוי איז אויך ניט מאַסגיביק
די שפּראַך, וואָס אין איר איז דאָס ווערק געשריבן גע־
ווען לכתּחילה. פאַראַן ווערק וואָס זיינען געשריבן איז
ייִדיש, און זיינען ווילד פרעמד ווי זיי וואָלטן געווען
אַלט און פאַרעלטערט. דער איינציקער אמתער קרי־
טעריום פאַרן אַפּקלייב פון ווערק איז אַ טאָפּעלער :
גאַנגבאַר אָדער ניט־גאַנגבאַר אין פאָלק; שפּיגלט יאָ

אָדער ניט אָפּ דעם פֿאָלקס גײַסט אין זײַנע אינעווייניקסטע איבערלעבונגען. איטלעכער בוך וואָס ווערט געלערנט אין שול מוז אַרײַנפֿירן די קינדער אין אַ סבֿיבֿה פֿון ייִדישקייט, ייִדישע באַגריפֿן, אידעעס און שטימונגען. די ליטעראַרישע סבֿיבֿה איז די צווייטע נאָך דער לעבעדיקער לויט איר דערציערישער וויכטיקייט. פֿון דאַנען דירנגט אַרויס דער פּרינציפּ פֿון גאַנצקייט — בלויז אַזוינע ווערק דאַרפֿן אָפּגעקליבן ווערן וואָס אין זיי איז פֿאַראַן אַ סבֿיבֿה. קיינע פֿראַגמענטן קענען עס ניט געבן.

דער צווייטער פּרינציפּ — מאָניסטישקייט פֿון דער ליטעראַרישער סבֿיבֿה, איר אידעאָלאָגישע אויסגעהאַלטנקייט. און פֿאַרקערט איז לגמרי ניט ריכטיק דער אָנגענומענער פּרינציפּ, אַז מען מוז דעם קינד אין ליטעראַטור געבן אַ סבֿיבֿה וואָס איז אים נאָענט, באַקאַנט פֿון זיין לעבן, די ליטעראַטור מוז כּלומרשט זיין אַן אָפּשפּיגלונג פֿון לעבן. עס הויבט זיך גאַרניט אַן. גאַנץ אָפֿט על פּי רובֿ איז דאָס פּיזיש נאָענטע צום קינד פֿון זיין לעבן פּסיכאָלאָגיש דווקא ווייט און ניט אינטערעסאַנט בשעת דווקא ווייטע (געאָגראַפֿיש און היסטאָריש) זאַכן זיינען נאָענט צום קינדס האַרץ. עס ווענדט זיך אויך וויפֿל די אינעווייניקסטע שטימונגען פֿון ווערק ציען אַריין דאָס קינד און אויך וויפֿל עס קען שפּייזן דעם קינדס פֿאַנטאַזיע און זיין געמיט. דאָ איז אָפֿט נאָענט דווקא דאָס ווייטע און פֿאַרקערט.

און ווייטער: עס קען ניט זיין ביי אונדז קיין רייד שאַפֿן ליטעראַטור פֿאַר קינדער. אַלע פֿעלקער קענען עס, מיר — ניט. ביי זיי אַלעמען זיינען ביכער בלויז ביכער, מכשירים, אַ מיטל עפּעס אויסצולערנען דורך די ביכער. מען נוצט זיי אויס און יוצא, ווייל מער ווי דאָס זיינען זיי דאָך ניט די ביכער. ביי ייִדן אָבער זיינען ביכער דאָך ספֿרים. זיי זיינען דער ציל פֿון לערנען, ניט קיין מיטל, זיי זיינען אונדזער פֿאָטערלאַנד, אוצרות פֿון אונדזערע נאַציאָנאַלע גיטער, רייכטימער, פֿעסטונגען. אין זיי דאַרפֿן זיך די קינדער איינהיימישן, אַריינלעבן און איינלעבן זיך אין די ספֿרים ווי אַנדערע פֿעלקער זוכן עס בנוגע צו זייערע לענדער. דאָ איז אַפֿילו ניט שייך צו זאָגן "אויסלערנען", — דאָ איז וויכטיקער דאָס באַפֿריינדן זיך, דאָס צונויפֿלעבן זיך. אונדזער פּעדאַגאָגישע אינטואיציע דאַרף אונדז העלפֿן ניט שאַפֿן ביכער, ניט צופּאַסן ביכער צו די קינדער, נאָר פֿאַרקערט — מען מוז צופּאַסן די קינדער צו די ספֿרים פֿון פֿאָלק.

---

אין די ערשטע קלאַסן איז אין דעם לויפֿיקן לערנ־יאָר געלערנט געוואָרן:

1) מעשיות — אַ ספּעציעל אָפּגעדרוקטע זאַמלונג; דעקלאַמאַציעס אויסווייניק פֿון מאַני־לייב און ק. מאָלאָדאָווסקי.

2) חומש פֿאַר קינדער (יהואש), איינגעפֿירט אַרום פּסח; קיין טעקסטבוך צו לערנען א"ב ווערט ניט גענוצט לגמרי; אַ וויכטיקן אָרט פֿאַרנעמען אין די ערשטע קלאַסן מינדלעכע מעשיות און לידער.

אין די צווייטע קלאַסן:

"די פֿאָן", שלום עליכם; "זיבן גוטע יאָר", "דער אוצר" (ספּעציעלע אויפֿלאַגע פֿון פּרץ־שול); חומש פֿאַר קינדער ביז אין מיטן בערך, אַ צאָל פּסוקים אין העברעיִש, שריפֿטלעך און אויסווייניק; אַ צאָל דעקלאַמאַציעס פֿון מאַני־לייב.

אין די דריטע קלאַסן:

"דאָס מעסערל" (פֿאַרלאַג אַרבעטער רינג); געקליבענע דערציילונגען פֿון י. ל. פּרץ (פֿאַרלאַג "פֿון קוואַל"); אַ צאָל משלים פֿון א. שטיינבאַרג; דעקלאַמאַציעס; פֿאַרגעלייענט "מאָטל פּייסים"; חומש — פֿאַרענדיקט; אָנגעהויבן תּנ"ך יהואש; פּסוקים און פֿראַגמענטן אין אָריגינאַל.

אין די פֿערטע קלאַסן:

געקליבענע דערציילונגען פֿון י. ל. פּרץ (פֿאַרלאַג "פֿון קוואַל"); משלים פֿון א. שטיינבאַרג; תּנ"ך — נבֿיאים ראשונים אין ייִדיש; פֿראַגמענטן אין העברעיִש; אַגדה (פֿאַרלאַג "פֿון קוואַל"). (אין אָוונט־שול פֿערטער קלאַס איז אַגדה געווען צו שווער).

אין די 5טע קלאַסן:

געקליבענע דערציילונגען, פּרץ; משלים, שטיינבאַרג; פּאָעמעס — בעיר פֿון ביאַליק — שוואַרץ; אַגדות; פּרקי אָבֿות; תּנ"ך, נבֿיאים ראשונים.

זעקסטער און זיבעטער קלאַס:

"קידוש השם", אַש; פּאָעזיע, ביאַליק, אויך האָפּשטיין און קולבאַק; משלים, שטיינבאַרג; תּנ"ך, ישעיהו, געקליבענע קאַפּיטלען אין ייִדיש און העברעיִש; אַגדות; פּרקי אָבֿות ב' ג' ד'.

אַ גרופּע באַזונדער — גראַמאַטיק (צוליב צייט פֿאַרטיילונג, בלויז איין גרופּע).

מיטל־שול 2 (קיין מיטל־שול 1 ניטאָ):

"טוביה דער מילכיקער"; פּאָעזיע, — ביאַליק: תּנ"ך — עמוס; פֿראַגמענטן פֿון איובֿ; אַגדות; פּרקי אָבֿות.

מיטל־שול 3:

"דער גולם"; "יוחנן דער מלמד"; פּאָעזיע — געשיכטלעכער איבערזיכט, לויט י. י. שוואַרץ "העברעיִשע פּאָעזיע"; תּנ"ך—איובֿ, תּהילים; אַ ציקל שמועסן "וואָס לערנט אונדז די ייִדישע געשיכטע"; אַגדות; אַ גרופּע תּלמידים פֿון מיטל־שול 2 און 3 לערנען באַזונדער העברעיִש און משנה.

די אָנגערופֿענע זאַכן שעפּן ניט אויס אַלץ וואָס עס דאַרף געלערנט ווערן. אַ גרויסע צאָל זאַכן האָבן מיר פּשוט ניט געקענט קריגן צו אונדזער געברויך און צוליב דעם זיינען זיי ניט געלערנט געוואָרן.

## די צפֿון אָפּטיילונג

די צפֿון אָפּטיילונג פֿון דער י. ל. פּרץ־שול האָט זיך געעפֿנט אין אָקטאָבער, 1941, אין אַ ווייטערן און ייִנגערן ראַיאָן פֿון שטאָט. ביי דער גרינדונג איז געווען גענוג בייז־בלוט: די "קטני אמונה" פֿון צווישן די שול־טוער זיינען געווען קעגן און עס איז געווען נאָר דער פֿאַרעקשנטער ווילן און מוט פֿון עטלעכע טוערינס און מוטער פֿאַריין צווייג צוויי, וואָס די אָפּטיילונג איז דאָך געגרינדעט געוואָרן. לכתּחילה אַ קינדערגאָרטן און איין אָוונט־שול קלאַס אין אַ פּריוואַטער הויז. צום צווייטן יאָר האָט שוין ביי דער אָפּטיילונג עקזיסטירט אַ מוטער פֿאַריין און מען האָט זיך איבערגעקליבן אין אַ גרעסערער דירה פֿאַר זיך. צום דריטן יאָר איז די דירה ווידער פֿאַרגרעסערט געוואָרן. די אָפּטיילונג ווערט אָנגעפֿירט דורך אַן אייגענעם זייער ענערגישן עלטערן־קאָמיטעט און מוטער פֿאַריין.

| צאָל קלאַסן אין צפֿון אָפּטיילונג | קינדער |
|---|---|
| 1941-42 — 2: ק"ג, אָוונט שול | 35 |
| 1942-43 — 3: ק"ג, טאָג־שול, אָוונט־שול | 68 |
| 1943-44 — 4: ק"ג, טאָג־שול, 2 אָוונט־שול | 98 |

די גאַנצע צייט האַלט זיך די אָפּטיילונג אויס נאָר פֿון שכר־לימוד — אָן קיינע דעפֿיציטן.

אין פֿרילינג, 1944, האָט זיך געעפֿנט אַ נייער קינדערגאָרטן פֿון פּרץ־שול אין אַ צווייטן, נאָך ווייטערן ראַיאָן פֿון שטאָט.



גראַדויִר־קלאַס פֿון אָוונט־שול — 1944

ערשטע שורה : (זיצנדיק) פֿון רעכטס צו לינקס — שׂרה וואָלאָראַדסקי, פּערל גוטמאַן, האָדל באַטקיס, פֿ. זאַלף (לערער), יהודית קושניר, רחל לאַקשין, חנה גאַן.
צווייטע שורה : מרים פֿרידמאַן, סירל באָקאַלינסקי, פֿריידל גענווין, שיינדל מאַרגאַלים, יאַנקל גרעי.
דריטע שורה : שבע מאַזער, אסתר קוזין, שׂפֿרה באַסאַווסקי, לייבל האַסקל, שושנה קריקלאַוו, חוה פֿיינמאַן.

● פאַליק זאָלף

# וואָס דאַרף זײַן דער הויפּט-ציל פֿון ליטעראַטור לימוד אין אונדזערע שולן?

צווישן פֿאַרשיידענע ריכטונגען, וואָס פֿירן אַז מיטן ייִדישן שול וועזן, הערשט נאָך ביז הײַנט צו טאָג אַ חילוקי־דעות וועגן דער עצם פֿראַגע פֿון דעם הויפּט־ציל פֿון דער ייִדישער דערציִונג. אַנשטאָט דעם, וואָס עס האָט געדאַרפֿט זײַן אַן אַלגעמיינע, צענטראַלע אידעע, קומט יעדער גרופּע, יעדער באַוועגונג, מיט איר אייגענעם נוסח, מיט איר אייגענער אידעאַלאָגיע. ממילא הערשן אויך פֿאַרשיידענע מיינונגען איבער דער פֿראַגע וועגן ציל פֿונם לימוד ייִדיש און ליטעראַטור אין אונדזערע שולן.

צוליב דער דאָזיקער פּלוגתא האָט מען כּמעט ווי פֿאַרגעסן אַז דעם ייִדישן קינד גופֿא, וואָס פֿון זײַן סאַמע פֿריסטער יוגנט אַן שטויסט ער זיך שוין אַן אַ צוויי קולטורן, צוויי שפּראַכן, און צוויי באַזונדערע לעבן־שטייגערס, וואָס פֿירן דירעקט און אומדירעקט אַ קאַמף איבער דער השפּעה אויף זײַן נשמה.

די ייִדישע דערציִונג קאָן ניט האָבן קיין אַנדער ציל ווי צו אַנטוויקלען בײַ ייִדישן קינד אַ גאַנצע האַר־מאָנישע פּערזענלעכקײַט. ד״ה, ער זאָל טראָגן דעם ייִדישן מהות מיט ווירדע, מיט שטאָלץ און מיט ליב־שאַפֿט און ניט ווי אַ הויקער אויף זײַנע פּלייצעס.

די ייִדישע דערציִונג דאַרף זען צו פֿאַרהיטן אַז אין נשמה פֿון דער ייִדישער יוגנט, ווען זי קומט צום ערשטן מאָל אין באַרירונג מיט דער דרויסנדיקער וועלט, זאָלן ניט פֿאַרקומען קיין סתירות, קיין קאָנ־פֿליקטן, פֿאַר וועלכע זי בלײַבט שטיין אָפּטמאָל אומ־באַהאָלפֿן און פֿאַרלאָרן.

פֿון דעם קאָנען מיר זי פֿאַרהיטן בלויז מיטן לי־מוד פֿון ייִדיער ליטעראַטור, וואָס שפּיגלט אין זיך אָפּ דעם סוד פֿונם ייִדישן זײַן, דעם כּוח פֿונם ייִדישן ווידערשטאַנד פֿון ייִדישן קיום פֿון נעכטן, פֿון הײַנט און פֿון מאָרגן, דורכגעזאַפּט מיט אַ פֿלאַמיקן גלויבן אינם אייביקן דויער פֿונם ייִדישן פֿאָלק. די ליטעראַ־טור דאַרף פֿאַר אונדז דינען ווי יענער נאַציאָנאַלער קוואַל פֿון וואַנען יעדער נײַער ייִדישער דור שעפּט פֿרישע כּוחות און זיכערקײַט צו זײַן ייִדישן לעבן.

דעריבער דאַרפֿן מיר אָנווענדן אַ גאַנץ אַנדער צו־גאַנג צו אָט דעם לימוד. ראשית, מוזן מיר מאַכן אַ פֿאַרזיכטיקן אָפּקלײַב פֿון אונדזער ליטעראַטור גופֿא. מיר דאַרפֿן זיך בלויז אָפּשטעלן אויף אַזעלכע ווערק, וואָס פֿאַרמאָגן אין זיך דעם תּמצית פֿון ייִדישן גײַסט, דעם יסוד פֿון ייִדישן קיום, די רײַכקײַט פֿון דער ייִדי־שער חכמה, חשיבות צום אייגענעם ייִדישן לעבן, אמונה און ביטחון אין דעם נצח ישראל.

און מיר, לערער, דאַרפֿן אויך אָנווענדן אַ נײַעם מעטאָד אין לערנען די דאָזיקע ווערק. וועגן דעם וועל איך זיך אָפּשטעלן מער באַריכות.

אָט לאָמיר נעמען אַלס בײַשפּיל ״קידוש השם״, פֿון שלום אַש, וואָס וועט אונדז דינען ווי אַן אילוס־טראַציע צו אונדזער טעזיס. דאָס דאָזיקע בוך ווערט באַנוצט אין דער ווייניפּעגער י. ל. פּרץ־שול, אינם זי־בעטן קלאַס, אין דעם גראַדויִר קלאַס.

דאָס דאָזיקע ווערק איז שטודירט געוואָרן אַריבער זיבן־אַכט חדשים, צו דרײַ־פֿיר שעה אַ וואָך. הגם דער קלאַס האָט נאָך ניט געהאַט געלערנט די געשיכטע פֿון דער דאָזיקער תּקופֿה, פֿונדעסטוועגן האָט עס זיי ניט געשטערט צו באַנעמען דאָס בוך. פֿאַרקערט, דורך דעם דאָזיקן ווערק האָבן זיי זיך ערשט באַקענט ניט נאָר מיט דעם בלוטיקן קאַפּיטל פֿון גזירת ת״ח, נאָר האָבן אויך געקראָגן אַן אַלגעמיינעם באַגריף פֿון אונ־דזער מאַרטירערטום.

יעדער קאַפּיטל ווערט אַ פֿריער איבערגעלייענט פֿון לערער. נאָכדעם קומט אַ שמועס אויף די פֿאָלגנ־דיקע טעמעס:

א) וואָסערע געפֿילן און געדאַנקען האָט דאָס אַרויסגערופֿן בײַ אײַך?

ב) וויפֿל סצענעס און בילדער טיילן זיך אויס אין דעם געלייענטן קאַפּיטל?

ג) וועלכע סצענע האָט געמאַכט אויף אײַך דעם שטאַרקסטן אײַנדרוק? פֿאַרוואָס?

צו אָט די אַלע שמועסן און קאָמענטאַרן זײַנען צוגעטראַכט געוואָרן נעמען, קעפּלעך, וואָס ווערן באַלד פֿאַרשריבן אין אַ ספּעציעלן ליטעראַטור העפֿט, ווי למשל:

א) דער קול התּורה אין קרעטשמע צווישן שיכּורע גויִים.

ב) איין געראַנגל צווישן ייִדישקײַט און פּרנסה.

ג) דער ייִד צווישן האַמער און קאַוואַדלע.

ד) די אייביקע טענה צו אונדז: ״ייִד, דו ביסט שולדיק!״

אויף אָט די דאָזיקע שמועסן ווערן באַלד פֿאַר־געבן שריפֿטלעכע אַרבעטן. אַזוי אַרום ווערט שוין בײַ דער ערשטער לעקציע, דער גאַנצער קלאַס אַרײַנגעצויגן אין אַקטיווער אַרבעט.

אייניקע פֿון אָט די שריפֿטלעכע אַרבעטן ווערן נאָכדעם פֿאַרגעלייענט אין קלאַס. מען שטעלט זיך אָפּ ניט נאָר אויך דער שפּראַך, אויף די גראַמאַטיקאַלישע און סטיליסטישע קאָנסטרוקציעס, נאָר אויך אויפֿן אינהאַלט גופֿא.

בײַ אייניקע קאַפּיטלעך ווערט אויך אָנגעווענדט דער מעטאָד פֿון אַליין ״מאַכן אַ לייענען״: אַליין צו־

גרייטן אַ לעקציע, לייענען שטיל, פֿאַרצייכענען שווע־
רע ווערטער, שווערע אויסדרוקן, וואָס ווערן נאָכדעם
דערקלערט אין קלאַס.

אין אונדזער פֿאַל האָבן מיר גלייך נאָכן אָפּלער־
נען די צוויי קאַפּיטלעך "אַ שול" און "דער חנוכּת־
הבית פֿון דער שול", פֿאַרגעלייענט אַ פּאָר קאַפּיטלעך
פֿון י. י. שוואַרצס בוך "קענטאַקי".

מיט דעם האָבן מיר מכוון געווען צו ציען אַ פּאַ־
ראַלעל צווישן די צוויי ייִדישע ישובֿים : דאָרט אין
זלאַטשאָוו איז אַזוי לאַנג ווי דער פּריץ האָט ניט גע־
וואָלט געבן קיין דערלויבעניש צו בויען אַ שול, האָט
קיין ייִדישער ישובֿ ניט געקענט אויפֿקומען, ווייל ביי
יענע ייִדן איז געווען "תּורה קדמה לדרך־ארץ", פֿריער
תּורה און נאָכדעם קמח — פּרנסה. האָט מען דערי־
בער געבויט די שול מיט מסירת־נפֿש — געטאַנצט
פֿאַר איר דעם בערן־טאַנץ. יונג און אַלט האָבן זיך
פֿאַרייניקט מיט איין ברענענדיקן פֿאַרלאַנג צו בויען
צום אַלעם ערשטן פֿאַר זיך, פֿאַרן קינד, אַ גייסטיקע
היים. איז מען געזעסן אויף גאַנצע נעכט. די ייִדישע
מאַמעס האָבן מיט פֿרייד אַראָפּגענומען פֿון זיך די
פּערל און מיט זיי באַפּוצט די פּרוכת און די מענטע־
לעך פֿון די ספֿרי תּורות.

דאָ אָבער, אין קענטאַקי, האָבן די ערשטע ייִדישע
אימיגראַנטן קודם־כּל זיך געזאָרגט וועגן גשמיות —
פּרנסה. און ערשט ווען די "אויסגעבאַרעטע ליטע"
האָט זיך שוין געהאַט אָנגעגעסן מיט חלה און מיט
פֿלייש אין דער וואָכן, האָט מען אָנגעהויבן טראַכטן
וועגן רוחניותדיקע זאַכן — בויען אַ שול. האָט מען
זיך פֿריער געקריגט, געאַמפּערט, די דייטשישע ייִדן
מיט די ליטווישע, ביז עס איז געלונגען ווי עס איז
שלום צו מאַכן צווישן די שטרייטנדיקע צדדים. האָט
מען אָפּגעקויפֿט אַן אַלטן קלויסטער און אים פֿאַר־
וואַנדלט אין אַ שול. דאָ איז שוין לגמרי ניט געווען
קיין סימן, קיין שפּור פֿון מסירת־נפֿש פֿאַר די ייִדיש־
קייט, פֿאַר אַ ייִדיש לעבן . . .

פֿון דעם שטודירן דעם פּאַראַלעלן מאַטעריאַל
זיינען אַרויסגעקומען די פֿאָלגנדיקע שמועסן :

א) צוויי שולן : אין זלאַטשאָוו און אין קענטאַקי.

ב) דעם פּריצס שטענדיקע מורא פֿאַר דער ייִדי־
שער ביטערקייט.

ג) דער פּריץ שמייסט און דער ייִד זינגט נאָך
אַלץ זיין קאַפּיטל תּהילים . . .

ד) דער הקול קול יעקבֿ האָט געזיגט איבער די
הידים ידי עשו . . .

ה) די פֿרייד פֿון בויען אַ שול דאָ און דאָרטן.

ו) אַ גויִשע שׂמחה (דער פּריצים־באַל) און אַ
ייִדישע שׂמחה (דער חנוכּת הבית פֿון דער שול).

ז) אַ פּרנס הקהל מיט חשבון הנפֿש (מענדל, דער
ערשטער פּרנס פֿון זלאַטשאָוו, האָט ניט געזוכט פֿאַר
זיך קיין כּבֿוד, קיין "פּובליסיטי", נאָר ער האָט שטענ־
דיק אין זינען געהאַט די אינטערעסן פֿון ייִדישן כּלל).

אַזוי אויך מיטן זעלבן מעטאָד און מיט דער
זעלבער אידעע זיינען באַאַרבעט געוואָרן די קאַפּיטלעך
פֿינף און זעקס :

א) ווי דער ייִד האָט זיך מוסר נפֿש געווען פֿאַר
זיין שבת, אַפֿילו ווען דער פּריץ האָט אים געסטראַ־
שעט מיט דרייסיק שמיץ אויב ער וועט פֿאַר אים ניט
עפֿענען די טיר פֿון דער קרעטשמע, האָט מענדל איינ־
געשטעלט זיין לעבן און געזאָגט : "איך קאָן ניט, איך
טאָר ניט, פּריץ לעבן, עס איז היינט ביי ייִדן שבת". . .

דאָ האָבן מיר פֿאַרגעלייענט "די פּרינצעסין שבת",
פֿון ה. היינע, אין ביאַליקס באַאַרבעטונג, ווו עס ווערט
אַמבולטסטן אויסגעדריקט, אַז דער ייִד איז נאָר מאַ־
טעריעל געווען אַ קנעכט ביים פּריץ, אָבער גייסטיק,
אין זיין אינערלעכן וועלטל, איז ער געווען אַ פֿולשטענ־
דיקער בן חורין, אַ פֿרייער, שטאָלצער מענטש, ווייל
ניט אַלעמאָל איז דער וואָס איז געעמידט אין קייטן אַ
שקלאַף . . .

וועגן דעם ענין שבת איז פֿאָרגעקומען אַ גאַנצע
דיסקוסיע אין קלאַס :

צי איז דאָס טאַקע אַ געזונטער צושטאַנד וואָס
דאָס ייִדישע פֿאָלק, דאָס איינציקע אין דעם לאַנד,
לעבט לחלוטין אָן זיין אייגענעם שבת און יום־טובֿ ?
וואָס איז די סיבה ? צי וואָלט ניט מעגלעך געווען עס
זאָל אַנדערש זיין ? ווי אַזוי ?

אייניקע תּלמידים האָבן אָט דעם טרויעריקן צו־
שטאַנד באַרעכטיקט : "מיר לעבן דאָך עפּעס אין אַ
פֿרעמדן, גויִשן לאַנד"; מיר "מאַכן אַ לעבן" פֿון די
גויִים, דעריבער דאַרפֿן מיר זיך צופּאַסן צו זיי ("קליי־
נע קייען, וואָס גרויסע שפּייען"...). פֿאַרקערט, האָבן
אַנדערע אָנגעוויזן, אַז די שולד ליגט אין אונדז גופֿא,
וואָרים ווען מיר, ייִדן, וואָלטן נאָר געוואָלט, וואָלטן
מיר דאָס געקאָנט אויספֿירן. אַ סימן, אַז ימים נוראים
האַלט מען דאָך יאָ געשלאָסן די געשעפֿטן. און דאָך
שטערט עס ניט אין פּרנסה. אַנדערע האָבן אַפֿילו אָנ־
געוויזן אַז אין שטאָט געפֿינען זיך גאָר אַרבעטסגעבער
און אַרבעטער וואָס היטן אָפּ דעם שבת. נאָר די סיבה
פֿון דער ייִדישער גלייכגילטיקייט צו חילול שבת איז
דאָס, וואָס עס פֿעלט ביי ייִדן דרך־ארץ פֿאַרן אייגע־
נעם קולטור לעבן. איז צוליב די, אָדער אַנדערע טע־
מים, איז מען אַוועק אויפֿן וועג פֿון לייכטסטן ווידער־
שטאַנד . . .

אַרום דעם קאַפּיטל "אין דער לובלינער ישיבֿה".
אין "קידוש השם", האָט זיך אַנטוויקלט אַן אינטערע־
סאַנטער שמועס :

די מאַמע, יוכבֿד דאַרף זיך צעשיידן אויף
יאָרן־לאַנג מיט איר בן־יחידל, שלמהלע, וועלכער איז
געפֿאָרן לערנען אין דער ישיבֿה. טעג און וואָכן זיך
געשלעפּט מיט דער בויד איבער דעם הוילן, נאַקעטן
סטעפּ, ווו אויף יעדער טריט און שריט האָט געלויערט
אַ סכּנה. און ווען מענדל, דער טאַטע, האָט דערזען
ווי די מאַמע, ביים געזעגענען זיך, האָט זיך צעוויינט,
האָט ער איר פֿאַרגעוואָרפֿן : "יוכבֿד, האָט ער געטע־
נהט צו איר, גאָט האָט דיר מזכּה געווען צו שיקן דיין
זון אין ישיבֿה אַריין, ווו עס לערנען לומדים און
גאונים, און דו וויינסט" ? . .

ניט קיין קאַריעריסטישע תּורה, ווי אַ קרדום
לחפּור בה — אַ פּראָפֿעסיע, נאָר תּורה לשמה, פֿאַר
וועלכער מען איז גרייט געווען אַפֿילו זיך מוסר נפֿש
צו זיין.

מיר האָבן אויך אָפּגעגעבן זייער פֿיל צייט וועגן
דעם גרויסן כּוח וואָס איז געלעגן אין דעם "ועד ארבע
ארצות", וואָס האָט אָרגאַניזירט און רעגולירט דאָס

נאַנצע ייִדיש־געזעלשאַפֿטלעכע לעבן. כּדי צו געבן די קינדער אַ באַגריף פֿון אינערלעכער דיסציפּלין, וועלכע זיי האָבן עס דאַן געהאַט, און מיר, וועלכע האָבן דאָס איצט אויך געקענט האָבן, האָבן עס לײַדער ניט.

דאָ ווידער, האָט זיך אַנטוויקלט אַ דיסקוסיע:

א) ווי האָט די קהילה, דער "ועד הגליל", אָדער דער "ועד ארבע ארצות" געאַרבעט?

(דאָ האָבן מיר זיך באַנוצט מיט ש. דובנאָווס קאַפּיטל געשיכטע "דער ועד הקהל און דער ועד", מיט אויסצוגן פֿון נתן־נטע האַנאָווערס "יון מצולה" און אויך מיט דער אַרבעט פֿון ש. באַסטאָמסקי, "דער ייִדישער סיים").

ב) וואָס זײַנען געווען די פֿונקציעס פֿון די באַאַמטע פֿון דער קהילה: דער רבֿ, דער דיין, דער פּרנס, דער שתּדלן, דער "שומר ישראל" א"א?

ג) וואָס איז אַזוינס אַ פּנקס?

ד) צי האָבן מיר דאָ אין אַמעריקע אַזאַ אָרגאַניזירט ייִדיש לעבן?

ה) פֿאַרוואָס האָבן מיר עס ניט?

ו) וואָס פֿאַר אַ נוצן וואָלטן מיר פֿון דעם געהאַט ווען מיר האָבן אויך הײַנט אַזאַ אָרגאַניזירטע ייִדישע קהילה?

ז) וואָס דאַרף טאָקע געטאָן ווערן עס זאָל געשאַפֿן ווערן אַזאַ אָרגאַניזירט ייִדיש לעבן?

ח) ווער זײַנען אונדזערע הײַנטיקע פֿאָרטרעטער, דער קאַנאַדער און אַמעריקאַנער ייִדישער קאָנגרעס? צי קאָן מען זיי פֿאַרגלײַכן מיטן דעמאָלסטדיקן "ועד ארבע ארצות"?

אַ חוץ דעם האָבן מיר אויך געשאַנקען פֿיל אויפֿמערקזאַמקייט אויפֿן אַמאָליקן ייִדישן לעבן שטייגער. ניט ווי אַ באַזונדערן לימוד אַז און פֿאַר זיך, נאָר ווי אַ פּועל יוצא פֿון דער אַרבעט גופֿא. האָט מען געלערנט ווי מען האָט געפּראַוועט אַ חתונה אין שטעטל, ווי מען האָט געבויט אַ שול, אַ חנוכּת־הבית פֿון אַ שול, ווי מען האָט געפּײַערט שבת און יום־טובֿ, ווי מען האָט אויסגעריכט אַ קינד אין דער ישיבֿה, די אַמאָליקע הלבשה, כּלים, מעבל א"וו.

מיר האָבן אָבער אויך ניט פֿאַרזען די עסטעטישע זײַט פֿונם ווערק. אדרבא, בײַ יעדער געלעגנהייט האָבן מיר זיך באַמיט אונטערצושטרײַכן די שיינקייט פֿון די נאַטור שילדערונגען, די מאַסן־סצענעס, די טיפּן און די עכטקייט פֿון די כאַראַקטערן און געשטאַלטן ווי דער שרײַבער מאָלט זיי פֿאַר אונדז.

אַזוי אַרום האָבן מיר אַרומגענומען אַ גרויס שטיק ייִדיש לעבן, פֿאַרוואָרפֿן אַ בריק צווישן דעם אַמאָל און דעם הײַנטיקן, היגן לעבן.

דורך דעם דאָזיקן ווערק, מיט דעם דאָזיקן מעטאָד פֿון לערנען, האָבן די קינדער דערזען אַן אמתדיק בילד פֿון אַ צווייטן ייִדישן לעבן, וואָס רופֿט אַרויס צו זיך דרך־ארץ, חשיבֿות און אויך ליבשאַפֿט, וואָס איז כּדאַי צו לײַדן און קעמפֿן פֿאַר אים. דאָס האָט ניט געטראָגן קיין שמץ פֿון אַ וועלכער ס'איז פּראָפּאַגאַנדע, אָדער סתם ווערבאַליזם, נאָר די שלוסן זײַנען ווי פֿון זיך אַליין אַרויסגעוואַקסן אַזוי, אַז די קינדער האָבן עס ממש ווי מיט די הענט געקענט אָנטאַפּן. ממילא האָבן זיי שוין אויך דערפֿילט, אַז אינם הײַנטיקן, אַרומיקן ייִדישן לעבן זייערן, פֿעלט נשמה, גלויבן און וואַרעמקײַט . . .

מיר וואָלטן זיך אויך געדאַרפֿט אָפּשטעלן אויף די ווײַטערדיקע קאַפּיטלעך פֿונם בוך "קידוש השם", ווי זיי זײַנען באַאַרבעט געוואָרן, אָבער דאָס אַרטיקל איז שוין אַזוי אויך צו לאַנג, וועל איך דעריבער מוזן מקצר זײַן.

רעזומירנדיק דעם אויבן געזאָגטן, וויל איך פֿעסטשטעלן: אַז דער סאַמע ווירקזאַמסטער עלעמענט אין אונדזער ייִדיש־וועלטלעכער דערציִונג באַשטייט אין לערנען אונדזער ליטעראַטור פֿון אָריגינעלע מקורים. אַזעלכע וואָס שפּיגלען אָפּ דעם עכטן מהות פֿון ייִדישקײַט, וועלכע ברענגען אַרויס די אַלע פֿאַרבאָרגענע כּוחות פֿון דער ייִדישער נשמה. ניט קוקנדיק אויף די שטענדיקע פֿאַרפֿאָלגונגען און דיסקרימינאַציעס, אויסערלעכן דרוק און אינערלעכער דחקות, האָבן ייִדן געפֿירט אַ שטאַרק אינטענסיוו פֿאַרבנדיק און אינהאַלטסרײַך לעבן.

אָט דער אַרט לעבן פֿון די ייִדן אין פֿאַרשיידענע צײַטן און פֿאַרשיידענע ישובֿים, ווען ער ווערט עכט, קרעפֿטיק און קינסטלעריש אַרויסגעבראַכט אין אַ ליטעראַריש ווערק, איז ביכולת משפּיע צו זײַן אין אַ גרויסער מאָס אויף דעם גײַסטיקן־גאַנג פֿון אונדזער היגער יוגנט. דאָס איז דער איינציקער שליסל וואָס קען עפֿענען זייערע הערצער און נשמות זיי זאָלן קענען אויפֿנעמען און פֿאַרשטיין דעם ייִדישן היסטאָרישן גורל, דעם ייִדישן אמת און די אמונה אינם ייִדישן קיום אַזוי, אַז ייִדישקייט זאָל ניט זײַן ווי אַ לאַסט וואָס באַשווערט זייער לעבן, נאָר וואָס גיט זיי אויך פֿיזישע און גײַסטיקע כּוחות צו לעבן ווי ייִדן און ווי מענטשן.



● עליס מילער

# אַ גאַנץ ווערק אין אַ ייִנגערן קלאַס

דער לימוד ליטעראַטור פֿאַרנעמט זייער אַ וויכטיקן אָרט אין אונדזער שול. ניט נאָר איז דאָס דער מיטל וואָס דורך אים באַהערשט דער תּלמיד די טעכניק פֿון לייענען און שרײַבן, נאָר דורך ליטעראַטור דערגרייכן מיר די נשמה פֿונם קינד. ליטעראַטור דערמעגלעכט אַרויסצורופֿן בײַם קינד אַן עמאָציאָנעלע רעאַקציע. מיר שטרעבן תּמיד צו פֿאַרבינדן דאָס געלערנטע מיטן קינדס אינטימע איבערלעבונגען, כּדי צו פֿאַרטיפֿן דעם אײַנדרוק און אײַנצוקריצן עס שאַרפֿער אין זײַן באַוווּסטזײַן. נאָר ווען דאָס געלערנטע ווערט עכט דורכגעלעבט, ווערט עס באמת אַ טייל פֿונם קינדס עמאָציאָנעלער דערפֿאַרונג.

דאָס איז אונדזער ציל — צו פֿאַרבינדן דאָס לערנען מיטן קינדס עמאָציאָנעלע איבערלעבונגען, שאַפֿן פֿאַר אים נײַע, טיפֿערע דערפֿאַרונגען — ביז דאָס געלערנטע ווערט באַקאַנט און אייגן — אַן אײַנגעפֿונדעוועטער טייל פֿון קינדס נשמה.

ווי דערגרייכן מיר דאָס? איך וועל זיך אָפּשטעלן מער גענוי אויף דעם שטייגער ווי ליטעראַטור ווערט געלערנט אין אַ ייִנגערן קלאַס. ערשטנס, מוז דער טעקסט זײַן אינהאַלטרײַך און אַנטהאַלטן אין זיך מעגלעכקײַטן פֿאַר טיפֿע איבערלעבונגען, נײַע דערפֿאַרונגען, באַגריפֿן און געדאַנקען. צוליב דעם ווערט געלערנט אַ גאַנץ ווערק. אַ גאַנץ ווערק מאָלט אַ גאַנץ בילד — עס איז ניט קיין אָפּגעריסענער, אומאָפּהענגיקער פֿראַגמענט; צווייטנס, דאַרף דער טעקסט אויך זײַן גענוג שווער צו סטימולירן דעם קינדס פֿאַרלאַנג אים צו באַהערשן, גענוג לאַנג צו רייצן זײַן פֿאַנטאַזיע.

הײַנטיקס יאָר, האָבן מיר, אין צווייטן קלאַס, געלערנט "די פֿאָן", פֿון שלום עליכם. פֿריער איז די גאַנצע דערציילונג פֿאַרגעלייענט געוואָרן פֿאַרן קלאַס. דורך אַ צאָל שמועסן איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן דער הויפּט־געדאַנק פֿון דער דערציילונג — צוזאַמען מיט דער רעאַקציע פֿון די קינדער אויף דער דערציילונג: וואָס זיי האָבן געפֿילט, וואָס זיי האָבן געטראַכט, וואָסער טייל האָט אַרויסגערופֿן פֿרייד אָדער טרויער, בשעת דעם לייענען. נאָך דעם ווי בײַם קינד שאַפֿט זיך אַן אַלגעמיינער באַגריף פֿון דעם גאַנצן טעקסט, טרעטן מיר צו צו אַ גענויערן אַנאַליז פֿון יעדער טייל באַזונדער. ווי נאָר מעגלעך, ווערט יעדער איבערלעבונג פֿון קאַפּעלען, פֿאַרבונדן מיט אַן אייגענער איבערלעבונג פֿונם קינד. עס ווערן געצויגן פּאַראַלעלן, עס ווערן אָנגעמערקט קאָנטראַסטן און ענלעכקייטן. דערבײַ שפּילן שמועסן אַן אומגעהײַער וויכטיקע ראָל. דורך שמועסן אַנטוויקלט זיך בײַם קינד ניט נאָר זײַן מינדלעכער שפּראַך־אוצר, נאָר אויך זײַן קאָנצענטראַציע, פֿאַרשטאַנד און פֿעיִקייט צו פֿאַרבינדן דאָס געלייענטע מיטן דורכגעלעבטן. כּדי מער בולט אַרויסצוברענגען דעם הויפּט־געדאַנק פֿון דער דערציילונג, איז וויכטיק צו לייענען פֿאַרגלײַך ליטעראַטור, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם זעלבן הויפּט־געדאַנק. דורך שמועסן ווערן די ענלעכע פּרטים קלאָרער. נאָך אַן אויספֿירלעכן שמועס, ווערט דאָס אַלץ פֿאַרקערפּערט אין אַ שריפֿטלעכער אַרבעט.

צווייערליי שריפֿטלעכע אַרבעטן ווערן געפֿירט — קאָלעקטיווע און אינדיווידועלע. צו דער קאָלעקטיווער אַרבעט טראָגט צו יעדער קינד זײַן חלק: אַ געדאַנק, אַ זאַץ, אַ בעסער געשליפֿענעם וואָרט. דער קלאַס האָט געשריבן דרײַ קאָלעקטיווע אַרבעטן: 1) "קאַפּל פֿאַרדינט געלט", אַ בילד וואָס באַשרײַבט ווי קאַפּל צעטראָגט דעם שלח־מנות, זײַנע געדאַנקען און געפֿילן דערבײַ; 2) "דער יצר־הרע און דער יצר־טובֿ". דאָ האָבן מיר, אין קורצן, דערקלערט דעם באַגריף יצר הרע און יצר־טובֿ, און אָנגעוויזן ווי ביידע, איטלעכער אויף זײַן שטייגער, מוטשען קאַפּלען; 3) "אויפֿן צווייטן יאָר", אַ לעצטער קאַפּיטל צו דער מעשׂה.

עס זײַנען אויך געווען אַ צאָל אינדיווידועלע אַרבעטן אויף פֿאַרשיידענע טעמעס, ווי למשל, "אַליין פֿאַרדינט", "וואָס מיר האָט זיך זייער געוואָלט", "מײַן טאַטע", "מײַן באַליבטסטער יום־טובֿ", "איך קען נאָך ניט רעדן", "דער יצר־הרע (אָדער יצר־טובֿ) האָט געזיגט", "מצד רחמנות", אַן אַרבעט וועגן דעם ווי דאָס קינד האָט פֿאַרלאָרן זײַנע אַ באַליבטע זאַך. אַלע שריפֿטלעכע אַרבעטן פֿאַרבונדענע מיט דער "פֿאָן" פֿאַרשריבן געוואָרן אין אַ ספּעציעלן העפֿט.

בשעת מיר האָבן שטודירט יעדער טייל באַזונדער, זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן פֿאַרשיידענע שריפֿטלעכע און מינדלעכע איבונגען, מיטן ציל צו פֿאַרבעסערן און פֿאַרשענערן דאָס לייענען, זיך אויסלערנען ריכטיק אויסלייגן אַ וואָרט, און לייגן דעם יסוד פֿון גראַמאַטיק.

נאָכדעם ווי דער טעקסט איז שוין געווען גוט באַקאַנט, האָבן די קינדער פֿאַרגעלייענט די טיילן וואָס זײַנען זיי געפֿעלן אַמבעסטן, און אָנגעשריבן אַן אַרבעט אויף דער טעמע: "וואָס עס געפֿעלט מיר אַמבעסטן אין דער מעשׂה".

איצט איז דער קלאַס גרייט צוצוטרעטן צו אַ מער דעטאַליזירטן אַנאַליז פֿון דער דערציילונג — שוין ניט פֿון די געדאַנקען און באַגריפֿן, נאָר פֿונם בוי און סטרוקטור פֿון דער מעשׂה. צוזאַמען האָבן מיר אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן פֿון יעדער קאַפּיטל באַזונדער, באַמערקנדיק און באַטאָנענדיק בשעת מעשׂה, ווי דער שרײַבער ברענגט אַרויס און אַנטוויקלט זײַן געדאַנק. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט באַזונדערס אויף אידיאָמען און אויסדרוקן. צום אָנהויב האָבן די קינדער גאָר ווייניק פֿאַרשטאַנען די אַרבעט — איבערהויפּט האָט זיך דאָס בולטער אַרויסגעוויזן אין דער טאָג־שול, וווּ די קינדער זײַנען ייִנגער (7 יאָר). אָבער אײדער נאָך מיר האָבן פֿאַרענדיקט פֿאַרצייכענען די ליסטע פֿון ווערטלעך און אויסדרוקן, האָט דער קלאַס אויפֿגעכאַפּט דעם געדאַנק פֿון אידיאָמאַטישע אויס

דרוקן. ניט נאָר אויפֿגעכאַפּט דעם געדאַנק, נאָר דערפֿילט דעם טעם פֿונם ווערטל, און עס אָנגעהויבן פֿאַרקערפּערן אין שריפֿטלעכע אַרבעטן און אין שמועס. מיר האָבן צוזאַמען צונויפֿגעשטעלט אַ רשימה פֿון איבער הונדערט ווערטלעך און אידיאָמאַטישע אויסדרוקן.

אַ טייל פֿון דעם טעקסט האָבן זיך די תּלמידים אויסגעלערנט אויף אויסווייניק. די דערציילונג "די פּאַן", פּאַסט זיך זייער גוט צו צום אויסשפּילן. דער קלאַס האָט אויסגעשפּילט צוויי סצענעס: דער יצר־הרע און דער יצר־טובֿ מוטשען קאַפּעלן, און דעם שמועס צווישן קאַפּעלן און יואָליק דעם נגידס. חוץ דעם האָבן מיר אויסגעלערנט נאָך צוויי טיילן ווי כאָראַלע רעציטאַציעס.

איצט איז שוין דער קלאַס ראוי דורכצופֿירן אַן אַלגעמיינעם סך־הכּל. די בעסטע שריפֿטלעכע אַרבעטן צוזאַמען מיט פּאַסיקע צייכענונגען ווערן צונויפֿגעזאַמלט אין אַ ספּעציעלן אַלבאָם. דער אַלבאָם ווערט איבערגעגעבן צו דער שול, ווי אַ מתּנה פֿון דעם באַטרעפֿנדיקן קלאַס. דער שלום פֿון דער גאַנצער אַרבעט איז דער סיום, וואָס ווערט דורכגעפֿירט ווי אַ פּאַסיקער קלימאַקס. דער קלאַס פֿאַרבעט די עלטערן צום יום־טובֿ. די פּראָגראַם פֿון דעם אָוונט באַשטייט, הויפּטזאַכלעך, פֿון די אַרבעטן וואָס זײַנען פֿאַרבונדן מיט דעם געלערנטן ווערק. די בעסטע אַרבעטן ווערן פֿאַרגעלייענט, די סצענעס אויסגעשפּילט, די כאָראַלע רעציטאַציעס רעציטירט. טענץ און געזאַנג ווערן אויך אַרײַנגעפֿלאָכטן, און דער יום־טובֿ פֿון לערנען ווערט פֿאַרענדיקט אין אַ דערהויבענער, מונטערער שטימונג.

אַ פֿאַרגלײַך מיטן קוריקולום פֿון דער ענגלישער סקול ווײַזט וויפֿל אונדזערע קינדער זײַנען מער אַנטוויקלט, לויטן זעלבן קלאַס און עלטער. דער ענגלישער קוריקולום פֿאָדערט אַז בערך אַרום פּסח, זאָל מען אָנהייבן מאַכן שריפֿטלעכע אַרבעטן — אײַנפֿאַכע, קאָלעקטיווע קאָמפּאָזיציעס פֿון עטלעכע שורות. אונדזער סיסטעם פֿון לערנען האָט דערצויגן דאָס קינד צו דער שטופֿע ווען ער קען זעלבסטשטענדיק אָנשרײַבן אַ גאַנצע אַרבעט, דערציילן אַ סיפּור המעשׂה, אַרויסברענגען אָריגינעלע געדאַנקען, באַשרײַבן אייגענע דערפֿאַרונגען — ניט נאָר אין אײַנפֿאַכע זאַצן, נאָר אַפֿילו ריכטיק צעטיילן די אַרבעט אין פּאַראַגראַפֿן. בײַ מענטשן בכלל און בײַ קינדער בפֿרט, איז פֿאַראַן אַ גרויסער תּהום צווישן דעם וואָס מען דערפֿילט בחוש אינטויִטיוו און דעם וואָס ווערט פֿאָרמולירט אין געדאַנקען. דאָס ערשטע, דאָס סינקרעטיש אויפֿנעמען איז די ערשטע אוממיטלבאַרע און אָרגאַנישע מדרגה. די צווייטע מדרגה — די דיסקורסיווע — איז די אויסגעלערנטע. גוט איז ווען זי איז ניט פֿון פֿרעמדן מויל, נאָר אַרויפֿגעבויט אויף דער ערשטער מדרגה אוממיטלבאַר. מיר צווינגען דאָס קינד זיך אַרײַנטראַכטן אין דעם וואָס עס פֿילט, און עס ברענגען צום אויסדרוק.

אמת, עס דויערט לאַנג דורכצופֿירן אַזאַ אַרבעט, אָבער דערפֿאַר זײַנען די געווינסן ממשותדיקער. ניט נאָר האָט זיך דאָס קינד אויסגעלערנט שיין לייענען אַ שווערן טעקסט; ניט נאָר האָט דאָס קינד דערוואָרבן אַ גרויסן ווערטער־אוצר צו פֿאָרמולירן זײַנע געדאַנקען און געפֿילן; ניט נאָר האָט דאָס קינד אויסגעלערנט זיך ריכטיק אָנשרײַבן אַ וואָרט און גראַמאַטיקאַליש צונויפֿוועבן אַ זאַץ — נאָר זײַן גײַסטיקער באַגאַזש איז באַרײַכערט געוואָרן, זײַן אַלגעמיינער סכום ווייסן און אינטעליגענץ איז געשטיגן.



ערשטער מיטלשול גראַדויִר קלאַס — 1928

פריידל קושנעראָוו־פּײַנמאַן

# קינדער פּראָבלעמען אין קינדערגאָרטן

אין קינדערגארטן איז איטלעך קינד א וועלט פאר זיך, א פראבלעם פאר זיך. אפילו א נארמאל, דורכ־שניטלעך קינד שטעלט מיט זיך פאר עפעס א פראב־לעם. און עס מוז די לערערין זיך גענוי באקאנען מיט יעדער קינד באזונדער און זיך פארינטערעסירן מיט זיין פראבלעם.

גאנץ אפט, ווען א ניי קינד ווערט געבראכט אין קינדערגארטן הערט די לערערין פון דער מוטער: „איך האב מיין קינד נאך ניט פארשריבן, עס איז נאר אויף א פראבע". אין דער אמתן איז אויף א פראבע די לערערין, דער קינדערגארטן — ניט דאס קינד. און אויב, חלילה, דאס קינדווארפט אן אומחן אויף דער לערערין אין דעם קינדערגארטן, איז זייער שווער אים באיינפלוסן אז די פראבע זאל אנגיין נאך עטלעכע טעג. ווי א רעזולטאט הערט זיך אין קינדערגארטן, ביים אנפאנג יאר, א היבש ביסל געוויין און טומל, ביז די קינדער פאסן זיך צו צו דער קינדערגארטן אט־מאספער.

איך האלט אז די סיבה פון דעם איז גאנץ גרינג צו באגרייפן. מען דארף געדענקען, אז ווען דאס קינד ווערט פארשריבן אין קינדערגארטן, לעבט עס דורך זיין ערשטן גרויסן איבערברוך אין לעבן. פיר יאר צייט איז עס געווען דער קעניג אין זיין מלוכהלע. ער האט געהערשט און רעגירט איבער טאטע־מאמע, על־טערע שוועסטער און ברידער. און ווער רעדט נאך אויב עס איז אן איין־און־איינציקער! — דעמאלט איז ער דאך געווים דאס אייבערשטע פונם שטיסל. מילא, פון טאטע־מאמע איז אפגערעדט. זיידעס, באבעס, פעטערס און מומעס האבן אים צוגעוווינט, אז יעדער ווארט זיינס איז א חכמה און יעדער טאט זיינער איז א גרויסער אויפטו. פון אלץ האט מען אנגעקוואלן. אלץ האט מען באוווּנדערט. זיין קלענסטער פארלאנג איז דערפילט געווארן. און אט, פלוצלונג, האט מען אים אריינגעפירט אין א פלאץ ווו עס זיינען דא נאך אזעלכע פריצים ווי ער, נאך אזעלכע חכמים פונקט ווי ער, און אפטמאל נאך פעיקער פון אים, און דאס קינד מוז זיך פרובירן אריינפאסן אין דעם נייעם לעבן. ווי שווער עס איז פארן קינד, וואס האט ביז אהער גע־לעבט א באשיצט לעבן און פלוצלונג מוז עס ווערן א מענטש פאר זיך. און יעדער קינד מאכט דורך דעם איבערגאנג אויף זיין אייגענעם אופן.

עס זיינען פאראן קינדער, וואס ווערן זייער בא־גייסטערט פון פארשיידענע זאכן אין קינדערגארטן; זיי ווערן גלייך באפריינדעט מיט אלע קינדער און פאסן זיך גלייך אריין אין קינדערגארטן. די קינדער שטעלן מיט זיך ניט פאר קיין פראבלעמען, סיידן ס'איז דא פאראן עפעס אין זייער נאטור מיט וואס מען באקענט זיך ערשט אביסעלע שפעטער. עס זיינען דא אזעלכע קינדער וואס זיינען אין דער היים גאנצע העלדן און דא ווילן זיי גאר ניט אפטרעטן פון דער מאמען. מען ווערט שעמעוודיק און מען קערט אפ דעם קאפ ווען עמיצער רעדט אויס א ווארט צו זיי.

פראבלעמען זיינען פאראן אין קינדערגארטן אז א צאל און אז א שיר:

שעמעוודיקע קינדער.
קינדער שטאמלער.
קינדער וואס נעמען זאכן.
קינדער שלעגער.
קינדער אויסטראכטער.
קינדער וויינער.
קינדער מיט א שיפלות־קאמפלעקס.
קינדער אנפירער.
(אפילו זיי זיינען אפט א פראבלעם).
און צום סוף — קינדער מיט אונדזערע שפראך־פראבלעמען.

ווו עס זיינען פאראן קינדער — דארט זיינען דא פראבלעמען. און איך וועל פרובירן באהאנדלען עטלעכע פון זיי, ווי אויך די מעטאדן וואס זיינען אנ־גענומען געווארן זיי ביצוקומען.

לאמיר צוערשט באטראכטן דאס שעמעוודיקע קינד. אינדערהיים איז דאס קינד זייער פעיק. עס וויל אנפירן מיט פארשיידענע שפילן, אפילו פון עלטערע קינדער. נאר עס דרייט זיך, נאר עס רעדט, און פון געזאנג מיט דעקלאמאציעס איז דאך אפגערעדט. זיי־ענדיק א נארמאל קינד, נעמט עס אלץ איבער זייער שנעל און שטעלט עס גלייך פאר אינדערהיים. אבער אין קינדערגארטן האט מען פערעלען שוין ניט געקאנט דערקענען. עס איז אמת, אז זי האט זיך קוים דער־ווארט ביז די מאמע האט זי אוועקגעפירט אין שול. שוין לאנג ווי זי האט אויף דער מינוט געווארט. אבער ווי מען האט זי אין קינדערגארטן אריינגעפירט, איז זי פשוט פארשטומט געווארן. ניט קיין ווארט, ניט קיין שמייכל, גיכער טרערן אין די אויגן. ביים אנפאנג האט מען פרובירט זיין אביסל שטרענג. אבער ס'האט ניט געהאלפן. די מוטער האט זיך אפילו באקלאגט, אז כאטש זי וויל אזוי שטארק גיין אין קינדערגארטן, פונדעסטוועגן מוז עמיצער זי שטענדיק פירן און אפ־נעמען פון שול. טאמער ניט — איז גלייך געוויין. טא, אזוי ווי שטרענגקייט און גוטסקייט האבן ניט גע־האלפן, האט מען באשלאסן פערעלען אביסל איגנא־רירן. מען האט זי צו קיין שפיל, צו קיין ארבעט ניט ארויסגערופן. און ס'האט לאנג ניט גענומען און מיר האבן אנגעהויבן באמערקן אז פערעלע רוקט זיך אליין שטילינקערהייט ארויס. אט באלד איז שוין פערעלע געווארן א ווירקטיקער מיטגליד פון קלאס. די סיבה פון איר שעמעוודיקייט איז געווען א גאנץ פשוטע. אינ־דערהיים איז זי געוווינט געווען צו זיין די גאנצע אנ־פירערן. אבער דא האט זיך באמערקט אז אנדערע קינ־דער האבן אויך אזעלכע און נאך גרעסערע פעיקייטן ווי זי. ביז זי איז ניט געווארן ביי זיך זיכער, אז זי איז אזוי פעיק ווי אנדערע, האט זי פשוט ניט געוואלט קיין אנטייל נעמען. אבער ווען די לערערינס האבן דערזען, אז זי איז שוין אביסעלע זיכערער ביי זיך, האט מען איר אנגעהויבן ביסלעכווייז דערמוטיקן. און



קינדערגאָטן קלאַס — 1920

דער רעזולטאַט איז — אַ פֿריילעד, צופֿרידן קינד. עס מיינט, נאַטירלעך ניט, אַז די סיבה וואָס אַ קינד שעמט זיך איז שטענדיק די זעלבע און שטענדיק קאָן מען אננעמען די זעלביקע מיטלען קעגן דעם. ס'איז אומבאַדינגט נייטיק זיך צו באַקענען מיטן קינד, סיי פֿון דער היים און סיי פֿון קינדערגאַרטן, און גאַנץ אָפֿט מוז מען פּרובירן פֿאַרשיידענע רפֿואות, איידער מען קאָן ביַיקומען די שעמעוודיקייט פֿון קינד.

לאָמיר איבערגיין צום קינד מיטן שיפֿלות־קאָמפּלעקס — אַ קינד וואָס וועט פֿריַיוויליק ניט אַנטייל נעמען אין קיין אַרבעט; אַ קינד וואָס וועט בעסער בליַיבן זיצן אינדערהיים איידער קומען אין קינדערגאַרטן וווּ די לערערין וועט אים אפֿשר צווינגען עפּעס טאָן. נאַטירלעך, דאַרף מען צום אַלעם ערשטן אויסגעפֿינען די האַלטונג פֿונם קינד אין דער היים. דאָן דאַרף מען פֿעסטשטעלן צי שעמט זיך אפֿשר דאָס קינד נאָר דעראַפֿר וואָס דער קינדערגאַרטן מיט די קינדער איז פֿאַר אים אַ נייַעס, אפֿשר איז עס גאָר ניט קיין קאָמפּלעקס.

ערשט ווען עס ווערט קלאָר, אַז עס איז אַ קאָמפּלעקס, דאַרף מען באַשליסן וועלכע מיטלען אָנצווענדן. ערשטנס, דאַרף די לערערין באַשטיין, אַז דאָס קינד מוז טאָן אַלץ, וואָס זי הייסט אים, און ניט אַוועקמאַכן איר פֿאַרלאַנג מיטן האַנט. דאָס איז זייער אַ וויכטיקער באַשלוס. אמת, ס'קאָן זיַין אַז גליַיך וועט דאָס קינד ניט פֿאָלגן. אָבער אויף פֿאַרשיידענע אופֿנים מוז די לערערין אויף אים ווירקן דורכן טאָג, אַז דאָס קינד זאָל איר פֿאַרלאַנג אויספֿילן. דעריבער הייבט מען גאַנץ אָפֿט אָן די אַרבעט פֿון קלאַס מיטן אויסרופֿן די נעמען פֿון די קינדער און דערביַי זיי צווינגען, אַז זיי זאָלן כאָטש זאָגן "איך בין דאָ". נאַטירלעך, אויב דאָס קינד פֿאָלגט ניט, הייסט עס ניט אַז מען דאַרף אים גליַיך באַשטראָפֿן. אַז דאָס קינד וועט איינמאָל אַרויסטרעטן וועט ער איַינזען אַז ס'איז גאָרניט אַזאַ געפֿערלעכע זאַך און וועט זיך באַטראַכטן אַז אפֿשר איז עס פֿיל מער אַנגענעם אַרויסטרעטן פֿריַיוויליק. גאַנץ אָפֿט איז עס נייטיק צו האָבן מיטהילף פֿון די עלטערן אין ביַיקומען דעם "שיפֿלות־קאָמפּלעקס". זיי דאַרפֿן פֿאַרשטיין, אַז דאָס קינד מוז אומבאַדינגט באַזוכן דעם קינדערגאַרטן יעדער טאָג און ס'איז גוט די לערערין זאָל אויסקליַיבן דאָס קינד, אַז עס זאָל מער אָדער ווייניקער ווערן איר אַרויסהעלפֿער. דורך דעם וועט זי געווינען דעם צוטרוי און די ליבע פֿון קינד. אַ לערערין מיט אינטויִציע, געדולד און ליבע צו קינדער, וועט געפֿינען אַ וועג צו צוקומען צום קינד.

צום דריטן לאָמיר באַטראַכטן קינדער וואָס דערציילן ליגנס. דאָס איז איינס פֿון די שווערסטע פּראָבלעמען ביַיצוקומען, וויַיל איין ליגן פֿירט שטענדיק צו אַ צווייטן. מען קאָן צעטיילן די קינדער אין דריַי גרופּעס:

א) קינדער וועלכע קומען פֿון היימען וווּ דאָס לעבן איז זייער אַ שלעכטס. קריגערייַען זיַינען אַ טאָגטעגלעכע דערשיַינונגען, די היים־אַטמאָספֿערע פֿעלט, דאָס קינד איז פֿאַרלאָזן און פֿאַרגעסן. גאַנץ אָפֿט וועלן אַזעלכע קינדער דערציילן מעשׂיות, וואָס זיַינען ניט געשטויגן און ניט געפֿלויגן, און זיך אַליין וועלן זיי שטענדיק פֿאַרשטעלן אין דער ראָל פֿון אַ העלד. דאָס איז פּשוט צוליב, דעם אַז אַנדערע זאָלן זיי באַמערקן, וויַיל אין דער היים איז קיינער ניטאָ וואָס וויל דאָס טאָן.

אַזעלכע קינדער דאַרף מען נאָר באַהאַנדלען מיט גוטסקייט און צאַרטקייט. מען טאָר ניט פֿאַרפֿעלן זיי לויבן פֿאַר גוטער אַרבעט אָדער פֿאַר אַ גוטן טאַט.

מיט דער צײַט וועט דאָס קינד זען אַז עס איז וויכטיק אַפֿילו ווען עס מאַכט פֿון זיך ניט קײַן העלד, און וועט די ליגנס פֿאַרלאָזן.

ב) דער צווייטער טיפּ איז שוין פֿיל ערגער. דאָס איז אַ קינד וואָס זײַן פֿאַרשטעלונג קראַפֿט האָט מען נעלאָזן צו פֿרײַ אַרבעטן זינט ער האָט אָנגעפֿאַנגען ריידן. דאָס איז זייער שווער בײַצוקומען, ווײַל ס'איז געוואָרן אַ טײַל פֿונם קינד.

אַזעלכע קינדער מוז מען מאַכן פֿילן אַז ליגנס טויגן ניט. ער וועט גאָר אינגיכן זען אַז די איבעריקע קינדער האָבן קײַן צוטרוי ניט צו אים. חיימל האָט געהאַט גרויסע שוועריקײַטן אין קלאַס, ווײַל וואָס די לערערין פֿלעגט פֿרעגן בײַ די קינדער, פֿלעגט ער שטענדיק קאָנען גלײַך דערציילן אַ מעשׂה וועגן דעם ענין, וואָס איז ניט געשטויגן און ניט געפֿלויגן. ווי חיים פֿלעגט אויפֿהייבן אַ האַנט, פֿלעגן די קינדער שוין וויסן אַז ער גייט דערציילן אַ מעשׂה. די איינציקע צײַט ווען חיימל האָט זיך אויסגעצייכנט איז טאַקע געווען דאַן ווען מעשׂיות זײַנען געווען אויפֿן טאָג־אָרדנונג. און זײַנע מעשׂיות האָט זיך געלוינט הערן, ווײַל האָבנדיק אַ וווּנדערבאַר אַנטוויקלטע פֿאַרשטעלונג־קראַפֿט, פֿלעגט ער קאָנען האַלטן דעם אינטערעס פֿון די קינדער אויף גאָר אַ לאַנגער צײַט. דערקענענדיק זײַנע פֿעיִקײַטן האָבן די קינדער אָנגעהויבן פֿאָדערן, אַז חיימל זאָל דערציילן אַ מעשׂה. ס'האָט לאַנג ניט גענומען און חיימל האָט געזען, אַז ווען עס קומט צו דערציילן מעשׂיות איז ער דער פֿירער פֿון קלאַס. פֿונדעסטוועגן האָבן די קינדער מיט אים ניט געוואָלט האָבן פֿיל צו טאָן. די לערערין האָט, נאַטירלעך, אים עטלעכע מאָל באַמערקט וועגן די פֿאַלשקײַטן, וואָס ער דערציילט און אים דערקלערט פֿאַרוואָס די קינדער געפֿעלט דאָס ניט. און גאָר אינגיכן האָט חיים אָנגעהויבן ווינציקער ריידן און נאַטירלעך ווינציקער ליגנס דערציילט. די קינדער האָט דאָס לאַנג ניט גענומען צו באַגרײַפֿן און גאָר באַלד האָט מען אים אַרײַנגענומען אין קאָן.

ג) דער דריטער טיפּ איז אַזאַ וואָס גאַנץ אָפֿט איז צו אים קײַן הילף ניטאָ. דאָס איז אַ טיפּ קינד וואָס דערציילט אַ ליגן פּשוט צו פֿאַרדעקן עפּעס וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. אויב עס ווערט בײַ אים אַן אײַנפֿיר אָפּצוטאָן שלעכטע זאַכן און פּרוּוון זיי שטענדיק פֿאַרדעקן מיט אַ ליגן, דאַן ווערט די לאַגע ערגער. מיט אַזעלכע קינדער מוז מען אָנווענדן כּמעט די זעלבע מיטלען וואָס מיט די ערשטע צוויי סאָרטן קינדער און מען קאָן נאָר האָפֿן, אַז עס וועט העלפֿן.

אַזוי ווי דער חשק צו דערציילן ליגנס קאָן זייער גרינג פֿירן צו אַ צווייטן און אַ גרעסערן חסרון — נעמען זאַכן, וועל איך פּרובירן איצט באַהאַנדלען דאָס פּראָבלעם. דאָס נעמען זאַכן אין קינדערגאַרטן איז כּמעט ווי אַ טאָג־טעגלעכע דערשײַנונג. קינדער פֿאַרשטייען גאַנץ אָפֿט ניט אַז זיי מוזן לאָזן די שפּילצײַג פֿון קינדערגאַרטן אין קלאַס. דאָס געפֿיל פֿון נעמען מיט זיך יעדער זאַך מיט וואָס מען שפּילט זיך, איז בײַם קינד זייער שטאַרק. און די לערערין מוז, ספּעציעל בײַם אָנפֿאַנג יאָר, שטענדיק דערמאָנען, אַז מען מוז אַלץ לאָזן אין קינדערגאַרטן, טאָמער ניט, וועט אויף מאָרגן ניט זײַן מיט וואָס זיך צו שפּילן. עס זײַנען אויך פֿאַראַן קינדער, וועלכע לייגן אַרײַן זאַכן אין זייערע קעשענעס און פֿאַרגעסן וועגן דעם. געווײנטלעך געפֿינט זיך אַ צווייט קינד, וואָס באַמערקט דאָס און מאַכט פֿון דעם אַ גאַנצן ווענזן. איך האַלט, אַז די לערערין טאָר ניט פֿאַרשעמען דאָס קינד און אים געבן צו פֿילן, אַז ער האָט עס געטאָן בכּיוון. ער דאַרף פֿילן, אַז ער האָט עס צוגענומען צײַטווײַליק און פּשוט עס פֿאַרגעסן אַרויסנעמען פֿון קעשענע. אַזעלכע פֿאַלן טרעפֿן זיך גאַנץ אָפֿט און ס'טרעפֿט זיך אויך, אַז אַ קינד ברענגט צוריק אין קינדערגאַרטן עפּעס וואָס עס האָט נעכטן על פּי טעות גענומען.

אין מײַן דערפֿאַרונג אין שול, האָט זיך נאָר איין מאָל געטראָפֿן, אַז אַ קינד האָט עפּעס צוגענומען און עס איז געווען נייטיק צו מאַכן אַ ווענזן פֿון דעם. מען האָט, נאָך פֿיל טעסטן, אויסגעפֿונען, אַז דאָס קינד איז ניט פּאַסיק צו געפֿינען זיך מיט אַנדערע קינדער פֿון זײַן עלטער, און מען האָט אים געמוזט אויסשליסן פֿון שול. אַזעלכע פֿאַלן טרעפֿן זיך גאָר זעלטן און די אַנדערע פֿאַלן, אויב מען פֿאַרהיט זיי אין צײַט אויף אַ ריכטיקן אופֿן, זײַנען זיי ניט ערנסט.

שׂרהלע איז אַן אויסערגעווײנטלעך פֿעיִק קינד. איינמאָל געהערט אַ זאַך — און עס גלײַך איבערגענומען. צו דעם אַלעמען איז זי נאָך אַזוי געלאַסן, אַזוי רויִק, אַז ס'איז אַ פֿאַרגעניגן צו האָבן זי אין קלאַס. די קינדער האָבן זי אַלע זייער ליב און יעדער נײַ קינד פֿילט, אַז שׂרהלע וועט זײַן זײַן באַשיצערין און וועט אים העלפֿן ביז ער וועט באַפֿרײַנדעט ווערן מיט אַנדערע קינדער. אַפֿילו די לערערין ווייס אַז זי קאָן פֿאַרלאָזן דעם קלאַס אויף אַ קורצער צײַט און לאָזן שׂרהלען אַכטונג געבן. געוויס איז עס דער לערערינס פֿליכט צו אַנטוויקלען די פֿעיִקײַטן פֿון פֿירערשאַפֿט וואָס שׂרהלע פֿאַרמאָגט עס איז מעגלעך צו געבן איר אַ געלעגנהײַט דאָס צו טאָן און אין דער זעלבער צײַט ניט שעדיקן די איבעריקע קינדער פֿון קלאַס און זיי ניט געבן דעם געפֿיל, אַז שׂרהלע איז מער באַליבט בײַ דער לערערין ווי די איבעריקע קינדער.

אויך שׂרהלע טאָר ניט פֿילן אַז זי האָט מער פּריווילעגיעס אין קלאַס ווי אַנדערע קינדער, ווײַל דעמאָלט וועט בײַ די קינדער ווערן פֿאַרשטאַרקט דאָס קנאה־געפֿיל. דעריבער איז ראַטזאַם צו באַווײַזן איר אַז אַנדערע קינדער זײַנען מער פֿעיִק פֿון איר. מאירל איז זייער פֿעיִק אין קאָלירן מיט קרײַד, אָבער שׂרהלע איז פֿעיִק אין אויסשערן די אַרבעט. ווען די צוויי קינדער אַרבעטער אויפֿן זעלבן פּראָיעקט צוזאַמען, פֿילן ביידע קינדער, אַז ביידע זײַנען אי פֿירער, אי אַרויסהעלפֿער, און דער רעזולטאַט און דער לויב איז אַ גלײַכער פֿאַר ביידן. ביידע האָבן געוווּנען פֿון אַזאַ אַראַנזשירונג און דער געפֿיל פֿון קאָאָפּעראַציע וועט בײַ ביידן פֿאַרשטאַרקט ווערן.

דאָך זײַנען אַזעלכע קינדער אָפֿט אַ פּראָבלעם, אָדער בעסער געזאָגט, קאָנען גרינג ווערן אַ פּראָבלעם, אויב די לערערין איז ניט איבעריקס פֿאָרזיכטיק. פֿונדעסטוועגן מעגן אַזעלכע קינדער זײַן אַ סך בײַ דער לערערין.

און איצט דאָס פּראָבלעם פֿון קינדער, וועלכע שלאָגן זיך. אין אַ קלאַס וווּ עס געפֿינען זיך זייער אַ סך ייִנגלעך איז דאָס געווײנטלעך אַ גאַנץ גרויס פּראָבלעם. פֿונדעסטוועגן קאָן דאָס גרינג באַהערשט ווערן, סײַדן אַ קינד האָט עס שטאַרק אײַנגעפֿלאַנצט אין זײַן נאַטור זיך צו טשעפּען מיט ייִנגערע און קלענערע קינדער. אַזאַ קינד איז דוד וועלכער, פֿון דעם ערשטן טאָג אָן, זינט ער האָט אָנגעפֿאַנגען גיין אין

קינדערגאַרטן, האָט ער גלייך אָנגעהויבן טשעפּען קינ־דער. און ביז הײַנט צו טאָג איז דאַכט זיך מיר ניטאָ קיין איין קינד וועמען ער האָט ניט געשלאָגן.

דוד קאָן ניט פֿאַרבײַגיין אַ קינד און אים ניט פֿאַרטשעפּען. האַלט אַ קינד אַן ארבעט אין האַנט, מוז ער עס צוכאַפּן און צערײַסן. ארבעט איינע מיט ליים, מוז דוד עס צעברעכן. מען האָט פּרובירט מיט גוטן, מען האָט פּרובירט מיט בייזן — קיין זאַך האָט ניט געהאָלפֿן. נאָר ווען דוד טוט פֿראַנטאַלע ארבעט, נאָר דאַן האָט ער קיין צײַט ניט צו טשעפּען זיך. אָבער אַפֿילו אַזאַ ארבעט, מוז ער טאָן בײַ אַ טיש אַליין. ווײַל מען איז ניט פֿאַרזיכערט, אַז ער זאָל ניט איבער־פֿירן די ארבעט פֿון קינד לעבן אים. אַזאַ קינד מוז אומבאַדינגט זיך געפֿינען אין אַ קליינער גרופּע, וווּ די לערערין קאָן זיך מיט אים אָפּגעבן צו כּמעט יעדער מינוט און זען אַז ער זאָל שטענדיק זײַן פֿאַרנומען. אין אַ גרעסערן קלאַס איז דאָס אוממעגלעך און ווי נאָר דוד בלײַבט אָן ארבעט וואָס פֿאַרינטערעסירט אים, און זײַנע הענט זײַנען פֿרײַ — איז אַ רחמנות אויפֿן קינד וואָס זיצט נאָענט צו אים.

אַזעלכע און פֿיל אַנדערע פּראָבלעמען געפֿינט מען אין קינדערגאַרטן. באַשרײַבן און דיסקוטירן אַלע פּראָבלעמען וואָלט מען באַדאַרפֿט אַ גאַנצן בוך צו־נויפֿשטעלן. עס איז אומבאַדינגט נייטיק צו קומען צום וואָרצל פֿון פּראָבלעם, איידער מען קאָן באַשליסן די פּאַסיקע לייזונג פֿאַר דעם. און גאַנץ אָפֿט איז עס נייטיק, אַז די לערערין זאָל זיך באַנוצן מיט איר איי־גענער פּסיכאָלאָגיע, כּדי צו לייזן איר פּראָבלעם. גוטע פּראָבלעמען און שלעכטע פּראָבלעמען שאַפֿן פֿאַר איר דעם אינטערעס אין איר אַרבעט, און וואָס מער קינדער — אַלץ מער פּראָבלעמען — אַלץ גרעסער דער אינ־טערעס.

צווישן אַזויפֿיל פּראָבלעמען איז פֿונדעסטוועגן אוממעגלעך אויסצולאָזן די שפּראַך־פּראָבלעם, ספּעצי־על איצט. ניט געקוקט אויף דעם וואָס די קינדער קומען אַלע פֿון ייִדישע היימען, קאָנען כּמעט נײַנציק פּראָצענט פֿון זיי ניט רײדן קיין ייִדיש. דאָס איז בײַ אונדז דאָס גרעסטע און ערגסטע פּראָבלעם. דורך די אַקטיוויטעטן פֿאַרן טאָג, גיט דער קינדערגאַרטן דעם קינד אַ געלעגנהייט :

1. קלאָר מאַכן אייגענע געדאַנקען דורך רײדן.

2. פֿאַרגרעסערן זײַן וויסן פֿון ווערטער.

3. אויסלערנען זיך ריכטיק רײדן — גראַמאַטיק, דיקציע.

4. אויסלערנען צו פֿאָרמולירן אידעעס.

5. אויסלערנען זיך צוצוהערן צו אײַנפֿאַלן פֿון אַנדערע.

6. אויסלערנען צו אָנטיילנעמען אין דיסקוסיעס מיט אַנדערע.

ס'איז ניטאָ אין קינדערגאַרטן אַ געוויסע צײַט פֿון טאָג ווען מען גיט זיך אָפּ מיט שפּראַך. אין דער טאָג־טעגלעכער ארבעט האָט דאָס קינד גענוג געלעגנהײַט פֿרײַ צו רײדן. קינדער ווערן דערמוטיקט צו דערציילן מעשׂיות, אָנטיילנעמען אין קאָלעקטיווע שפּילן און דיסקוסיעס, אויסטראַכטן מעשׂיות, דראַמאַטיזירן, דער־קלערן בילדער און צוטראַכטן לידעלעך, פּאָעמעס און פֿראַגן.

ס'איז די אויפֿגאַבע פֿון דער לערערין גיט צו פֿאַרקינדערשן איר שפּראַך ווען זי רעדט צו די קינדער. נאָר, בעסער, פּרובירן רײדן ווי געוויינטלעך, נוצנדיק פֿאַרשיידענע אידיאָמען און ווערטלעך, און אַזוי געבן דעם קינד די מעגלעכקײַט צו פֿאַרברייטערן זײַן שפּראַך

די שוועריקײַט בײַ אונדז אין קינדערגאַרטן איז אָבער אַ דאָפּלטע, ווײַל אַ חוץ דעם וואָס דאָס קינד דאַרף פֿאַרברייטערן זײַן שפּראַך, דאַרף ער זיך צום אַלעם ערשטן אויסלערנען אַ נײַע שפּראַך. די קינדער זײַנען צעטיילט אין דרײַ גרופּן :

1. קינדער וואָס קאָנען אַ ביסל רײדן און פֿאַר־שטיין ייִדיש.

2. קינדער וואָס קאָנען נאָר פֿאַרשטיין ייִדיש.

3. קינדער צו וועמען די שפּראַך איז אַ שפּאָגל־נײַע.

דאָס פּראָבלעם איז נאָך גרעסער אויך דער־פֿאַר, וואָס ווען דאָס קינד קומט אַהיים, רעדט מען מיט אים ניט קיין ייִדיש, און דאָס ביסעלע וואָס ער האָט זיך אויסגעלערנט, ווערט ניט גענוצט און קאָן שנעל פֿאַרגעסן ווערן.





טאָג־שול לגראדויר קלאַס — 1944

ערשטע שורה זיצנדיק (פון רעכטס צו לינקס) : בתיה פײַערמאַן, יהודית פעלדמאַן.
צווייטע שורה, זיצנדיק : מרדכי טולטשינסקי, הדסה ליס, י. קריינים (לערער), דבורה גארנשטיין, זאוול פעלדמאַן.
דריטע שורה, שטייענדיק : הלל באראדיצקי, מאיר סלאַנים, פערל ארטנשטיין, מיכל נאטאנזאָן, איציק שאַין.

# די ייִדישע טאג-שול

די גרינדער און טוער פון י. ל. פרץ־שול אין וויניפעג האבן נאך מיט א סך יארן צוריק, פארשטאנען דעם אמת, אז כדי אין קינד זאלן זיך צוואקסן און אנטוויקלען אלע זיינע גייסטיקע כּוחות און פעיקייטן, מוז מען אים דערציִען אין זיין פאלקס קולטור. דער אמת איז באקאנט אלע פעלקער אין דער וועלט און אלע פעלקער זשאלעווען ניט קיין קרבּנות פאר דעם דערציִען זייערע קינדער אין זייער קולטור. צווישן ייִדן אין אמעריקע האבן דאס פארשטאנען א קלענערע צאל עלטערן וואס האבן אויסגעבויט די י. ל. פרץ טאג־שול און האלטן זי אויף ביז איצט.

דאס רוב ייִדן מיינען תמיד, אז גוט און שיין איז דאס, וואס עס איז ניט־ייִדיש. דעריבער זיינען ייִדישע שולן פאראן אזוי ווייניק.

באמת ווערן טאקע אָט די עלטערן פון טאג־שול קינדער באלוינט: ערשטנס, פארשפארן זייערע קינדער צו לערנען אין אוונט; צווייטנס, באקומען זייערע קינדער אין דער זעלביקער צייט ניט נאר מער ייִדישן וויסן און קולטור, נאר אויך אלגעמיין וויסן אין ענגליש באקומען זיי מערער, זיי קענען עס בעסער אויפנעמען און פארדייען.

דאס איז איצט באוויזן געווארן אין א וויסנשאפטלעכן טעסט, וואס עס האט דורכגעפירט די י. ל. פרץ־שול אין וויניפעג דעם ווינטער. מיר האבן גענומען די קינדער פון זעקסטן קלאס טאג־שול און פון דעם זעלביקן עלטער קינדער וואס באקומען זייער גאנצע קולטור אין פובליק־סקול.

מיר האבן געגעבן איין און דעם זעלביקן עקזאמען אין ענגליש דורך דעם זעלביקן לערער (פריילין ע. לאנדי), אין דער זעלביקער צייט פון טאג. אפשאצן די ענטפערס און שטעלן מיינונגען האבן מיר איבערגעגעבן צו פרוי שיבא, וואס איז א געניטע הייסקול לערערין, קען פערזענלעך קיינעם פון די קינדער ניט. זי האט זיך באצויגן צו איר אויפגאבע זייער אביעקטיוו און ערנסט. און אָט זיינען אייניקע רעזולטאטן:

| פראגעס | דורכשניטלעכער ווערט פון די ענטפערס: טאג־שול | פובליק־סקול |
|---|---|---|
| 1. מאטעמאטיק ________ | 96 | 64 |
| 2. וועגן בעסטע געלייענטע ביכער __________ | 88 | 74 |
| 3. אינטערעס צו געאגראפיע און רייזעס _____ | 69 | 55 |
| 4. אפשאצונג פון וועלט־לאגע | 66 | 59 |
| 5. מיינונג וועגן ייִדישן לעבן | 57 | 46 |
| 6. פערזענלעכע אידעאלן __ | 76 | 61 |
| 7. אינטערעסן און נייגונגען | 68 | 62 |
| 8. סימפאטיעס ________ | 66 | 75 |
| 9. גרויסע מענער ________ | 66 | 31 |
| 10. קאנטראסטן אין ענגלישער שפראך ______ | 52 | 36 |
| 11. סינאנימען אין ענגליש _ | 40 | 22.5 |
| 12. צו איינציקע ווערטער צוגעגעבן זאצן ______ | 96 | 80 |

(10, 11 און 12—באהערשונג פון ענגלישער שפראך)

דער אלגעמיינער דורכשניט פון די ענטפערס איז געווען:

אין טאג־שול — 70%.

אין פובליק סקול — 57.4/9%.

אידעאלן און שטרעבונגען זיינען ביי קינדער פון אוונט שול אנגערופן געווארן 15, פון ייִדישער שול 18.

אין ענגלישער שול 1 ניט־עגאאיסטישער אידעאל פון 18 ענטפערס; אין ייִדישער שול, 11 אלטרואיסטישע אויף 16 קינדער. אינטערעס צו לענדער — אין דער ייִדישער שול אנגערופן 24 לענדער; פון דער ענגלישער שול — 14 לענדער.

ווען עס זיינען באקאנט געווארן די רעזולטאטן, האבן אייניקע פון אונדזערע טוער גענומען ספקן טאמער איז דער טעסט ניט גענוג וויסנשאפטלעך. א טייל קינדער זיינען אין פובליק סקול אין נידעריקערע קלאסן; אונדזער זעקסטער קלאס טאג־שול, האט מען געטענהט, איז בכלל העכער פון דער נארמע און מען קען אים ניט פארגלייכן מיט אנדערע קינדער פון זעלביקן עלטער. מען האט געמיינט, אז צופעליק זיינען ביי אונדז אין זעקסטן קלאס בעסערע קינדער און ניט פארקערט, אז זיי זיינען בעסערע, ווייל זיי לערנען אין א ייִדישער שול.

כדי דאס צו קאנטראלירן, האבן מיר דורכגעפירט א צווייטן עקזאמען אויף אן ענלעכן אופן, אין א צווייטער פאר קלאסן מיט ייִנגערע קינדער. ווידער אמאל האבן מיר צוזאמענגעשטעלט א צעטל פראגעס. איין לערער האט געשריבן די זעלביקע אויפגאבעס אויפן טאוול פאר ביידע גרופעס.

די ארבעטן האט אויך קאנטראלירט פריינדלעך די פרוי ס. שיבא. די גאנצע צייט, וואס די ארבעטן זיינען געווען ביי איר, האבן מיר צו איר ניט גערעדט אין טעלעפאן אפילו, כדי אויסצומיידן וואסער עס איז צופעליקע השפעה מיט א ווארט אמאל.

און די רעזולטאטן זיינען דא געווען נאך מער איבערראשנדיק. דער דורכשניטלעכער ענטפער אויף אלע פראגעס איז אויסגעפאלן אין טאג־שול קלאס — 83.45%, און פאר די פובליק סקול קינדער—71.26%.

די אפשאצעריז שרייבט:

„טאג שול: די שפראך איז אויסגעצייכנט פאר א 4טן קלאס. די בויגנס זיינען ריין. יעדער קינד האט פארשטאנען די צעטיילונג פון די פראגעס. דאס שרייבן איז גוט, — אויסלייג (ספעלינג) — העכער פונם דורכשניט.

„אין באזונדערע פונקטן, ווי ענגליש, אויסלייג, האנטשריפט, בוי פון זאץ — האט יעדער קינד זיך אויסגעצייכנט אזוי גוט, אויב ניט בעסער, ווי די בעסטע פון די פובליק־סקול קינדער.

"אין דער אכטער פראגע (פארוואס טאר מען ניט גנב'ענען?), האבן קינדער פון טאג־שול מער גענומען אין אכט די עטיק איידער די שטראף. עס זיינען געווען אויסגעצייכנטע ענטפערס אויף דער פראגע 4 (ווען דו וואלסט געהאט א כישוף רינגעלע, וואס וואלסטו געטאן מיט אים?). זיי באווייזן, אז די קינדער באקומען א עטישע דערציונג.

"די בויגנס זיינען אלע געווען אויסגעצייכנט. די שילער זיינען געוווינט צו טראכטן און זיי האבן בעסערע באגריפן, וואס מען האט פארלאנגט פון זיי איידער די פון דער אנדערער גרופע. עס איז אבער זייער שווער צו קומען צו א גענויען באשלוס, ווייל עס זיינען בלויז געווען 11 קאנטעסטאנטן אין דער גרופע, און 26 אין דער צווייטער.

"פובליק שול: די ערשטע העלפט פון די שילער האבן זיך פיין אויסגעצייכנט און עס זיינען געווען אייניקע אויסגעצייכנטע רעזולטאטן. די איבעריקע זיינען געווען באפרידיקנד, און אייניקע שוואך. די דורכשניטלעכע ארבעט איז ניט געווען אזוי ריין ווי די ארבעט פון דער ערשטער גרופע (טאג־שול). א צאל תלמידים האבן באוויזן, אז זיי נייטיקן זיך אין מער אינדיווידועלן אויפזיכט אין סקול (כמעט אן אוממעגלעכקייט אין דער פובליק סקול).

"צופיל קינדער פון דער גרופע האבן געענטפערט אויף דער פערטער פראגע מיט א עגאיסטישן מאטיוו".

אינטערעסאנט ווידער: קינדער פון פארשיידענע פובליק סקולס אין שטאט שיידן זיך ניט אונטער צווישן זיך. אלע שיידן זיך געמיינזאם אונטער פון די טאג־שול קינדער. פון דעם איז קלאר: די יידישע טאג־שול איז פאר יידישע קינדער די בעסטע שול ניט נאר דערפאר ווייל זי לערנט אויס די קינדער מער יידיש. זי אנטוויקלט בעסער די קינדער, זי קען זיי מאכן קולטורעלער, בעסער, מענטשישער, עטישער.

פאר מענטשן וואס גיבן זיך אפ מיט די פראגעס איז די זאך ניט ניי. קולטור־מענטשן און וויסנשאפטלער פון אלע פעלקער ווייסן עס שוין פון לאנג.



## פון א בריוו פון א שול־אינספעקטאר

נאך דעם ווי ער רופט אן אלע ענגליש־לערערינס און רעכנט אויס זייערע קוואליפיקאציעס שרייבט ער וועגן די תלמידים:

". . . לויט ווי מיין אונטערזוכונג ווייזט ווערן אין שול דורכגענומען אלע לימודים פון פראגראם און די תלמידים פראגרעסירן זייער דערפאלגרייך. זיי דריקן זיך אויס זייער גוט אין ענגליש און פון קלאס צוויי אן און העכער איז פאראן זייער ווייניק סימנים פון אקצענט אין זייער רייד. די תלמידים ווייזן אויך ארויס א גוט וויסן פון אלע אנדערע לימודים ניט געקוקט אויף דעם פאקט וואס ענגליש ווערט געלערנט בלויז א העלפט פון דעם שול־טאג. מען קען דערקלערן די גוטע רעזולטאטן פון לערנען מיט דעם וואס די קינדער, וואס לערנען אין פריי שול, זיינען פון פעיקסטע יידישע קינדער. די וואס ווייזן ניט ארויס קיין פעיקייטן פארלאזן די שול נאכן ערשטן יאר און גייען אריבער אין די עפנטלעכע שולן.

"צום סוף מעג איך זאגן אז דער פראגרעס פון די תלמידים אין זייער ארבעט איז זייער באפרידיקט אין פארגלייך מיט די פון אנדערע שולן וואס איך האב וויזיטירט".

". . . My inspection of the school and pupils would indicate that all the work of the Programme of Studies is being taught and that pupils are making very favorable progress. They express themselves very well in the English language and from Grade II up there is very little trace of accent in their speech. A good knowledge of the other subjects is also shown by the pupils, despite the fact that instruction in English is given only for half of the school day. The good results obtained might be explained by the fact that the pupils who attend this school are among the brighter of the Jewish children. Those who do not show ability withdraw after the first grade and attend public schools.

"In conclusion I might say that the progress of the pupils and their work is quite satisfactory and compares well with that of other schools I have visited.

(Signed) C. J. MULLER."



מיטלשול גראַדויִר קלאַס — 1944

ערשטע שורה, זיצנדיק (פֿון רעכטס צו לינקס): זיסל פֿעלדמאַן, רחל פּערלמאַן, מרים זעלטשען, טעמע בייגל, לעני פּערלמאַן,ביילע ליטוואַק.
צווייטע שורה, שטייען: חנה קאַזאַק, נחום פּערלמאַן, פֿייגל גארעליק, ראובן פּאָליַנסקי, ראַזע וואָלאָדאַרסקי, אהרן פֿרידמאַן, ליבע מייעראַוויטש.

● מ. קאַנטאָר

# זאָלן צאָלן זאָגן

מיט די קורצע דערקלערונגען צו די טאַבעלעס ווייל איך פשוט באַמיען זיך צו מאַכן פאַרן לייענער גרינגער צו זען דאָס, וואָס ציפערן דאַרפן לערנען.

טאַבעלע 1

**אַנטוויקלונג פון שול לויט יאָרן**

| | צאָל קינדער | | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | קינדער גאַרטן | טאָג שול | אוונט שול | מיטל־שול און העברעא׳ קורסן | צפון אַפטייל | נייער ק״צ דרום שטאָט | ס״ה |
| 1934-5 | 60 | 109 | 241 | 44 | .... | .... | 454 |
| 1935-6 | 62 | 100 | 234 | 56 | .... | .... | 452 |
| 1936-7 | 67 | 82 | 196 | 56 | .... | .... | 401 |
| 1937-8 | 53 | 85 | 201 | 71 | .... | .... | 413 |
| *1938-9 | 63 | 72 | 223 | 72 | .... | .... | 430 |
| 1939-40 | 50 | 89 | 204 | 64 | .... | .... | 407 |
| 1940-1 | 72 | 96 | 218 | 54 | .... | .... | 440 |
| ‖1941-2 | 67 | 99 | 207 | 50 | 41 | .... | 464 |
| §1942-3 | 56 | 117 | 157 | 46 | 69 | .... | 445 |
| 1943-4 | 50 | 121 | 147 | 36 | 91 | 8 | 453 |

* געעפנט 6טן קלאַס טאָג־שול.
‖ געעפנט צפון אַפטיילונג.
§ געעפנט 7טן קלאַס טאָג־שול.

הייבן מיר אָן מיט טאַבעלע נו. 1 און באַקענען זיך מיטן אָנהויב און וווּקס פון דער שול*) מיר זעען ווי ברייט און טיף די שול האָט זיך צעצווייגט און איינגעוואָרצלט: פון 17 קינדער, אין 1914, ביז 567 אין 1929. פון יענעם יאָר הייבט די צאָל אָן צו פאַלן.

פרוון מיר אויף אַ ווײַלע זיך אָפּשטעלן און זוכן די סיבות, געפינען מיר, אַז אין דער אמתן איז די צאָל ניט געפאַלן, נאָר געשטיגן. מיר האָבן היינט צו טאָג 453 קינדער — 114 פעלן אונדז. אָבער נעמען מיר אין אַכט, אַז די פאָלקס שול, וואָס האָט זיך אָפּגעשפּאָלטן פון פּרץ־שול, איז אויך אונדזערע, דאַן איז די צאָל געשטיגן איבער אַלע רעקאָרדס. ניט געקוקט דערויף, וואָס אין די רעגירונגס־שולן זײַנען אָפּגעפאַלן קינדער, פשוט דערפאַר, וואָס דער נאַטירלעכער צו־וווּקס פאַלט פון יאָר צו יאָר. זאָל עס דינען ווי דער־מוטיקונג פאַר די סקעפּטיקער, פּעסימיסטן און קריטי־קער.

קוקן מיר זיך צו צו די באַזונדערע אָפּטיילונגען,

באַמערקן מיר, ווי די ייִדישע באַפעלקערונג אין וויני־פּעג וואַנדערט איבער — געאָגראַפיש — ווײַטער און ווײַטער צו צפון, און—גײַסטיק—פון אוונט־שול צום קינדערגאַרטן און טאָג־שול. זאָל דאָ אונטערגעשטראָכן

טאַבעלע 2

**פּראָצענט יינגלעך־מיידלעך**

| | 1930-31 | | | | | 1934 | | | | | 1944 | | | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | צאָל קינדער | יינגלעך | פּראָצענט | מיידלעך | פּראָצענט | צאָל קינדער | יינגלעך | פּראָצענט | מיידלעך | פּראָצענט | צאָל קינדער | יינגלעך | פּראָצענט | מיידלעך | פּראָצענט |
| קינדערגאַרטן | 66 | 30 | 45 | 36 | 55 | 82 | 38 | 46.3 | 44 | 53.7 | 81 | 45 | 56% | 36 | 44% |
| טאָג־שול | 84 | 39 | 46 | 45 | 54 | 110 | 47 | 42.8 | 63 | 57.2 | 139 | 63 | 46% | 76 | 54% |
| אוונט־שול | 329 | 112 | 34 | 217 | 66 | 258 | 86 | 33.3 | 172 | 66.6 | 182 | 66 | 36% | 121 | 64% |
| מיטל־שול און העברעאישע קורסן | 48 | 26 | 54 | 22 | 46 | 42 | 22 | 52.4 | 20 | 47.6 | 38 | 14 | 37% | 24 | 63% |
| ס״ה | 527 | 207 | 39.2 | 320 | 60.7 | 492 | 193 | 43.7 | 299 | 56.3 | *445 | 188 | 43% | 257 | 57% |

* אָן דעם נייעם קלאַס אין דרום פון שטאָט.

*) די סטאַטיסטיק פאַר די ערשטע 20 יאָר איז געגעבן אין דעם צוואַנציק יאָריקן יובל־בוך.

ווערן די סכּנה פֿון מאַנגל אין לערער. ווען ניט אַט דער מאַנגל, וואָלט די פּרץ־שול הײַ־יאָר געהאַט אַן אַכטן קלאַס אין טאָג־שול און אַ גרעסערע צאָל קינדער אין בײדע קינדער גערטנער און אין דער צפֿון אָפּטײלונג.

טאַבעלע 2, וועגן פּראָצענט ייִנגלעך און מײדלעך, ווײַזט אַז די פֿאַרהעלטעניש אין שול שטימט כּמעט מיט דער פֿאַרהעלטעניש אין באַפֿעלקערונג. און אַזוי דאַרף עס זײַן נאָרמאַל.

טאַבעלע 3

**ווי לאַנג אין שול**

| | ס"ה | מיטל־שול און העכערע קורסן | אוונט־שול | טאָג־שול | קינדערגאָרטן |
|---|---|---|---|---|---|
| 1 יאָר | 110 | | 44 | 13 | 53 |
| 2 יאָר | 81 | | 38 | 15 | 28 |
| 3 יאָר | 57 | | 31 | 26 | |
| 4 יאָר | 42 | 1 | 17 | 24 | |
| 5 יאָר | 33 | 1 | 13 | 19 | |
| 6 יאָר | 30 | 1 | 14 | 15 | |
| 7 יאָר | 15 | 1 | 6 | 8 | |
| 8 יאָר | 22 | | 8 | 14 | |
| 9 יאָר | 24 | 3 | 16 | 5 | |
| 10 יאָר | 8 | 8 | | | |
| 11 יאָר | 6 | 6 | | | |
| מער פֿון 11 | 17 | 17 | | | |

אין זײַן אַנאַליז פֿון טאַבעלעס 2 און 3, שרײַבט חבֿר זיפּער, אין יובֿל־בוך "צוואַנציק יאָר":

"די צוויי טאַבעלעס שטרײַכן אונטער דעם פֿאַקט וועגן דער ניט גלײַכער פּראָפּאָרציע פֿון ייִנגלעך און מײדלעך אין אונדזערע שולן. ס'איז אָבער זײער אינטערעסאַנט, אַז בײדע טאַבעלעס ווײַזן אויף אַ גרעסערן פּראָצענט ייִנגלעך אין די מיטל־שולן.

"ס'איז ביז גאָר אַ פֿרײדיקע דערשײַנונג, וואָס איבער 80% פּראָצענט פֿון די קינדער האָבן אָנגעהויבן לערנען בײַ אונדז. דער פֿאַקט, וואָס אַ באַדײַטנדיקער פּראָצענט פֿון די קינדער לערנט אין שול איבער 5 יאָר, איז אַ גאַנץ זיכערער באַווײַז פֿון דער פֿאַראַנטוואָרטלעכקײט פֿון דער שול און דעם צוטרוי, וואָס זי האָט זיך דערוואָרבן בײַ אַ גרויסער צאָל עלטערן".

פֿאַר די לעצטע 10 יאָר איז די צאָל קינדער אין טאָג־שול פֿאַרגרעסערט געוואָרן. בנוגע דעם פּראָצענט פֿון ייִנגלעך לײַדן מיר און אַלע דערציִונגס אַנשטאַלטן, אײַנשליסנדיק די תּלמוד תּורה, פֿון דער "בר־מצווה גרענעץ".

ווען מיר זעען אַז אין שול זײַנען פֿאַראַן 77 קינדער, וואָס לערנען מער ווי 8 יאָר — דאָס איז מער ווי 15% — באַגרײַפֿן מיר אַז די פּרץ־שול קען ניט און טאָר ניט באַנוגענען זיך מיט די טראַפֿאַרעט־צילן פֿון די ייִדישע שולן אין אַמעריקע: "רײדן, שרײַבן און לײענען". די פּרץ־שול מוז זיך שטעלן פֿאַר איר ציל — האָדעווען ייִדישע אינטעליגענטן, וואָס האָבן זײער אינטעליגענץ געקראָגן אין ייִדיש, אויף ייִדישן מאַטעריאַל.

לײדער, לײדער, טרעפֿן מיר נאָך הײַנט אין אונדזער "ירושלים דקאַנאַדע" עלטערן, וואָס דערמאָנען זיך, אַז זײער ייִנגל איז אַ ייִד, ווען דער ייִנגל ווערט אַרום 12 יאָר אַלט. דאַן גיט מען אים אַוועק צו אַ בי. עם. טי. (בר־מצווה טיטשער), מען לערנט אים אויס אַ "ספּיטש" מיט אַ מפֿטיר, און מען האָט שוין אַ געלעגנהײַט צו פּראַווען אַ באַנקעטל אַפֿילו אין "ראָיאַל אַלעק". וואָס פֿאַר אַ ייִד אַזאַ בר־מצווה בחור וועט אויסוואַקסן איז קלאָר פֿאַר יעדן בר־דעת.

אָבער אַפֿילו די עלטערן, וואָס גיבן יאָ זײערע קינדער אַ ייִדישע דערציִונג נעמען גאַנץ אָפֿט אַן דעם "בר־מצווה גרענעץ". די זעלביקע עלטערן וואָלט אַפֿילו ניט אײַנגעפֿאַלן אַרויסצונעמען זײערע קינדער פֿון פּובליק סקול, ווו זײ געפֿינען זיך אין דעם עלטער, דווקא אַט די פּובליק סקול גיבן אַן די עלטערן פֿאַר אַ תּירוץ פֿאַר דעם בר־מצווה ייִנגל: "מײַן קינד גײט אין אַ העכערן קלאַס אין סקול און האָט שוין קײן צײַט ניט פֿאַר ייִדיש". בײַ אַ לערער וואָס דערהערט אַט די ווערטער, ווערט דאָס האַרץ פֿאַרקלעמט און דאָס פּנים רויט פֿון כּעס און בושה. איך באַטאָן און חזר איבער, אַז פֿון דער צרה לײַדן אַלע אונדזערע דערציִונגס אַנשטאַלטן אָן אויסנאַם.

טאַבעלע נו. 4

טאָג־שול קינדער אין מיטל־שול

| צאָל קינדער | טאָג־שול קינדער | פּראָצ. |
|---|---|---|
| 36 | 32 | 89% |

איז טאַקע דערפֿאַר פֿאַר אונדז באַזונדערס וויכטיק די טאַבעלע נומער 4 וואָס ווײַזט, אַז 89% פֿון די תּלמידים פֿון מיטל־שול און העכערע קורסן קומען פֿון טאָג שול. דאָס איז, אַגבֿ, גאַנץ נאַטירלעך: עלטערן און קינדער, וואָס האָבן אַן אינטערעס אין אַ טאָג־שול, אָנערקענען שוין במילא ניט קײן "בר־מצווה גרענעץ".

טאַבעלע נו. 5

גבורט־פּלאַץ פֿון קינדער

| | 1931 | | 1934 | | 1944 | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| ווו געבוירן | צאָל | פּראָצ' | צאָל | פּראָצ' | צאָל | פּראָצ' |
| קאַנאַדע | 447 | 83% | 425 | 87% | 442 | כּמעט 100% |
| אײראָפּע א"א | 91 | 17% | 67 | 13% | 3 | כּמעט קײנער |

טאַבעלע נו. 6

עלטערן קומען פון

| | אייראָפּע | קאַנאַדע | % הי־געבוירענע |
|---|---|---|---|
| 1934 __________ | 337 | 12 | ארום 4% |
| 1944 __________ | 371 | 74 | 20% |

טאַבעלעס נו. 5 און 6 דערציילן אונדז שוין קיין נייעס ניט: מיר האָבן היינט גיט קיין אימיגראַנטישע קינדער און דער פּראָצענט פון הי־געבוירענע עלטערן וואַקסט. דערפון קומט דער שול אויס צו ליידן באַזונדערס שווער: די אימיגראַנטישע "זיידעס" זיינען עלטער, מידער און האָבן שוין ניט קיין קינדער אין שול עלטער. די הי־געבוירענע טאַטעס האָבן ניט די באַציונג, וואָס די זיידעס האָבן געהאַט.

ווילן מיר אָבער לייענען דאָס בריוול אַנדערש, קומען מיר צו פּונקט פאַרקערטע שלוסן: דער פאַקט, וואָס דער פּראָצענט פון הי־געבוירענע עלטערן וואַקסט און די צאָל פון טאָג־שול קינדער וואַקסט אויך, איז באַרוייַגנט אונדז, אַז מיטן אָפּשטעל פון אימיגראַציע, האָט זיך דער שטראָם קינדער אין שול ניט אָפּגעשטעלט. הי־געבוירענע עלטערן געטרויען אונדז אַפילו די ענגלישע דערציִונג פון זייערע קינדער. מיר האָבן שוין אין קינדערגאָרטן און אין די יינגערע קלאַסן אַ גרויסע צאָל קינדער וואָס זייערע עלטערן זיינען אַליין געווען תּלמידים פון שול. איך וויל גלייכצייטיק זיך אַליין און קיינעם ניט איינרעדן קיין פייגעלעך אין בוזעם: אונדזער הויפּט־געפאַר ליגט, ווי אויבן דערמאָנט, אין מאַנגל פון לערער און טוער. אויף דעם געביט האָב איך ליידער ניט קיין דערפרייענדיקע ציפערן.

טאַבעלע נו. 7

שפּראַך אין דער היים

| | יידיש | ענגליש־יידיש | ענגליש |
|---|---|---|---|
| 1934 _______________ | 272 | 63 | 14 |
| 1944 _______________ | 92 | 327 | 26 |

אין פּראָצענטן מאַכט עס אויס:

| | יידיש | ענגליש־יידיש | ענגליש |
|---|---|---|---|
| 1934 _______________ | 78% | 18% | 4% |
| 1944 _______________ | 12% | 74% | 5% |

דאַרפן מיר דערפאַר זיך ערנסט פאַרטראַכטן וועגן טאַבעלע נו. 7. די שפּראַך אין דער היים ווערט מער און מער פאַרענגלישט. די ציפערן באַהאַלטן פון אונדז פאַלגנדיקן אינטערעסאַנטן פאַקט: אין דער צייט ווען אימיגראַנטישע מאַמעס פלעגן ביי זייערע הי־געבוירענע קינדער זיך לערנען ענגליש, זיינען אונדז היינט באַקאַנט אַ סך פאַלן, ווו די הי־געבוירענע עלטערן לערנען זיך יידיש ביי זייערע קינדער, וואָס לערנען אין שול און אַפילו אין קינדערגאָרטן. אין אַן אַרטיקל פון אַזאַ כאַראַקטער קען איך זיך ניט אָפּשטעלן ברייטער אויף דער וויכטיקייט פון יידיש אַלס פאַקטאָר פון נאַציאָנאַלער דיסציפּלין. מיר, אימיגראַנטישע טאַטעס און זיידעס, זינדיקן אַליין זייער שטאַרק אויף דעם געביט. זאָלן אַט די שורות אונדז דערמאָנען אַז אונדזער נאַציאָנאַלער אחריות צו אונדזער מאַמע־לשון.

אָבער אַלע טאַבעלעס צוזאַמען ברענגען דאָך ניט אַרויס דעם עיקר:

פּריינט און שונאים, איינענע און פרעמדע. עגטערן, שול טוער און לערער, אַלע, אַז אויסנאַם, קומען מיט דער זעלביקער פראַגע: ווו זיינען די רעזולטאַטן פאַר די 30 יאָר? ווו איז דער דור, וואָס די שול האָט אַרויסגעגעבן? וויפל פון גראַדויִרטע זיינען אַ קרעדיט פאַר דער פּרץ־שול?

קענען און מעגן מיר אָנווייזן אויף אַט דער רשימה:

אונדזער שול האָט דערצויגן פאַלגנדיקע לערער:

| | |
|---|---|
| ב. זאַרעצקי | א. כאַזאַנאָוו |
| י. סטיין | ע. מילער |
| כ. ווינאַקור | ל. ווינאַקור |
| ח. סירקין | א. יודאָוויטש |
| ב. רויטמאַן | א. צוועט |
| ש. באַראַדיצקי | פּ. קושנעראָוו |
| ס. פריידין | ט. סמיט |
| ה. פּאַדאָלסקי | חנה בראָנשטיין |

הלוואי וואָלטן אונדזערע לערער־סעמינאַרן געקענט זיך באַרימען מיט אַזעלכע ציפערן. אָבער עס גייט אונדז ניט אין באַרימען זיך. מיר, לערער און טוער, זיינען די לעצטע זיך אַליין צו קניפּן אין בעקל פאַר אונדזערע דערגרייכונגען. מיר זיינען אָבער ניט מחויב שטענדיק פייניקן זיך פון ספקות.

עס איז ניט מעגלעך צו מעסטן דורך דיאַגראַמעס און טאַבעלעס קערנדלעך, וואָס ווערן איינגעפלאַנצט אין הערצער און מוחות. מיר האָבן אַפילו ניט קיין מעגלעכקייטן אַנצוצייכענען דעם וואוקס פון ידיעות אין און אויסערן פּראָגראַם.

בלויז אַ פאַכמאַן קען אָפּמעסטן דעם מהלך פון אַ פּראָגראַם פאַר אַ שול אין 1914 און אין 1944. מען דאַרף אָבער ניט זיין קיין פאַכמאַן צו פאַרשטיין דעם אונטערשייד. אין 1914 זיינען ניט געווען קיין קוואַליפיצירטע, דערפאַרענע לערער אָדער טוער, קיין פּעדאַגאָגישע זשורנאַלן, "פון קוואַל" פאַרלאַגן און, דער עיקר, קיין זיכערקייט אין דער שול איז ניט געווען אַפילו ביי די נאָענטסטע. מיר זיינען די גאַנצע צייט געגאַנגען און גייען טאָקע וואָס אַמאָל נעענטער צום קוואַל. דאָס טוט, אַגב, ניט בלויז די פּרץ־שול און ניט בלויז די יידיש־וועלטלעכע שול. אויך אין די בעסערע תּלמוד תּורות איז מען געקומען צו דער איבערצייגונג אַז "כלב על השולחן" און "חתול תחת הכסא" זיינען ווייט־ווייט פון "קוואַל". מיר האָבן אָבער שטענדיק אין זינען דעם "מעין המתגבר". אַ "מעין" איז בלויז דאַן פריש און קלאָר, ווען ער איז "מתגבר", ווען ער נעמט אַריין פרישע שטראָמען. אויב ניט, ווערט ער ביסלעכווייז אויסגעטריקנט. פון דעם שטאַנדפּונקט, קענען מיר אַפילו דעם גרעסטן סקעפּטיקער באַווייזן די אויפטוען פון די 30 יאָר. לויט מיין מיינונג, זיינען זיי געווען פון די פּראָדוקטיווסטע אין דער יידישער דערציִונג אין אַמעריקע.

ליידער איז פאַר אונדז אויך ניט מעגלעך געווען צו קריגן ציפערן בנוגע דער צאָל געוועזענע תּלמידים, וואָס געפינען זיך אין דירעקטן קאַמף קעגן אונדזער בלוטיקסטן שונא. אַזעלכע ציפערן זיינען אפשר ניט נייטיק, ווייל דאָס איז ניט דווקא קיין פּרץ־שול פאַרדינסט. ציפערן וואָלטן געקענט באַווייזן אַז די פּרץ־

שול יונגנטלעכע פֿאַרגעמען מער קוואַליפֿיצירטע און העכערע פּאָזיציעס אין דער אַרמיי, אָבער אויך דאָס זײַנען מיר איצט ניט אויסן. מיר ווילן בלויז דורך די שורות שיקן אונדזערע האַרציקסטע גרוסן און גליקווונטשן צו אַלע, וואָס זײַנען אונדז אַזוי נאָנט, אויב אַפֿילו זיי זײַנען ווײַט אין שטח.

פֿון דער פֿינצטערער נאַכט אין וועלכער מיר זײַנען פֿאַרזונקען לײַכטן פֿאַר מיר די שורות פֿון דעם אומשטערבלעכן י. ל. פּרץ, וועמעס נאָמען אונדזער שול טראָגט :

"הערט ווער ס'האָט אויערן
"זײַן ליבער נאָמען וואַכט
"בלייך און בלייכער ווערט די נאַכט,
"ס'ווערט אַ נײַער טאָג געבוירן!"

## הכנסה און הוצאה פֿון דער י. ל. פּרץ שול פֿאַר די לעצטע פֿיר יאָר צײַט *)

הכנסה : —

| | 1940-1 | 1941-2 | 1942-3 | ‖1943-4 |
|---|---|---|---|---|
| שכר לימוד | $ 7.098.35 | $ 7.691.00 | $ 8.800.25 | $ 9.100.00 |
| וועלפֿער פֿאָנד | 5.256.81 | 5.551.30 | 6.350.00 | 7.000.00 |
| דירה געלט | 1.079.79 | 1.088.50 | 1.031.25 | 1.100.00 |
| מיטגלידערשאַפֿט | 75.00 | 60.00 | 35.00 | ---------- |
| יובל בוך | ---------- | ---------- | ---------- | 2.500.00 |
| סך הכל | $13.509.95 | $14.390.80 | $16.216.50 | $19.700.00 |

הוצאה : —

| | 1940-1 | 1941-2 | 1942-3 | ‖1943-4 |
|---|---|---|---|---|
| געהאַלטן | $12.516.11 | $13.475.58 | $16.031.48 | $17.095.00 |
| באַהייצונג, באַלײַכטונג, טעלעפֿאָן, וואַסער און רעמאָנט | 1.017.76 | 1.147.85 | 1.191.67 | 1.195.00 |
| דירה געלט און פֿאַרשיידענעס | 976.19 | 1.464.80 | 1.943.70 | §1.675.00 |
| הויז, שול און אַפּים מכשירים | 336.85 | 456.59 | 446.88 | 450.00 |
| פּראָצענט, אינשורענס, דרוק, אַדוועָרטייזינג, פּאָסט, פּאַפּיר און אַנדערע | 394.12 | 502.76 | 612.39 | 640.00 |
| סך הכל | $15.241.03 | $17.047.58 | $20.226.12 | $21.055.00 |

*) אין די בודזשעטן גייט ניט אַרײַן די צפֿון אַפּטיילונג לגמרי. די אַפּטיילונג האַלט זיך אויס אַז דעפֿיציטן, פֿון שכר לימוד און פֿון גאָר קליינע אונטערנעמונגען פֿון עלטערן קאָמיטעט.

‖ די צאָלן פֿאַרן לויפֿיקן יאָר זײַנען לויטן בודזשעט. ניט די פֿאַקטישע.

§ בײַ דער פּרץ שול עקזיסטירט אַן אויטאָנאָמער י. ל. פּרץ אינסטיטוט", וואָס דעקט דעפֿיציטן, מאַכט רעמאָנטן. צו אים געהערט די שול־געבײַדע און די שול צאָלט אים דירה־געלט.



## לערער־ראַט פון שול 4־1943

רעכטס צו לינקס (זיצן) : ס. גורעוויטש, י. דימענטשטיין, א. גאלאמב (פרינציפאל), פ. זאלף, רבקה גאלאמב.
שטייען : ב. פיטערמאן, פ. בערעזקין, משה קאנטאר, מ. פינגעראט, א. סינגער, ט. סמיט, א. ציטלין, א. יודאוויטש.

# עלעמענטאַר שול גראַדוירטע *)

1925 : — כיענע גארדאן, חנה גלאז, נחמה גע־מערל, יוסף זוקין, זיסל זוקין, שרה זעליקמאן, מינדל טשערניאק, אברהם יאנאווסקי, אליהו כאזאנאוו, שרה מיינסטער, עלים מילער, יהודית סטין, איטע צוועט, יעקב שעפס.

1926 : — מייק באטאווסקי, שיינדל הענדין, שלמה העסטרין, אסתר וויינבערג, לאה וויינבערג, זלמן יאנאווסקי, שלמה כץ, דבורה לובאטע, אפרים סטא־ליער, חיה פעסיקאוו. פריידע ציווקין, זיסל שעפס.

1927 : — ראזע אקאפניק, חיים בערנשטיין, לי־בע בראנשטיין, רחל גערשמאן, פייגע דזשייקאבסאן, בתיה וואלקין, דבורה וויינשטאק, גאלדע זאראוו, ראזע יאמראם, אסתר יאנקאווסקי, משה לאפסין, טייבל לובאטע, חיה מייקלסאן, ליבע מעטשין, אסתר סירקין, חנה סירקין, יאסל ספיוואק, אליעזר פאדאלסקי, מרים פערלמאן, סימע פריידין, פריידע קושנעראוו.

1928 : — מאיר אסאווסקי, חוה גינזבורג, בערל כישווין, נחמה מאסלאווסקי, חנה סאלאווי, יאסל פארטנאוו, שלום ציווקין, רייזל שטיץ, שלום שעפס.

1929 : — נ. בובים, ג. בערקאוויטש, מ. גאלד־שטיין, עני גוטניק, שרה גרעי, ציונה גרין, שרה גרינ־בערג, מרים דווארקין, מאלי הענדין, חיים הערשטיין, פייגל וואכנאוו, ברכה זלאטין, שאול טשערניאס, ענצי ליוויי, איטע מארגאלים, רבקה מיינסטער, שלום מילער, מיכל נאטאנסאן, בנימין סאלאדקי, שרה סאלאוו, לאה סודאק, בתיה סוכאראוו, סאניע סוכאראוו, יצחק

*) א גרויסער פראצענט פון די אויבנדערמאנטע האט שפעטער גראדויִרט פון מיטלשול און פון העכע־רע קורסן.

סטאַפּמאַן, מאיר סימאָוויטש, מרים סירקין, יונה פּינ־גאַרט, חיה פֿריד, דוד קאַהען, בתיה קייץ, אסתר ראַדינאָווסקי, יצחק ריווקין, עלקע שוואַרצמאַן, יעקב שעפּס.

1930 : — עטל איסערס, שיינדל אַסינאָווסקי, משה בובים, רייזל בידער, אהרן גוסין, לאה גראַנאָוי־סקי, יהודה דאַזאַר, דוד סעקטער, דוד העסטרין, גאָלדע ווייַנבערג, רבקה ווייַסמאַן, כאַסיע ווינאַקור, לאָטי טשערי, פֿייגע יאַמראָס, בנימין לבדי, פֿריידע לבדי. מלכה לייבאָוויטש, עטל לייבאָוויטש, ישראל מילער יוכבד נאָוואַק, לייבל נייַדיטש, לאה נעווין, חנה סודאַק, ברכה סילווערבערג, שלום סימקין, בערל סעדלעצקי, ביילע פּאַרטנאָוו, ישעיה פּעסיקאָוו, אסתר פּערלמאַן, שרה פֿיין, ראָזע פֿינגאַרד, פֿריידל קאַנאָווסקי, גלותה קורצער, ברוך קושנעראָוו, אסתר קלאַפּמאַן, בתיה קרוגליקאָוו, רבקה ראָזנבערג, חיים ריווקין, שרה העסטרין, חיה קושנעראָוו.

1931 : — פֿייגל אָווערבאַך, כיענע באַראַדיצקי, מלכה באַראַדיצקי, שיינדל גראַנאָווסקי, ריווע גאַרדאַן, אַסנע דזשייקאָבסאַן, האָדל הענדין, מרים האַרניק, דבורה טולטשינסקי, עלקע טרעגובאָוו, מאַניע לאַמאָוו, כאַסיע סאָלאָוו, נחמן סטאַפּמאַן, פֿייגל סטיין, ראַצי סעדלעצקי, נחום סירקין, אידל פּאַרקער, ליובאַ פּעלד־מאַן, מאַשע פֿעלדמאַן, בתיה פּערמאַן, גנעסיע פּערל־מאַן, אברהם קאַלמאַן, רחל קאַראַרסקי, לאה קירסאַן, סאָניע קרוגליקאָוו, טעמע ראָזן, לאה שער, דבורה שפּילער, דוד שפּילער.

1932 : — שרה באַראַדיצקי, גיטל באַראַדיצקי, בתיה בענער, שמעון גינזבורג, עטל גראַנאָווסקי, גאולה גרין, פֿייגל האַלפּער, רחל הענדין, ליזע האַרניק, יענטע וואָלפֿמאַן, לאה ווינאַקור, משה וויקטאַר, בתיה זאַראָוו לייבל זלאַטניק, גיטל קאַץ, שרה מיל, ביילע מיניוק, ברײַנדל מענאַכאָווסקי, בצלאל מיינסטער, ראָזע סוכאַ־ראָוו, דבורה סטאַפּמאַן, מירל עקסמאַן, ראָזע פּאַטאַש־ניק, חיה קייץ, לאה קאַפּילאָוויטש, שרה קאָזלאָוו, רחל רעזניק, ברוך שעפּס, מרים שטערן, שרה דאַזאַר, לאה דווערים.

1933 : — מאיר אייַזנבערג, סאָניע בענער, פֿייגל נעלמאַן, פֿייגע געלפֿאַנט, נעכע הענדין, אברהם וואַר־האַפֿט, יעקב זיידנבערג, ירחמיאל זעליקמאַן, צירל טרייסטער, ברײַנדל חפֿץ, יהודית סימאָוויטש, נחמן סטאַפּמאַן, חוה עקסמאַן, שבע פּאַרטנאָי, ישראל פֿריד־מאַן, מיקי פּאַרקער, דוד פּערלמאַן, יהודית פֿריידין, אַלטער קושנעראָוו, חנה ראַטשינסקי, לאה ראָזנפֿעלד, ביילע ראָזנטאַל, בערל ראָזנבערג, פֿריידל ראַבינסאָן, ראָזע ראַבינאָוויטש, עלסי שינדלמאַן, ישעיה שעפּס, חנה ראַבינסאָן.

1934 : — מאַניע אייַזנבערג, חוה אייַזיקאָוויטש, שרה באַראַדיצקי, שרה־רבקה באַראַדיצקי, חנה בראָנ־שטיין, יאָסל באַסאָווסקי, פֿייגל גאַרנשטיין, מילי גומ־מאַן, מלכה גילמאַן, חיה־האָדל גילמאַן, פֿריידע גינז־בורג, פּיניע גערשוני, טעוול דובאָוו, אבא דזשייקאָב, הערשל זלאַטניק, ברכה טולטשינסקי, רבקה יוסטער, יואל כאַטשינאָוו, דבורה לאַמאָוו, רות מילער, דבורה מיניוק, מרים מיניץ, אברהם סטאַפּמאַן, חנה סאַלאַדקי, שרה סטאָל, איידל פּערלמאַן, אברהם פּאָזין, נעטי פֿאָגל, דזשעני קאַראַסיק, שרה ראָזנבערג, לייבל ראָזנבערג, ראָזע ראַיעוו, איווא שטערן, ליוסי שעפּס, מילקע שייַ־נעס, דאָבע וואָלאָדאַרסקי.

1935 : — אברהם אַמניצקי, אידל באַסאָווסקי, מימי בראָדי, מאיר בראָנשטיין, ראַני בראַסלאָס, צמח גורעוויטש, עלקע דישעל, טעמע דעסער, מרים ווייַס־מאַן, רייזל זאַלף, מאיר זאַלף, אַמאַליע יודאָוויטש, אסתר לעוו, מלכה לעוואַנט, ראָכל מאַראַניץ, רחל מאַר־קאָוו, עני מיטשעל, רבקה מייַנער, דבורה מיניוק, גיטל סילווערמאַן, משה סעדלעצקי, לאה פּריווים, נעמי פֿיי־ערמאַן, חיים פֿרידמאַן, אהרן קאַהען, נתן קופּ, פֿייגל ראָזנשטאַק, ישעיה רוויטמאַן, עני רייבער, בתיה שאַפּ־ראָן.

1936 : — לאה בלימען, זלאַטע בעקער, שרה בערמאַן, עני בערמאַק, לאה גאָלדבערג, הערשל געל־פֿאַנד, פֿייגל דעסער, יאַנקל וואָלאָדאַרסקי, ליפּע וויינ־שטיין, פֿרומע טשאַסלאַווסקי, סימע לעוויט, רבקה מי־ניוק, שרה נימאַן, טייַבל סמיט, בתיה עביט, רבקה פּראַמיסלאָוו, עני פּראַסאָוו, דבורה פֿאָגל, ראָזע קאַר־לאָוו, רחל קאַרן, יהודית קעי, מאַניע קעי, בתיה קייץ, פּערל ראָזנבערג, ביילקע רוויטמאַן, ישראל רייבער, סי־מע שאַם, רחל שורוועל, פֿירע שעפּסט, הדסה שפּילער.

1937 : — פֿריידע אַמניצקי, שרה באַראַדיצקי, מירל באַראַדיין, מיני בערמאַק, שרה בלומעס, בעטי בערנשטיין, לייבל גאַנעצקי, פֿריידל גוסין, שרה גרעי, גיטל ווייַנבערג, איציק וויקטאַר, זלמן זעלטשען, לאה זעלטשען, עטל זעמפֿיר, הינדע לייבמאַן, רבקה מאַזער ברכה מאַנישין, אליהו מייַסטער, חוה ניומאַן, חנה סנעג, אשר ענטל, ישעיה פּאַטער, בלומע פּאַלינסקי, משה פּראַסאָוו, רש״י פֿיין, מענדל פֿינק, פּערל פּערד־מאַן, מרים קאַהען, לאה קאַנטאַר, לאָטי קופּ, ראַצי ראַבינאָוויטש, רחל ראַדינאָווסקי, רחל־לאה ראַדינאָוו־סקי, שרה ראָזנבערג, אסתר ריווקין, לייבל שענעס.

1938 : — ה. אייבלס, ה. אַמאַן, ה. באַסאַלינ־סקי, ש. בייגל, ה. ביסקין, ר. בעלאָוו, ש. בראָנשטיין, ה. גאַרדאַן, ה. דובאָווסקי, ה. גאַן, ל. גאַן, ה. גלאַנאָוו־סקי, מ. העקסל, מ. וואָלאָוויק, י. זאַלף, ש. טולטשינ־סקי, ב. כאַטשינאָוו, ד. מאַרגאָלים, פּ. ניסנהאָליץ, ב סאַרנער, ר. סאַרנער, ש. ענטל, ל. פּערלמאַן, ר. פּראַ־מיסלאָוו, ב. פּראַמיסלאָוו, ח. פֿאָלב, ה. פֿליישמאַן, מ. פֿלעקסמאַן, ר. פֿעלבייז, נ. ציוויקין, ב. קאַרלאָוו, ש. קאַפּמאַן, י. קופּ, א. קייץ, ז. קליפֿער, ב. ריטשמאַן, י. ריטשמאַן, י. רייבער, וו. שענעס, נ. שיימס, ש. שיפּמאַן

1939 : — בעטי אַלשאַנסקי, יצחק באַרסקי, סאָ־ני גאַרנשטיין, מירל גילמאַן, מאַטל גלאַבערמאַן, פֿייגל דובאָוו, אסתר וואָלאָוויק, חיים כאַטשינאָוו, יעקב כיש־וויז, מלכה ליימאַן, טייַבל מאַרקאָוו, ראָזע סטיימאַן, לאה סטייַנדל, דבורה סמיט, גאָלדע פּאָזין, דזשערי פֿינטאַ, בתיה פּיטערמאַן, גיטל פֿייַנבליט, אסתר פֿייַ־מאַן, דבורה פֿינקל, זלמן פֿעלדמאַן, שושנה פֿעלדמאַן, ברכה ציפּורסקי, דוד קאַהען, טשאַרנע קאָזלאָוו, יעטע קאַרלאָוו, ביילע שאַץ, לאה שולמאַן, דבורה שעפֿלין

1940 : — (*.

1941 : — טעמע בייגל, פֿייגל גאַרעליק, ליבע גורעוויטש, וועלוול גרין, מרים זעלטשען, ביילע ליט־

---

*) אין 1940 איז דער אַלגעמיינער קורס געהע־בערט געוואָרן פֿון 6 יאָר אויף זיבן. דערפֿאַר איז אין יענעם יאָר קיין גראַדויִרונג ניט פֿאָרגעקומען.

וואַק, לוי לייפער, ראובן פאַלינסקי, לעני פערלמאַן, רחל פערלמאַן,, נחום פערלמאַן, אַלטער פראַמיסלאַוו, זיסל פעלדמאַן, דאָבע פרידמאַן, חנה קאַזאַס, מלכה קייץ.

1942 : — איטע ביסקין, שיקע בראַנשטיין, ביילקע באָראַדיצקי, אברהם גלאַבערמאַן, חוה גאָטשאַנסקי, שׂרה דאַשעווסקי, לאה זלאַטניק, גיטל וויַינער, יהודית ליימאַן, מרים לעווין, רחל לעניץ, רחל ניטיקמאַן, שׂרה סטאַן, פייגל עפל, מלכה פיַיערמאַן, לאה קאַרלינסקי, עני קושניר,ביילע ראַזנשטאַק, ישׂראל רובין, וועלוול שולמאַן, פריידל שוואַרץ.

1943 : — בערל גאַלאַמב, גישע גאַלד, סאַסי דזשייקאַב, חיים מיַימאַן, פייגל סעדלעצקי, עשקע פערלמאַן, חוה קאַנטאַר, מרים קופ, סימע רויטמאַן, מאיר שאַר.

1944 : — פערל אַרטנשטיין, הלל באָראַדיצקי, דבורה גאָרשטיין, מרדכי טולטשינסקי, הדסה ליס, מיכל נאַטאַנסאַן, מאיר סלאַנים, זאוול פעלדמאַן, יהודית פעלדמאַן, בתיה פיַיערמאַן, יצחק שאַץ, צירל באַקאַלינסקי, שׂפרה באַסאַווסקי, האָדל באַטקים, חנה גאַן, פערל גודמאַן, יאַנקל גרעי, לייבל האַסקל, שׂרה וואָלאָדאַרסקי, רחל לאַקשין, פריידל לעווין, שבע מאַזער, חוה פיַינמאַן, אסתר קוזין, שושנה קריקלאַוו, מרים פרידמאַן, יהודית קושניר, שיינדל מאַרגאַלים.



## ערשטער גראַדויִר קלאַס — 1925



# דערמוטיקנדיקע באַגריסונג פֿון א צאָל יונגטלעכע

## מיר באַגריסן אײַך

מיר באַגריסן אײַך, שול טוער, פֿאַר דרײַסיק יאָר געטרײַער איבערגעגעבענער אַרבעט!

מיר באַגריסן אײַך, לערער, פֿאַר אײַער קאַמף מיט אומגעהײַער־שווערע אומשטענדן!

מיר באַגריסן אײַך מיט אײַער זין!

מיר, וועלכע האָבן דורכגעמאַכט די שול, קענען אפֿשר ריכטיק אָפּשאַצן דעם ווערט פֿון אײַערע דערגרייכונגען, און די גרויסקייט פֿון דעם איצטיקן יום־טוב — א יום־טוב וועלכער איז אויך אונדזערער, ווײַל מיר זײַנען א טייל פֿון דער שול, און די שול איז א טייל פֿון אונדז. אײַער פֿרייד איז אונדזער פֿרייד; אײַערע שטרעבונגען זײַנען אונדזערע שטרעבונגען.

נעמט אָן אונדזער האַרציקן ווונטש, אַז די שול זאָל שטײַגן גײַסטיק העכער פֿון יאָר צו יאָר.

אײַער קאַמף איז ניט אומזיסט!

א. אָווערבאַך
פּ. אָווערבאַך־בערמאַן
חנה באָקאַלינסקי
כ. באָראַדיצקי־בלאַט
לאה בלימאַן
מרים בעלאָף
ליבע בראָנשטיין־טאַבאַטשניק
חנה בראָנשטיין
סאַני גאָרנשטיין
פייגל גאָרנשטיין
ש. גובערמאַן־בערגער
מילקע גורעוויטש
יהודה דאַזאָר
ש. דאַזאָר־סילווערמאַן
אָסנע דזשייקאָבסאָן
פייגל דזשייקאָבסאָן־שוואַרץ
דוד און שרה דזשייקאָבסאָן
אַרט דזשענאָף
טעמע דעסער־סטײַמאַן
הינדע הענדין
פייגל וואַכנאָוו
כ. ווינאָקור־מאַרגאָלים
לאה ווינאָקור
רייזל זאָלף־באָראָדקין
מאיר זאָלף
יהודית זאָלף

ג. זאַראָוו־גאָלדשטיין
בתיה זאַראָוו
יוסף זוקין
ברכה זלאָטין־לודוויק
ש. זעליקמאַן־טאָמפּסאָן
פּאָול טאַובמאַן
ברכה טולטשינסקי
דבורה טאַרטשינסקי
עלקע טרעגובאָוו־סיגאַל
לאָטי טשערי
ען טשערניק
ה. יאַנקאָווסקי־ברוקס
עני יאַנקאָווסקי־סלוצקי
אליהו כאַזאַנאָוו
שרה מיינסטער־סטאָון
ר. מיינסטער־בערמאַן
סאַרדזש. ב. מיינסטער און פֿרוי
אלי מיינסטער
עלים מילער
שלום מילער
רות מילער
סידני נאַטאַנזאָן
מיכל נאַטאַנזאָן

לייבל נײַדיטש
רבקה נײַדיטש
סאָרעלע סטאָל־איימס
שוירלי סטאָל
סאַני סילווערמאַן
חנה סירקין־בעל
מרים סירקין־פּישמאַן
בערל סעדלעצקי
יאָסל ספּיוואַק
אָשר און ביילקע ענטל
שרה ענטל
אַברהם פּאַזין
דוד פּאָלינסקי
ב. פּאָרטנאָוו־ווײַנשטײַן
יאָסל פּאָרטנאָוו
דוד פּערלמאַן
גנעסיע פּערלמאַן
רבקה פּראָמיסלאָוו
הענרי פּראָמיסלאָוו
רות פּראָמיסלאָוו
אַלבערט פּראָמיסלאָוו
משה פּראַסאָוו
עני פּראַסאָוו
רחל פּראַסאָוו
דבורה פּאָגל
סימע פריידין־קייץ
שיינדל פריידין

יהודית פריידין
מאיר קאָזלאָווסקי
רחל קאָרין
פּ. קושנעראָוו־פּײַנמאַן
אַלטער קושנעראָוו
בתיה קייץ
בתיה קרוגליקאָוו־יאַנג
סאָניע קרוגליקאָוו
פּאָלין ראַבינאָוויטש
ראָזע ראַבינאָוויטש
רחל ראַדינאָווסקי
שרה ראָזנבערג
אסתר ריווקין
חיים און עני ריווקין
יצחק ריווקין
אסתר ריווקין
יהודית רייבער
ישראל רייבער
רחל רעזניק
בתיה שאַפּראַן
שלמה שיפּמאַן
מילקע שיענעס
לייבל שיענעס
בערל שעסט
פירע שעסט
סידני שעפּס

# באַריכט פֿון מוטער פֿאַריין צווייג 1

דער יידישער טייל פֿון וויניפּעג פֿייערט איצט דעם גרויסן יום־טוב — דרייסיק יאר פּרץ שול. גלייכצייטיק מיט דעם קולטור יום־טוב דארף געפֿייערט ווערן נאך א וויכטיקע דאטע — 25 יאר מוטער פֿאריין. אזוי ווי די פּרץ שול האט געטאן פּיאנערן ארבעט אויף דעם געביט פֿון יידישער דערציִונג בכלל, האט אונדזער מוטער פֿאריין געטאן פּיאנערן ארבעט אויף דעם געביט פֿון. גאר וויכטיקע אפּטיילן פֿון שול, וואס זיינען איצט די זיילן פֿון אונדזער גרויסן קולטור בנין, פּרץ שול. און איצטער, ווען מיר קאנען סומירן א פֿערטל יארהונדערט לעבן און ארבעט, איז כדאי צו דערציילן סיי פֿאר אונדזער דור (און פֿאר דורות וואס וועלן קומען נאך אונדז), וועגן דער ארבעט פֿון א פֿארעקשנטער גרופּע פֿרויען אויף דעם געביט פֿון יידישער דערציִונג און זעלבסטבילדונג.

אונדזער ערשטע פּיאנערן ארבעט איז געווען— דער קינדערגארטן. צום געדאנק צו גרינדן א קינדערגארטן, האט אונדז געשטויסן דער פֿאקט, וואס מיר האבן געזען מיט וואס פֿאר א שוועריקייטן די לערער קומט אן אויסצולערנען די קינדער א יידישן זאץ, און נאך שווערער, אריינצופֿירן זיי אין א יידישער אטמאספֿערע. ס'איז געווען דערפֿאר, וואס די קינדער זיינען געקומען אין דער שול אין אן עלטער, ווען זייערע אויפֿנאם־פֿעיקייטן זיינען שוין געווען אנגעלאדן מיט דער ענגלישער שפּראך און מיט דער אטמאספֿערע פֿון דער ענגלישער פּאבליק סקול. איז נאטירלעך שווער פֿאר קינדער פֿון א 12־13 יאר, אריינצולעבן זיך אין א נייער פֿאר זיי פֿרעמדער ספֿערע. אט דער פֿאקט האט אונדז געשטויסן צום געדאנק, אז ווען מיר האבן דאס קינד פֿון דעם פֿריסטן עלטער אן, וואלט די שוועריקייט זיכער באזייטיקט געווארן. און דערפֿאר האבן מיר באשלאסן צו גרינדן א קינדערגארטן פֿאר קינדער, אנהייבנדיק פֿון 4 יאר. א שווערע אויפֿגאבע איז פֿאר אונדז געשטאנען: ווי פֿאר יעדער פּיאנערישער ארבעט, האבן אונדז געפֿעלט די נייטיקע מכשירים אנצוהייבן די ארבעט. די צוויי הויפּט זאכן וואס האבן אונדז געפֿעלט זיינען: א פּראגראם פֿאר א קינדערגארטן און א געניטע לערערין. א חוץ דעם האבן אונדז אויך געפֿעלט מאטעריעלע מיטלען. אבער דער ווילן צו גרינדן א קינדערגארטן, איז טיילווייז ביינגעקומען די שוועריקייטן. ס'איז אונדז געלונגען צו באווירקן און באגייסטערן פֿאר דעם געדאנק — קינדערגארטן. א יידיש מיידל וואס איז געווען א לערערין אין אן ענגלישער פּאבליק סקול, און זי האט צוזאמען מיט אונדז, זיך אונטערגענומען טאן אט די פּיאנערן ארבעט. דזשאנעט אקסלראד, איז איר נאמען (ס'איז כדאי צו פֿארצייכענען איר נאמען דערפֿאר, ווייל זי איז געווען די ערשטע קינדערגארטן לערערין אין יידיש אויפֿן אמעריקאנער קאנטינענט). די ערשטע קינדער, וואס האבן אנגעפֿילט דעם קינדערגארטן, זיינען געווען די קינדער פֿון די נאנטע טוער ביי דער שול (ס'איז כדאי צו באמערקן, אז די אלגעמיינע יידישע באפֿעלקערונג האט זיך באצויגן סקעפּטיש צו דער אינסטיטוציע און בפֿרט נאך ווען מען האט געדארפֿט פֿאר דעם צאלן...). אזוי, איז אין 1919 געגרינדעט געווארן דער ערשטער קינדערגארטן אין וויניפּעג. אזוי, איז אין 1919 געעפֿנט געווארן דער ווונט־שטיין פֿאר א יידישן קינדערגארטן אין וויניפּעג, אין דער פּיאנערן אינסטיטוציע פֿאר יידישער דערציִונג — די פּרץ שול.

נאך דער עפֿענונג פֿונם קינדערגארטן, האבן די מאטעריעלע נויטן גענומען וואקסן, סיי פֿאר דער שול און סיי פֿאר דעם קינדערגארטן. עס האט זיך געפֿאדערט א געזעלשאפֿט, וואס זאל זארגן און באפֿרידיקן אט די נויטן. דעמאלט איז געגרינדעט געווארן דער מוטער פֿאריין צווייג 1 ביי דער פּרץ־שול. ער האט ווערבירט זיינע מיטגלידער פֿון צווישן די מאמעס פֿון די קינדער וואס באזוכן די שול און קינדערגארטן און אויך צוגעצויגן זייטיקע פֿרויען, וואס האבן געהאט סימפּאטיעס צו דער שול. צו דער פֿרייד פֿון אט דער געזעלשאפֿט, האט זיך אט דאס קליינינקע גערטעלע — קינדערגארטן, צעבליט אין א פּראכטיקן גארטן. דער אומצוטרוי פֿון דעם ארום איז צעשמאלצן געווארן און קינדער האבן אנגעהויבן שטראמען פֿון פֿארשיידענע טיילן פֿון דער שטאט. און ניט נאר אין וויניפּעג האט זיך דער עניין קינדערגארטן צעבליט, נאר א דאנק אונדזער השפּעה, האבן זיך געגרינדעט קינדערגערטנער אויך אין אנדערע שטעט פֿון קאנאדע און די פֿאראייניקטע שטאטן.

מיט א באזונדערן שטאלץ באצייכענען מיר אט דעם אויפֿטו אונדזערן.

ווען אונדזער קינדערגארטן איז אלט געווארן איין יאר, זיינען מיר אוועקגעשטעלט געווארן פֿאר א נייער פּראבלעם. ס'איז געווען דער עלטער (6 יאר) פֿאר אונדזערע קינדער אנצוהייבן צו באזוכן די פּאבליק־סקול. דאס האט געמיינט, אפּצורייסן זיי פֿון דער יידישער אטמאספֿער פֿון שול און אריבערגיין אין דער אטמאספֿער פֿון דער ענגלישער שול, וו זיי וועלן דארפֿן פֿארברענגען ביז דעם עלטער ווען זיי וועלן שוין קענען באזוכן די יידישע אוונט־שול. דאס מיינט א פּעריאד פֿון 2־3 יאר, לאנג גענוג אז דאס קינד זאל אפּגעפֿרעמדט ווערן פֿונם גייסט פֿון דער יידישער שול. דער געדאנק האט אונדז, מאמעס, ניט געלאזן רוען. און מיר האבן גלייך באשלאסן אנצושטרענגען מער אונדזערע כוחות און גרינדן אן אנפֿאנגער ענגלישן קלאס, וואס זאל האבן די זעלביקע פּראגראם ווי די פּאבליק סקול. מיט דער דערלויבעניש פֿון דער סקול באָרד, האבן מיר אזא קלאס געעפֿנט. און אזוי, פֿון יאר צו יאר, זיינען זייט ביי זייט מיט דער יידישער שול, אויך געוואקסן די ענגלישע קלאסן. ביי היינטיקן טאג, צו אונדזער 25 יאריקן יובל, האבן מיר שוין 7 קלאסן ענגליש אין דער פּרץ שול.

מיר מוזן מיט פֿרייד באצייכענען דעם פֿאקט, אז די קינדער וואס גייען אריבער פֿון אונדזערע שולן אין דער פּאבליק סקול, זיינען אנגעלאדן מיט א סך מער וויסן ווי די קינדער פֿון דער פּאבליק סקול, און ווערן פֿאררעכנט פֿאר די בעסערע תּלמידים.

אונדזער מוטער פֿאריין האט זיך ניט באנוגנט מיט די צוויי אויפֿטוען — קינדערגארטן און טאג־שול. מיר האבן זיך אויך גענומען פֿארטראכטן וועגן דעם, אז אין דער צייט ווען די שול פֿירט ארייַן די קינדער אין די אוצרות פֿון אונדזער קולטור און ליטעראטור,

זאָלן מיר גלייַכצייַטיק אויך באַקענען די מאַמעס מיט אונדזערע קולטור אוצרות. אַזוי אַרום, וועט פֿאַרוואָרפֿן ווערן אַ בריק צווישן מאַמע און קינד, און היים און קינד. מיר האָבן באַשלאָסן צו גרינדן אַ לייענקרייז וווּ די מאַמעס פֿון די קינדער וועלן לייענען און שטודירן די יידישע ליטעראַטור, זיך באַקענען מיט אונדזער קולטור און דורך דעם שאַפֿן אַ גייַסטיקן בונד צווישן מאַמע און קינד.

אויך דער פּרוּוו אונדזערער איז געפֿאַלן אויף אַ גינסטיקן באָדן. נאָך דער גרינדונג פֿון אונדזער ערשטן לייענקרייַז, האָבן זיך די לייענקרייַזן צעוואַקסן אויף דעם גאַנצן אַמעריקאַנער קאָנטינענט. בייַ הייַנטיקן טאָג איז ניטאָ קיין איין שטאָט מיט אַ יידישן ישוב, וווּ עס זאָל ניט זייַן קיין פֿרויען לייענקרייַז. בייַ אונדז אין וויניפּעג האָבן זיך די לייענקרייַזן צעוואַקסן איז די צענדליקער, אַ דאַנק דעם פּרוּוו, וואָס מיר האָבן געמאַכט מיט 25 יאָר צוריק.

דער געדאַנק צו אָרגאַניזירן די לייענקרייַזן איז אַ קאָונסיל, וווּ דער לייען מאַטעריאַל זאָל קאָנטראָלירט ווערן, איז אויך אַרויסגעקומען פֿון אונדזער מוטער פֿאַריין לייענקרייַז. מיר האָבן דעם געדאַנק פּראָפּאַגאַנדירט צווישן די לייענקרייַזן אין שטאָט, ביז דער גינסטיקער מאָמענט איז געקומען. און איצטער האָבן מיר בייַ אונדז אין שטאָט דעם לייענקרייַז קאָונסיל, וואָס ווערט פֿאַררעכנט פֿאַר אַ וויכטיקן טייל אין אונדזער קולטור לעבן. אונדזער טעטיקייַט אויפֿן געביט פֿון מוטער פֿאַריינען בייַ דער שול, האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט מיט דער גרינדונג און וווּקס פֿון מוטער פֿאַריין צווייַג 1. מיט דעם וווּקס פֿון דער שול, מיט דער פֿאָדערונג פֿון גרעסערע מיטלען, האָבן זיך געפֿאָדערט כוחות און אַ פֿאַרברייטערטע אַרבעט. אונדז איז געלונגען צוצוציען און אָרגאַניזירן אין אַ מוטער פֿאַריין די ייִנגערע מאַמעס, וואָס ווערן באַצייכנט: מוטער פֿאַריין צווייַג 2. די צוויי מוטער פֿאַריינען אַרבעטן הייַנט האַנט אין האַנט און שטרענגען זיך אָן צו באַפֿרידיקן אַלע נויטן פֿון דער שול.

מיט דער גרינדונג פֿון דער שול אָפּטיילונג אין צפֿון (נאָרט־ענד) זייַט פֿון שטאָט, האָבן די צוויי צווייַגן געגרינדעט אַ מוטער פֿאַריין וואָס זאָל, ווי מיר דאָ, זאָרגן פֿאַר די מאַטעריעלע מיטלען פֿון דער שול און אין דער זעלביקער צייַט אויך אַרייַנזאַפּן אין זיך דעם גייַסט פֿון אונדזער שול.

צו דעם לאַנגן צעטל פֿון אונדזער פֿאַרצווייַגטער אַרבעט ווילן מיר נאָך צוגעבן, אַז אונדז איז גאָר לעצטנס געלונגען צו אָרגאַניזירן אַ קינדערגאָרטן אין דעם דרום טייל פֿון שטאָט (ריווער־הייַטס). דאָס איז נאָך גאָר אַ יונג עופֿהלע, קוים אַ פּאָר חדשים אַלט. אָבער מיר האָבן גוטע האָפֿענונגען, אַז עס וועט זיך גאָר אינגיכן צעבליִען אין אַ געזונטן טייל פֿון אונדזער שול וועזן.

אַ דערפֿרייענדיקע דערשיינונג בייַם גרינדן דעם קינדערגאָרטן אין יענער געגנט איז, וואָס דער פֿאַרלאַנג פֿאַר דעם איז געקומען פֿון די מוטערס, וואָס זייַנען היגע געבוירענע, און די גרעסטע צאָל פֿון זיי האָבן קיין יידישע דערציִונג ניט באַקומען.

צום לאַנגן צעטל פֿון אַרבעט וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דער פּרץ שול, און מיט קולטור בכלל קאָנען מיר נאָך צורעכענען אונדזער פֿאַרצווייַגטע אַרבעט אויף אַנדערע געביטן: מיר שטיצן פֿינאַנציעל די הילף אַקציעס פֿאַר דער ייִוואָ, "צוקונפֿט", דעם יידישן לערער סעמינאַר און אַנדערע קולטור אינסטיטוציעס. מיר העלפֿן אויך די אַקציעס פֿאַר רוסלאַנד און געווערקשאַפֿטן קאַמפּיין. מיר באַטייליקן זיך מיט אַרבעט אין דעם יידישן קאָנגרעס, אין וועלפֿער פֿאָנד, אַ גרויסער טייל פֿון אונדזערע חברטעס אַרבעטן זייער אַקטיוו אינעם רויטן קרייץ. אַ סך נוצלעכע אַרבעט ווערט פֿון זיי געטאָן אויפֿן געביט פֿון נייען, שטריקן אאַ"וו.

מיט דעם קורצן באַריכט פֿאַר די 25 יאָר פֿון אונדזער מוטער פֿאַריין, שעפּט זיך ניט אויס דאָס צעטל. ס'איז דאָ נאָך אַ געביט, וואָס איז שווער אין ווערטער איבערצוגעבן, און דאָס איז די גייַסטיקע השפּעה וואָס אינדזער מוטער פֿאַריין האָט געהאַט אויף דער יידישער פֿרוי פֿון וויניפּעג. עס וועט זיכער ניט זייַן קיין באַרימערייַ, אַז אויב וויניפּעג איז פֿאַררעכנט פֿאַר איינער פֿון קולטורעלסטע שטעט אויף דעם אַמעריקאַנער קאָנטינענט, האָבן מיר, דער מוטער פֿאַריין בייַ דער פּרץ שול אין דעם אַ גרויסן חלק. מיר האָבן מיט 25 יאָר צוריק פֿאַר זיך געהאַט אַ כמעט ניט באַאַרבעט פֿעלד, וואָס האָט געפֿאָדערט אַ סך אָנגעשטרענגטן כוח צו ברענגען וויניפּעג צו דעם גייַסטיקן מצב אין וועלכן עס געפֿינט זיך איצט. זייַנען מיר שטאָלץ מיט דעם פֿאַקט, אַז אויך מיר האָבן צוגעלייגט די הענט צו דעם.

פֿאַניע טשערניאַק, פֿאָרזיצערין.

בערטאַ מילער, גענ. סעקרעטאַרין.

——):(——

## באַריכט פֿון מוטער פֿאַריין צווייַג 2

מיט אַ צוועלף יאָר צוריק האָט זיך פֿון דעם ערשטן פֿאַריין וואָס עקזיסטירט שוין 25 יאָר, אָפּגעצווייַגט דער מוטער פֿאַריין צווייַג 2.

אונדזער פֿאַריין באַשטייט על פּי רוב פֿון מאַמעס וואָס זייערע קינדער גייען אין אונדזער שול. אויב די גרינדערנס פֿון ערשטן מוטער פֿאַריין זייַנען אַלע געקומען פֿון יענער זייַט ים, פֿון אייַנגעוואָרצלטע יידישע יישובים מיט הערצער פֿול מיט אידעאַלן פֿאַרן ווייַטערן המשך פֿונם יידישן לעבן אין זייער נייַער היים, און אויך דאָ דערציען יידישע דורות — איז אונדזער לאַגע געווען אַ סך אַנדערש און פֿיל שווערער. מיר האָבן געדאַרפֿט צוקומען צו דער ייִנגערער יידישער מאַמען, וואָס איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אויפֿן היגן באָדן. איז די אַרבעט טאַקע געווען זייער שווער, איז מיר האָבן אין אונדזער עקזיסטענץ דורכגעמאַכט אַ סך אַנטוישונגען. אונדזער מיטגלידערשאַפֿט האָט זיך געהאַלטן אין איין בייַטן. אונדזערע טוערינס האָבן אָבער געוווּסט, אַז אָן דער מאַמעס מיטהילף ווערט אונדזער גאַנצע דערציִונגס־אַרבעט ניט פֿרוכטבאַר. די אַנטוישונגען האָבן אונדז ניט אָפּגעשטעלט. מיר האָבן געמאַכט פֿאַרשיידענע פּרוּוון און אָנשטרענגונגען און אין די לעצטע פֿיר יאָר איז אונדז דאָך געלונגען אויפֿצובויען אַ פֿייַנע אָרגאַניזאַציע.

דער אינסטינקט פֿון דער יידישער מאַמען האָט אויפֿגעוואַכט. וואָס עס זאָלן ניט זייַן די מאָטיוון — אונדזער אַרבעט און מי איז ניט געווען אומזיסט. הייַנט צו טאָג פֿאַרמאָגן מיר אַן אָרגאַניזאַציע מיט אַ מיטגלידערשאַפֿט פֿון איבער 100, פֿון זיי אַרום 40 ביז 50 אַקטיווע מיטגלידערנס, וואָס אינטערעסירן זיך און נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל אין אַלץ וואָס עס טוט זיך אין און אַרום דער שול. אונדזערע הויפּט־אַרבעטן

זיינען: העלפן אויפהאלטן די שול פינאנציעל, פירן קולטור ארבעט צווישן די מיטגלידערינס, פארשטארקן די טאג־שול, העלפן צוגרייטן און באטייליקן זיך אין די יידישע יום־טובים פון דער שול, העלפן און שטיצן דעם קינדערגארטן.

מיר האבן וועכנטלעכע פארזאמלונגען, וואס צו זיי קומען איבער דרייסיק מיטגלידערינס. ביי די פאר־זאמלונגען האבן מיר א חוץ געשעפטס פראגן, אויך פארלעזונגען אדער לעקציעס אויף די געביטן פון קינ־דער פסיכאלאגיע, תנ"ך, יידישע געשיכטע, יידישע ליטעראטור, דיסקוסיעס וועגן יידישע און אלגעמיינע פראבלעמען. די לעקציעס ווערן על פי רוב געפירט פון אונדזערע לערערס אין שול. אויך פארבעטן מיר דאק־טוירים אויף מעדיצינישע טעמעס און אמאל אויף טע־מעס פון געזעלשאפטלעכן כאראקטער. היינטיקס יאר האבן מיר אויך געמאכט א פרווו צו גרינדן א לייענ־קרייז און מיר האבן בלויז באוויזן צו לייענען איין בוך, "ווען פוילן איז געפאלן", פון י. אפאטאשו. מיר האפן, אז קומענדיקן יאר וועלן מיר לייענען פיל מער.

גרינדונג פון אן אפטיילונג. — מיר פרייען זיך ספעציעל מיט דעם וואס מיר זיינען געווען די איינ־שפארטע איניציאטארן פון אונדזער שול־אפטיילונג אין צפון פון שטאט, וו עס לערנען ביי 100 קינדער און עס עקזיסטירן א מוטער פאריין און א מענער קא־מיטעט.

טאג־שול. — יעדער אנפאנג פון נייעם שול־יאר באזוכן מיר די מאמעס פון קינדערגארטן און קלערן זיי אויף די וויכטיקייט צו שיקן זייערע קינדער אין אונדזער טאג־שול, וו זיי זאלן קריגן זייערע אלגעמיינע און יידישע לימודים אויף א נארמאלן אופן. אט די ארבעט האט פארגרעסערט אונדזערע ערשטע קלאסן און במילא פארשטארקט אונדזער טאג־שול.

דראמאטישער קרייז. — זינט מיר עקזיסטירן איז ביי אונדז דא א פארלאנג צו האבן א דראמאטיש־מוזיקאלישן קרייז, אבער די מאמעס וואס האבן קליינע קינדער, איז אפטמאל שווער צו קומען צו רעפעטי־ציעס. מיר האבן אבער ניט אויפגעגעבן דעם פלאן. היינטיקס יאר האבן אונדזערע חברות דורכגעפירט א איינאקטער פון אברהם רייזען און גרייטן זיך איצט צו "די מוטער", פון דוד פינסקי. די פארשטעלונג איז אגב געווידמעט אונדזערע גרינדערינס צו זייער 25 יאריקן יובל.

וועלפער פאנד. — זינט די שול ווערט אויסגע־האלטן פון וועלפער פאנד, באטייליקן זיך אונדזערע חברות זייער אקטיוו סיי מיט זעלבסט ביישטייערונגען און זיי זיינען אויך די זאמלערינס ביי אנדערע.

קינדערגארטן. — אויב די חברות פון צווייג 1 זיינען די גרינדערנס פון אונדזער קינדערגארטן, איז אונדזער אויפגאבע, זינט אונדזער פאריין לעבט, אויס־צוהאלטן מיט שפיל־צייג און אנדערע מאטעריאלן פאר האנט־ארבעט ווען און וואס נאר מען דארף. מיר העלפן אויך פון צייט צו צייט צו רעמאנטירן און אויס־שטאטן דעם צימער.

יובל יאר. — היינט, אין דעם יאר פונם דריי־סיקסטן יובל פון דער שול, האבן מיר צו פארצייכענען א פאר זייער וויכטיקע אויפטוען. מיר האבן אויסגע־שטאטן אונדזער קינדערגארטן צימער אינגאנצן אויף אונדזערע הוצאות, געקויפט פאסיקע בילדער, פירהאנ־גען און ניי־באדעקט דעם דיל מיט לינאלעום, עס זאל זיין גרינגער צו האלטן תמיד ריין.

מיר האבן געמאכט פארשיידענע אונטערנעמונ־גען: אונדזער מיטגלידערשאפט טיי, שפילצייג שאוער און טיי, א חנוכה פארוויילונג, א וועטשערע צוזאמען מיט אונדזערע מענער, א יובל טיי, דער יערלעכער וויי־סער העלפאנט שאוער, צוזאמען מיטן צווייג 1 גע־האלפן צוגרייטן דעם דריטן סדר. מיר גרייטן זיך נאך איצט צו אונדזער פרילינג טיי, וואס וועט פארקומען ביי איטאנס, דעם 29טן מאי. צו די אלע אונטערנע־מונגען האבן מיר געצויגן א גרויסן עולם, און מיר האבן פיינע סומעס געלט פאר אונדזער שול, אזוי אז מיר האפן צום סוף פון סעזאן בכוח צו זיין צוגע־טראגן איבער $500 אויסצולייזן אונדזער שול בנין מיר האבן אויך געגעבן $25 פאר אונדזער אפטיילונג.

געזעלשאפטלעכע ארבעט. — זייענדיק אן ארגא־ניזאציע פון דער שול, שטיצן מיר הויפטזאכלעך אונד־זער שול און אויך מיט קליינע ביישטייערונגען א פאר קולטור אינסטיטוציעס: ייווא, צוקונפט א"א.

זינט די מלחמה גייט אן זיינען מיר אויך אנגע־שלאסן אין דעם וואר עפארטס קאמיטעט פון דעם יידישן קאנגרעס, דורך וועמען מיר שיקן מתנות צו אונדזערע יידישע סאלדאטן. מיר טוען אויך ארבעט פארן רויטן קרייז, סיי האנט־ארבעט, ווי שטריקן, נייען אא"וו. סיי אויך מיט הילף אין זייערע קאמ־פיינען. אנדערע גרעסערע קאמפיינען שטיצן מיר אויף אן אינדיווידועלן אופן, ווי למשל, געווערקשאפטן קאמפיין, יוגנט עליה, קינדער רעטונגס־פאנד פון די פיאנערן פרויען. מיר זיינען אנגעשלאסן אין דעם לייענקרייז קאונסיל, אין יידישן קאנגרעס.

25 יאר מוטער פאריין. — מיר גרייטן זיך איצט פייערן דעם יום־טוב 25 יאר מוטער פאריין צווייג 1, און האפן דאס מאכן אזוי ווירדיק ווי עס פארדינען אונדזערע גרינדערינס און אויך די פיאנערקעס פון שאפן דעם ערשטן יידישן קינדערגארטן אויפן אמערי־קאנער קאנטינענט, און אויך די ערשטע צו גרינדן די מוטער פאריינען ארום די יידישע שולן, וואס אן זיי וואלט געפעלט די ווארעמקייט ארום דער יידישער שיל.

אריינטרעטנדיק אין אונדזער 13טן יאר, דאס מיינט אונדזער צווייגס בר־מצווה יאר, האפן מיר צו נעמען אויף זיך נאך גרעסערע פליכטן און ארבעטן פאר אונדזער פרץ שול און יידישער דערציונג בכלל.

מלכה מיימאן, פארזיצערין.

דינה בוש, סעקרעטארין.

———):(———

## איבערבליק פון מוטער פאריין צווייג 3

ס'איז נאך 2 יאר ווי עס עקזיסטירט דער דריטער צווייג פון מוטער פאריין ביי דער צפון אפטיילונג פון דער פרץ שול. די גאנצע אפטיילונג בכלל איז דאך נאך ניט אלט קיין דריי יאר. דאך איז אונדזער פאריין א גאנץ אקטיווע ארגאניזאציע. מיר ציילן 35 חבר־טעס אין צווייג. און ווי אלע התחלות איז אונדז, די יינגסטע פון די מוטערס, ניט גרינג געווען איינצופע־דימען די ארבעט. עס קומט אבער א דאנק דעם ערשטן און צווייטן צווייג, וואס זיי האבן אויסגעטראטן די וועגן פאר אונדז.

כאטש אונדזער אפטיילונג האלט זיך אויס פון שכר לימוד, דאך אבער זיינען פאראן חוץ די גע־וויינטלעכע, נאך אנדערע הוצאות. אט פאר די הוצאות האט דער דריטער מוטער פאריין זיך באמיט צו שאפן מיטלען דורך פארשיידענע אונטערנעמונגען

מיר האלטן אויס די גרוסן לערעריז, מיר האבן איינגעשאפט אינסטרומענטן פאר א קינדערשן קלאפּ־ארקעסטער, שפילצייג פארן קינדערגארטן און אנדערע מכשירים און איינארדענונגען. די אונטערנעמונגען זיינען דורכגעפירט געווארן איבערהויפט פון די קינדער.

עס האט זיך דאס יאר ארגאניזירט אויך אן עלטערן קאמיטעט ביי דער אפטיילונג. ביי דער אפיציעלער עפענונג פון שול־יאר איז געשאפן געווארן $560. מען האט איינגעקויפט נייע און גוטע שול־בענק, מען ארדנט איין א שפיל־פלאץ און לאמיר האפן, אז אינגיכן וועט די אפטיילונג האבן איר אייגענע שיינע געביידע.

א. ליפקין, פארזיצעריו.

ג. גאלדבערג, סעקרעטאריו.



# אונטערנעמונגען אין שול אין משך פון דעם לויפיקן יאָר תש״ד

פון די גרעסערע אונטערנעמונגען וועלן מיר דא אנרופן:

1) אין נאוועמבער חודש האבן די תלמידים מיט די לערערינס דורכגעפירט דעם טראדיציאנעלן מכשירים און ביכער טיי.

2) ווי אלע יאר האט אויך דאס יאר די שול דורכגעפירט צוויי זאמלונגען צווישן די קינדער: חנוכה־געלט און שלח־מנות־אקציע.

די זאמלונגען זיינען ביי אונדז באזירט אויפן יסוד פון אפשפארן פון זיך: די קינדער דארפן ניט קלייבן פון אנדערע, ניט פארקויפן קיין מארקעס, פלעטן (ראפלס בלע״ז) וכדומה, נאר אפשפארן פון דעם וואס זיי האבן, פון זייער חנוכה געלט, פון אפשפארונגען, פון וואר־געלט וואס עלטערן גיבן אויף נאשערייען וכדומה. ניט מיר ווילן פון די קינדער מאכן אן אפאראט צונויפצוזאמלען נאך געלט פאר וויכטיקע צילן. מיר ווילן זיי איינגעוווינען צו דער מצווה פון געבן און געבן פון זיך.

די זאמלונגען האבן דאס יאר אריינגעטראגן:

| | |
|---|---|
| חנוכה־געלט זאמלונג | $207.87 |
| שלח מנות | 76.25 |
| דאס געלט איז פארטיילט געווארן: | |
| יוגנט עליה, דורך הדסה | $ 60.00 |
| הילפס קאמיטעט ביים קאנגרעס | 70.00 |
| געווערקשאפטן קאמפיין | 120.00 |
| די געבליבענע צייטוויייליק אין שול | 34.12 |

חנוכה זיינען דורכגעפירט געווארן פארווייילונגען — אין אפטיילונג, 2 מאל; אין הויפט שול, 3 מאל: פאר די יונגערע קינדער, פאר די עלטערע, פאר די עלטערן און פריינט. אויסגענומען האט די שפיל פון ה׳ פ. זאלף, ״דאס אייביקע ליכט״, וואס איז שפעטער איבערגעחזרט געווארן עטלעכע מאל אין וויניפעג (געשטעלט אויך אין מאנטרעאלער פרץ־שול).

פורים־קאנצערטן — 3. פאר יינגערע קינדער מיט מאסקעס. אויסגעצייכנט האבן זיך די קינדערשע פאראדיעס און וויציקע נאמאכונגען. דער קאנצערט פאר דער אוונט שול איז געווען צוגעגרייט דורך א קינדער־קאמיסיע.

דער טראדיציאנעלער דריטער סדר אין שול, האט צוגעצויגן גאר א גרויסן עולם. צענדליקער מענטשן האבן ניט געקענט אריין אין זאל — ער איז געווען איבערפול.

צום דריטן סדר איז געווען ארויסגעגעבן א ספעציעלע ״הגדה״.

איצט גרייט זיך די שול צו דעם גרויסן יובל־גראדויר קאנצערט וואס וועט פארקומען אין א גרויסן טעאטער.

די סיסטעמאטישע פרייטיק צו נאכטן האבן זיך אין דעם יאר געפירט פון סכות ביז פסח. עס זיינען פארגעקומען 18. בסך־הכל זיינען אין די 5 יאר געווען 122.

זייער פראגראם: שלום עליכם, גרוסן, אגדה פראגמענטן, תנ״ך, פאעמע, משל, קינדערשע שאפונגען, טענץ, כאר דעקלאמאציע, פון צייט צו צייט קאנצערט, פארלעזונג פון שלום עליכם און קאלעקטיווע גרוסן.

די עלטערע תלמידים פון שול האבן זיך באטייליקט אין די אונטערנעמונגען פון דער יידישער יוגנט אין שטאט. אייניקע מאל זיינען זיי געווען די איניציאטארן.

# באַגריסונגען

## באַגריסונג פון קולטור און דערציִונגס קאָמיטעט בײַם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס, מערב דיוויזיע

צו אײַער דרײַסיק יאריקן יובל שיקן מיר אײַך אונדזער װאַרימע באַגריסונג. מיט דרײַסיק יאר צוריק האט איר זיך געשטעלט די פראגע: וואס וועט זײַן מיט דער ייִדישער דערציִונג פונעם ייִדישן קינד און ווי אזוי וועט פאָרמירט ווערן זײַן פערזענלעכקײַט? ווי אזוי וועט דער יונגער ייִדישער דור צוגעגרייט ווערן צו פאַרשטיין דאס ייִדישע לעבן און ווערן אן אקטיווער ייִדישער מענטש, א באַוווּסטזיניקער זון פון זײַן פאָלק?

מיט עקשנות האט איר אנגעהייבן אײַער ארבעט און מיט דער זעלבער עקשנות און אויפריכטיקײַט זײַט איר געגאנגען אויף דעם וועג פון פראגרעסיווער וועלטלעכער ייִדישקײַט. די י. ל. פרץ שול האט אזוי פאַרנומען א וויכטיקע פאזיציע אין דעם ייִדישן דערציִונגס וועזן אין קאַנאַדע.

אין דער אלגעמיינער צערודערונג פון אונדזער ווירקלעכקײַט אויף דעם דאזיקן קאנטינענט, ווּ צוויי־דריטל ייִדישע קינדער וואקסן אין גוואלדיקער עם הארצות ניט טרינקענדיק פון דעם ייִדישן קוואל, זײַט איר, ווי פאַרזיכטיקע סטראטעגיקער געשטאנען בײַ אײַערע פּאָזיציעס אין דער טעגלעכער מלחמה פאַרן קיום פון ייִדישן באַוווּסטזײַן.

קעגן דער סכנה פון דער אלץ־פאַרפלייצנדיקער אסימילאציע, האט איר זיך ארויסגעשטעלט ווי קנאים פאַר ייִדיש און געזוכט צו שאפן א באַדן אין אן אטמאָספער פאַר ספּעציפיש ייִדישע שטרעבונגען.

איר יום־טוב אײַער יובל אין א צײַט ווען עס וויגן זיך די יסודות פון דער וועלט און דער גורל פון אונדזער פאָלק הענגט אויף משקולת. גלײַכצײַטיק מיט אײַער יובל זײַט איר געוואָרן א מיטגליד אין דער משפחה פון ייִדיש־נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד. זאלן אײַערע הענט געשטארקט ווערן. פאַרלירט ניט דעם פונק פון יענעם לעבעדיקן גלויבן, וואס אים האט יחזקאל הנביא אמאל, אויך אין צײַט פון חורבן און יאוש, באַוויזן ארײַנצובלאזן אז אטעם פון לעבן אין דעם טאל פון אויסגעטריקנטע ביינער.

קולטור און דערציִונג קאָמיטעט,

בײַם קאַנאַדער ייִדישן קאָנגרעס,

שלום מילער, פאָרזיצער.

——):(——

## אַ באַגריסונג פון הויפּט אָפיס פון ייִדיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פאַרבאַנד

מיר שיקן א הארציקע באַגריסונג צו דער פאַרוואלטונג, לערער און פרײַנט פון דער י. ל. פרץ־שול אין וויניפעג לכּבוד דעם 30 יאריקן יובל פון דער וויכטיקער קולטור און דערציִונגס אינסטיטוציע.

די י. ל. פרץ שול אין וויניפעג מעג מיט רעכט באַטראַכט ווערן פאַר איינער פון די גוט־עטאַבלירטע שולן וואס גיט צו חשיבות דער מאָדערנער ייִדישער שול באוועגונג. די טוער פון דער י. ל. פרץ שול האבן שטענדיק ארויסגעוויזן געטרײַשאפט און איבערגעגעבנהײַט צו דער שול און צו אלעם וואס האט א פאַרבינדונג מיט די טעטיקײַטן פאַר א מאָדערנער ייִדישער דערציִונג אויף דעם קאָנטינענט.

צוזאמען מיט אונדזער הארציקער באַגריסונג לכּבוד דעם 30 יאריקן יובל פון דער שול, דריקן מיר אויס אונדזער דערוואַרטונג, אז די י. ל. פרץ־שול וועט אויך אין אקטיוון אופן מיטארבעטן און מיטהעלפן אונדזער פאָלק־שול באוועגונג זיך צו באפעסטיקן אין אלע טיילן פון די פאַרייניקטע שטאטן און קאַנאַדע פאַר אונדזערע געמיינזאמע צילן אויפן געביט פון ייִדישע דערציִונגס טעטיקײַטן.

גענעראל עקזעקוטיווע פון

ייִדיש־נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד,

דוד פינסקי, פרעזידענט.

ל. סיגאל, סעקרעטאַר.

——):(——

## באַגריסונג פון דער ייִדישער פאָלקס שול

די פאַרוואלטונג פון פאָלקס־שול אין וויניפעג באַגריסט הארציק די פרץ שול צו איר 30 יאריקן יובל.

די פרץ שול, איינע פון די עלטסטע און איינגעפונדעוועטסטע ייִדישע שולן אויפן אמעריקאנער קאָנטינענט, איז א פּראָדוקט פון אונדזער אייביקן דראנג צו נאַציאָנאַלן קיום און נאַציאָנאַלן המשך. א פאַרזוך צו דערציען א ייִדישן דור וואס זאל אײַנזאפּן אין זיך די גאנצע ירושה פון אלע דורות.

מיט 30 יאר צוריק האבן עטלעכע עקשנים אוועקגעשטעלט אין צענטער פון זייער טעטיקײַט — די ייִדישע דערציִונג וואס איז, איז תּוך דער יסוד פון ייִדישער עקזיסטענץ. הם חיינו וארוך ימינו.

30 יאר זײַנען פאַרבײַ. א סך ענדערונגען זײַנען פאָרגעקומען אין ייִדישן לעבן. א סך חלומות זײַנען צערונען געוואָרן. דאס אײראפּעישע ייִדנטום ליגט א חרובֿ, א צעבלוטיקטס אונטער דעם יאך פון אונדזערע בלוטיקע שונאים.

ערשט איצט דערזעען מיר די נייטיקײַט און די וויכטיקײַט פון 30 יאר פרץ שול, ווי אן אינטעגראַלער טייל פון א גרויסער נעץ ייִדישע שולן אין אמעריקע און קאַנאַדע.

זײַט באַגריסט, טוער פון פרץ שול! לאמיר אלע צוזאמען העלפן שמידן "די גאלדענע קייט" פון י. ל. פרץ, אזוי אז דער חוט המשולש פון פאָלק, לאנד און תורה זאל קיינמאל ניט איבערגעריסן ווערן.

לבנים נפלו וגזית נבנה. חזק.

ג. סודאק, פאָרזיצער.

——):(——

## באַגריסונגען פון דירעקטאָר פון ייִווֹ"אָ מ. ווײַנרײַך

זייער חשובֿער פרײַנד, י. א. טשערניאַק: —

א הארציקן דאנק אײַך פאַר אײַער מעלדונג וועגן דעם יובל־בוך, וואס איר גרייט. דרײַסיק יאר פרץ־שול

אין וויניפעג איז באמת א גרויסע ראטע, און טאמער ווייסן ניט וועגן דעם גענוג יידן איז דאס נאר דערפאר ווייל אונדזער קולטור־באלעבאטישקייט איז אזוי צעשפליטערט און מיר ווייסן ניט ווי אזוי זיך צו לערנען איינער ביים צווייטן. אביסל זייט איר אפשר אליין אויך שולדיק, ווייל איר האט אין אייער עניוות ניט גענוג דערציילט וועגן אייער טאג־טעגלעכער ארבעט. אדרבא. דערציילט אין אייער איצטיקן בוך ניט נאר וועגן דער יום־טובדיקייט, וואס איר האט אזוי כשר פארדינט, נאר ניט אויך איבער וועגן די דערגרייכונגען אין אייער טאג־טעגלעכער ארבעט און וועגן די מעטאדן וואס איר ניצט אויף ביייצוקומען די אומהייערע שוועריקייטן. אפילו וועגן אייערע דורכפאלן דארפט איר ניט שווייגן. מיט דער אונטערשטער שורה פון אייערע דערגרייכונגען האט איר זיך אוואדע ניט וואס צו שעמען, און פון די פעלערן וואס איר זייט באגאנגען טאפנדיק א וואנט, וועלן זיך אנדערע לערנען. טאמער איז פאראן א שטאט אין דער וועלט וואס דארף זיך אראפנעמען א מוסר־השכל פון אייערע אויפטוען איז דאס ניו־יארק. נאך היינטיקן טאג וואלט ניו־יארק געקענט אויפטאן אויפן פעלד פון יידישער דערציאונג אן א שיעור מער, ווען זי זאל וויסן ווי אזוי צו טאן און דער גרויסער קאפיטאל און עקשנות און איבערגעגעבנקייט וואס איז דא פאראן זאל פארניצט ווערן אויפן געהעריקן אופן. אויף אייער פראקטיק וואלט מען זיך היפש געקענט אנשפארן. טא רעדט ווערטער!

איך ווינטש אייך אל דאס גוטס. הלוואי די צווייטע דרייסיק יאר זאלן זיין נאך בעסער ווי די ערשטע. און דערנאך וועט מען זען.

מיט די הארציקסטע גרוסן פאר אלע חברים,

אייער איבערגעגעבענער,

מ. ווײַנרײַך.

——)::(——



מענדל עלקין

איז די פרץ שול שוין 30 יאר! בסך הכל זיינען דאך 30 יאר גארניש, — איך בעט אייך, וואסער שנעק איז דאס היינטיקע צייטן ניט אלט קיין 30 יאר? וואס איז דאס לגבי א 70ער? און דאך . . . האט נאך אמאל ר' שלמה איבן גבירול געקלאגט: די זיבעציקער זיינען גיבורים (יין בגימטריא 70), זיינען די 90ער געקומען און זיי דערדריקט (מים איז 90). ביי אונדז איז נאך מער: א 30ער האט מער פאראד ווי איך — א 70ער. איז דערפאר וויל איך זיך נוסם זיין — והיה, און עס וועט זיין ווען דער איצטיקער בעל היובל פון די 30ער וועט אליין זיין א בן שבעים, זאלן זיין אויך דעמאלט יינגערע יידישע קולטור אינסטיטוציעס, אט אין די סאמע 30ער, שנעקעם יונגע וואס זאלן זיין גרעסער, ברייטער און טיפער, מעכטיקער און פארצווייגטער און מען זאל אויך זייערע יובלס מער יום־טובן. זאלן זיי, די יונגע איבערשטייגן און איבערוואקסן די אלטע און א דור זאל זיך שטארקן. איז זאל אט דער יום־טוב פון וויניפעג און פון אלע וואס זיינען באפריינדעט מיט וויניפעג זיין א סימן, אז עס שטייט נאך פאר ארבעט און ארבעט. הלוואי מאכט מען עס אין דרייסיק יאר, אמן!

א ייד, כמעט א וויניפעגער,

מענדל עלקין.

——)::(——

## לייענקרייז קאונסיל

דער לייענקרייז קאונסיל, אין וועלכן עס זיינען אנגעשלאסן 15 לייענקרייזן, באגריסט די פרץ שול צו איר 30טן יובל, און דעם מוטער פאריין צוויינג 1 צו איר 25 יאריקן יובל.

א שווערן פיאנערן־וועג איז אייך, חברים וואס שטייען ארום דער שול, באשערט געווען דורכצומאכן. א רויען, ניט באריהטן באדן, האט איר געדארפט אויפאקערן און פארזייען די ערשטע זוימען פון א יידיש־וועלטלעכער דערציונג אין וויניפעג.

דורך דעם אידעאליזם און איבערגעבנהייט מצד די חברים ארום דער שול, איז פון אט דעם פונדאמענט אויסגעוואקסן א הויכער לייכט־טורעם, וועלכער האט געווארפן ליכט־שטראלן אויף יעדער ווינקל פון יידישן קולטור לעבן אין וויניפעג. און ניט נאר דא אין שטאט האבן די שטראלן געלויכטן און געווארעמט. זיי האבן זיך צעשפרייט, צעטראגן און געווירקט אויף דעם גאנצן אמעריקאנער קאנטינענט.

ביי אונדז אין שטאט, איז ניטא קיין איין קולטור געזעלשאפט אויף וועלכער די פרץ־שול האט ניט געהאט קיין דירעקטע אדער אומדירעקטע השפעה.

אונדזער לייענקרייז קאונסיל, וואס פייערט איצט זיין 5 יאריקן יובל, איז אויך אן אומדירעקטער פראדוקט פון דער פרץ־שול. 30 יאר ארבעט אויף דעם געביט פון דערציונג, האט גרייט געמאכט דעם באדן פאר אזא ריין־קולטורעלער ארגאניזאציע, ווי אונדזער לייענקרייז קאונסיל. דעריבער פילן מיר זיך גאר נאנטע מחותנים ביי אייער איצטיקן, גאר גרויסן יום־טוב.

אונדזער הארציקע באגריסונג און וואונטש, אז די אינסטיטוציע פרץ שול זאל נאך וואקסן און בליען און גאר בקרוב דערלעבן די צייט, ווען יידישע קולטור וועט זיין אונדזער הויפט־זארג.

פאניע טשערניאק, פארזיצערין.

חאזע עלקין, סעקרעטארין.

## ה. לייוויק לייענקרייז

דער קרייז האט זיך געגרינדעט אין נאוועמבער, 1939, מיט 26 מיטגלידערנס. די גרינדונגס־פארזאמלונג איז פארגעקומען אין הויז פון מרס. י. וואכנאוו, וואס איז טאקע געווען די ארגאניזאטארין.

פון דאן אן טרעפט זיך דער קרייז רעגולער יעדער וואך ביי אן אנדער חברה אין הויז. עס ווערן געלייענט אלע יידישע קלאסיקער און אנדערע אנגעזעענע שרייבער פון דער יידישער ליטעראטור.

א פיינער איינפיר ביים קרייז איז דער פלעטן מעטאד. ווען א נייע בוך דערשיינט, קויפט דער קרייז עטלעכע קאפיעס און פלעט זיי אוים צווישן די חברות. אויף אזא אופן האט דער לייוויק לייענקרייז געקויפט און געשטיצט דעם "גייער", די יידישע ענציקלאפעדיע און א גאנצע רייע אנדערע וויכטיקע ווערק.

דער קרייז האט אויך א מיטגליד שטייער סיסטעם. מיט די שטייערן ווערן געשטיצט דירעקט א גאנצע רייע קולטור אינסטיטוציעס, לאקאלע און נאציאנאלע.

אויב די שטייערן זיינען ניט גענוג, דערלויבט זיך דער קרייז אמאל דורכצופירן א ספעציעלע אקציע פאר א געוויסן צוועק. אזוי, למשל, האט ער געגעבן א ספעציעלע ביישטייערונג צום געביידע פאנד פון ייווא.

מיט דער לעצטער ביישטייערונג, וואס דערמאנט אט די שורות, איז דער קרייז באזונדערס צופרידן. מיר, די מיטגלידערנס פון לייוויק לייענקרייז, האפן, אז מיר וועלן האבן געלעגנהייטן צו שטיצן און צו באגריסן די שול ביי פיל אנדערע געלעגנהייטן.

מרס. מ. גראש, פארזיצערין.

מרס. ל. זאראוו, סעקרעטארין

——):(——

## אברהם רייזין לייענקרייז

די מאמעס פון אונדזער קרייז, וואס לייענען די יידישע ליטעראטור, ווינטשן דער פרץ־שול צו איר 30טן יובל, אז די קינדער וואס וועלן ארויסקומען פון שול, זאלן אנהאלטן די שיינע טראדיציע פון עם־הספר.

מרס. ח. ראבינאוויטש, פארזיצערין.

——):(——

## פועלי ציון און 30 יאר י. ל. פרץ שול

מיט דרייסיק יאר צוריק איז די פארטיי פועלי־ציון געווען די ערשטע צו פארשטיין, אז אן דער יידישער דערציונג איז ניט מעגלעך א יידיש לעבן. און די פאלקס שולן באוועגונג איז געווארן דער בראשית פון דער פארטיי טעטיקייט אין די שטאטן און קאנאדע. דערפאר איז דער 30 יאר יובל פון דער פרץ־שול אין וויניפעג אונדזער שמחה. די י. ל. פרץ שול האט אפט פרעטענדירט צו זיין אומפארטייאיש, און דאך איז זי אין תוך א דירעקטער פועל יוצא פון דער פועלי־ציון אידעאלאגיע, ווי אזעלכע איז זי תמיד געווען נאנט צו פארטיי און פארבאנד חברים.

די י. ל. פרץ שול איז יעצט א ווירקנדיקער, לעבעדיקער פאקטאר אין יידישן לעבן ניט נאר אין וויניפעג, נאר אויף דעם גאנצן אמעריקאנער קאנטינענט. זי איז געווען די ערשטע איינצופירן א קינדערגארטן, א טאג־שול און שפעטער א מיטל־שול און העכערע קורסן. אויף וויפל זי האט משפיע געווען אויף דעם יידישן לעבן, איז זי געווען פועלי ציוניסטיש אין גייסט. דערפאר איז יעצט — ביים 30 יאריקן יובל פון דער י. ל. פרץ שול — דא א באוועגונג צוריק צום מקור. פאר א פאראייניקונג פון אלע כוחות ארום אונדזער שול באוועגונג.

מיר, די פועלי ציון, זעען אין דער שול א פראדוקט פון אונדזער דראנג צו א נאציאנאלן קיום און נאציאנאלן המשך, א פארזוך צו דערציען א דור וואס זאל איינזאפן אין זיך די ירושה פון דורות און א בענקשאפט פאר א נייעם לעבן, וואס איז אלט ווי אונדזער פאלקס געשיכטע.

אין שנים כתיקונם, האבן די פועלי ציון באראפט זיין די הויפט מחותנים ביי דעם שול יום־טוב, זיינען זיי דאך געווען פון די ערשטע בויער און גרינדער פון דער שול. אבער געוויסע סיבות האבן גורם געווען א צייטווייליקע דערווייטערונג. איז אונדזער ווונטש, אז דער יובל פון י. ל. פרץ שול זאל זיין דער עמוד האש סימבאל פאר א דערנענטערונג און פאראייניקונג פון די צעטיילטע כוחות פאר א קאמף קעגן אסימילאציע און הפקרות אין יידישן לעבן, פאר א ניי לעבן וואס זאל פירן צו דער באפרייונג פון יידישן פאלק, פאר א פריי לעבן אויף א באפרייט יידיש לאנד — ארץ ישראל.

יידישע סאציאליסטישע ארבעטער פארטיי פוע"צ.

משה פיערמאן, פארזיצער.

יוסף מיימאן, סעקרעטאר.

——):(——

## די פיאנערן פרויען ארגאניזאציע

די פיאנערן פרויען ארגאניזאציע איז געגרינדעט געווארן אין 1925. האט פארבונדן איר גורל מיטן אויפבוי פון א נאציאנאלער היים אין ארץ־ישראל אויף דעם באזיס פון קאאפעראציע און פרייער ארבעט. האט 265 קלובן איבער אמעריקע און קאנאדע.

6 פון די קלובן געפינען זיך אין וויניפעג. מיר האלטן זיך ביים אויבנדערמאנטן פרינציפ. מיר פארגעסן אבער אויך ניט אין לאקאלער ארבעט: מיר שטייען אויף דער וואך אין דער דערציונג און דערהייבונג פון דער יידישער פרוי צו נאציאנאל־געזעלשאפטלעכע פאראנטווארטלעכקייטן.

האבנדיק דעם לעצטן פרינציפ אינזינען גייען די היגע קלובן אן מיט לאקאלער קולטור און געזעלשאפטלעכער ארבעט אויף א ברייטן מאסשטאב. מיר זיינען זייער אקטיוו אין דער פאלקס שול, ארגאנזירן לעקציעס און אונטערנעמונגען פאר אונדזערע מיטגלידערינס און שטיצן פארשיידענע נאציאנאלע און לאקאלע אקציעס.

דער פרץ שול, אלס דערציונגס אנשטאלט פון א גרויסער צאל קינדער אונדזערע, און אלס א שול, וואס איז אונדז נאנט אין גייסט, מיט וועמען מיר האלטן ביים פאראייניקן זיך — אונדזער הארציקסטע ברכה צום 30טן יובל. לאמיר דערלעבן פייערן א סך אזעלכע יובילייען צוזאמען אין א שענערער וועלט אין וועלכער ארץ־ישראל זאל פארנעמען אן אנגעזעענעם פלאץ אלס א באפרייטע יידישע היים.

פיאנערן פרויען קאונסיל.

# אידיש־נאציאנאלער ארבעטער פארבאנד

## צווייג 20

מ. קאהען, סעקרעטאר



דער יידיש־נאציאנאלער אר־בעטער פארבאנד פייערט היי־יאר דעם 30טן יובל. עס איז ניט קיין צופאל וואס די י. ל. פרץ־שול איז וויניפעג פייערט אויך די זעלבע דאטע — 30 יאר עקזיסטענץ.

אויף דער גרינדונג פארזאמלונג פון "פארבאנד", מיט איבער דרייסיק יאר צוריק, איז דורכגעפירט גע־ווארן א רעזאלוציע וועגן בויען נאציאנאל־ראדיקאלע שולן — און זיי האבן זיך טאקע דאן אנגעהויבן בויען.

וויניפעג איז געווען איינע פון די ערשטע שטעט אויפן אמעריקאנעם קאנטינענט, צו גרינדן א יידישע שול און א פארבאנד צווייג.

די פארשיידענע גרופירונגען און ריכטונגען אויף דער יידישער גאס אין וויניפעג צוריק מיט 30 יאר, די ראדיקאל געשטימטע יידישע אינטעליגענץ, האט אין 1914 געגרינדעט א יידישע שול אונטערן נאמען: "נאציאנאל־ראדיקאלע".

מיט דער גרינדונג פונם פארבאנד צווייג 20 איז די פארוואנדשאפט פון די צוויי ארגאניזאציעס זייער נאנט געווארן. די מערסטע אקטיווע מיטגלידער פון פארבאנד זיינען גלייכצייטיק אין דער פרץ שול פאר־וואלטונג. אין יעדער קאמפיין און אונטערנעמונג פון שול האט דער פארבאנד פיגורירט פראמינענט, און פיל מאל דורכגעפירט זעלבסשטענדיק אונטערנעמונגען פון גרויסן מאסשטאב לטובת דער שול.

דער פארבאנד, צווייג 20, האט פאר דער צייט פון זיין עקזיסטענץ, דורכגעמאכט פארשיידענע עפאָ־כעס. עס זיינען געווען צייטן פון וווקס און שוווּנג, און פארקערט, צייטן פון צוריקגאנג און שפאלטונג, ווען דער פארבאנד אין וויניפעג האט זיך צעטיילט אין צוויי צווייגן. דער פארבאנד איז אבער שטענדיק גע־ווען א וויכטיקער כוח אין דעם געזעלשאפטלעכן לעבן פון שטאט.

לאקאל, ווי נאציאנאל, איז דער פארבאנד אין צאל קלענער ווי איניקע ארגאניזאציעס, דאך א זיי־ער אקטיווער, קעמפנדיקער כוח, שטענדיק צווישן די ערשטע זיך אפצורופן אויף די ליידן און נויטן פון יידישן קיבוץ אומעטום, מיט קאנסטרוקטיווער און מאטעריעלער הילף. דער פארבאנד איז ענג פארבונדן מיט אלע ווירקנדיקע באוועגונגען אויף דער יידישער גאס. צווישן די איניציאטארן פון יידישן קאנגרעס, הילף פאר מלחמה ליידנדיקע, יידישער קאנפערענץ, ארט, דזשאינט, האט געשטיצט מיט ריזיקע סומען און מאראליש די הסתדרות, די חלוצישע באוועגונג, דורך דעם געווערקשאפטן קאמפיין, געגרינדעט א קאלאניע אין ארץ־ישראל און איז ענג פארבונדן מיטן נייעם לעבן אין ארץ־ישראל.

צום 30טן יובל האט דער פארבאנד דערגרייכט די צאל פון 20 טויזנט, און גייט מיט ריזיקע שריט צו גרעסערע צאלן און גרעסערע אויפגאבעס. דער פארבאנד איז א וויברירנדיקער יונגער כוח, וואס האלט אין וואקסן און אויסשפרייטן זיך איבערן קאנטינענט.

אין די לעצטע עטלעכע יאר האט דער צווייג 20 דורכגעמאכט א גרויסן וווקס. דער צווייג ציילט איצט קארגע 250 מיטגלידער. די גרעסערע צאל מיטגלידער שטארקט דעם פרעסטיזש און אנזען פון פארבאנד אין שטאט און באווירקט שטארק דאס לאקאלע קולטור גע־זעלשאפטלעכע לעבן.

עס איז איצט כמעט ניטא קיין ריזיקע דורכצופירן די גרעסערע אונטערנעמונגען, אראפברענגען דירעקט פון ניו־יארק יידישע טרופעס, לעקטארן, דורכפירן קאמפיינס מיט דערפאלג, ווען מען נעמט אין אנבא־טראכט די צאל מיטגלידער פון ביידע צווייגן און זייע־רע משפחות.

דער פארבאנד האט זיך לעצטנס געשטעלט די אויפגאבע צו פאראייניקן אין איין שול צענטראלע די פרץ שול מיט דער פאלקס שול, וועלכע האט זיך גע־גרינדעט אין 1930. מיר ווילן גלייבן און האפן, אז די פאראייניקונג וועט פארקומען — און אזוי ארום וועט פארשטארקט ווערן דאס יידישע שול וועזן אין שטאט.

צום 30טן יובל פון שול ווילן מיר אין נאמען פון צווייג באגריסן די פרץ שול געזעלשאפט, פון די ער־שטע טוער ביז די איצטיקע, וואס זיינען אזוי פיל יארן געשטאנען ביי דער ארבעט פון יידישער דערציִונג, אין קאמף קעגן מוראדיקע שוועריקייטן, און אויסערלעכע שטרויכלונגען פון סביבה און שטארקערער קולטור.

ג. שעפס, פארזיצער.

מ. קאהען, סעקרעטאר.

די מיטגלידער פון אונדזער צווייג זיינען:

| | | |
|---|---|---|
| אווערבאך, מ. | בראדסקי, דזש. | גרעי, מ. |
| אווערבאך, י. | בייקער, פ. | גילמאן, דזש. |
| ארטנשטיין, וו. | באול, ב. | גרובער, ס. |
| אדוויק, ה. | בראטמאן, ע. דזש. | גורוויטש דזש. |
| אסטראוו, ס. | בראנשטיין, ב. | געלפאנד, י. |
| בורשטיין, מ. ח. | באגאטש, דזש. | גאלאמב, א. |
| בערנשטיין, דזש. | בעל, ד. | גראש, מ. |
| בערנשטיין, ה. | בלומבערג, דזש. | גאנעצקי, י. |
| בוש, א. | בורשטיין, דזש. | גיטערמאן, ס. |
| באראדיצקי, ס. | בעם, מ. | גאלדין, ס. מ. |
| באראדצקי, מ. | בריק, פ. | גאניק, ל. |
| באראדיצקי, דזש. | בלינדער, ס. | גארשטיין, ל. |
| בערמאן, ב. | גאלדבערג, מ. | גרינשפון, ס. |
| בורשטיין, דר. | גאנעצקי, ס. | גארפינקל, מ. |
| באקאלינסקי, ה. | גראנאווסקי, א. | גודמאן, דזש. |

גאָן, ס.
גאָן, מ.
דיימאַנד, מ.
דובאוו, ב.
דעקטער, מ.
דאַנין, דזש. וו.
דימענטשטיין, י.
דינאַבורג, ס.
דרימאַן, ס. ד.
דזשייקאַב, ע.
הערבסט, ס.
העסטרין, י.
ווינסקי, א.
וויקטאָר, דר.
וויקטאָר, מ. ב.
וואַלקין, דר.
וויינבערג, דזש.
וואַרקאַוו, מ.
וויזנטאַל, ס.
וואַל, ד.
וואַליצער, ה.
וואַלש, א.
ווינקור, מ.
וויַסמאַן, מ.
וויאַלדאַרסקי, דזש.
וואַלדמאַן, מ. פֿ.
זאַלצמאַן, דזש.
זאַראַוו, ל.
זלאַטניק, ז.
זעליג, ה. י.
זאַלף, פֿ.
זיוואַט, דזש. ס.
זעליקסאָן, א.
זילבערמאַן, ר.
זעלטשען ש. מ.
זעלטשען, נ.
זעלטשען, י.
טאָמפּסאָן, ד.
טשערניאַק י. א.
טשערניאַק, פֿאַניע
טולטשינסקי, ה.
טעפּער, ה.
יפֿה, דר.
לאַקשין, נ.
לאַפּקין, נ.
ליפֿשיץ, דזש.
ליבערסאָן, ב.
לעווין, ה.
לימאַן, ה.
ליטמאַן, דזש. ל.
לעוואַנט, ב.
לענדער, י.
לייבאָוויטש, מ.
ליטוואַק, ד.
מאָזער, ר.
מייערס, ה.
מייערס, מ.
מינער, א.
מינסטער, א.
מילער, ב.
מיַמאַן, ב.

מעגין, ס.
מינס, מ.
מלמד, פּ.
מיניוק, מ.
מיניוק, טש.
מאָר, דזש.
מאַגלאַוו, ה.
מערניק, טש.
מאָזאַרט, ה.
מעלמאַן, ס.
ניטיקמאַן, מ. י.
נעווין, טש.
ניימאַק, ס.
ניפּאָן, דזש.
סאַלאָוו, ס.
סודאַק, ד.
סעדלעצקי, ל.
סירקין, וו.
סילווער, י.
סמיט, י.
סענגראַ, פֿ.
סאַלאָמאָן, י.
סילווערבערג, ה.
סילווערבערג ס. ז.
סילווערמאַן, א.
סילווערמאַן, א.
עלים, ד.
עראָן, דזש.
ערליכמאַן, דזש.
פּאַלינסקי, ס.
פּאָלאַק, מ.
פּאָלאַק, דזש.
פּאַר, י.
פּאָלאַנסקי, ד.
פּערלמאַן, דר.
פּערלמאַן, ח.
פּערמאַן, י.
פּריזל, מ.
פּעלזנער, י.
פּראַמיסלאַוו, דזש.
פּלעסקאַ, פּ.
פּלאַטקין, י.
פֿריידין, י.
פֿרידמאַן, ס.
פֿעלדמאַן, ס. ד.
פֿייערמאַן, מ.
פֿייערמאַן, ז.
פֿייערמאַן, י.
פּוטליק, א.
פֿריילעך, דזש.
פֿליישמאַן, דזש.
פֿישמאַן, א.
פֿרימאַן, י. ע.
ציפּורסקי, א.
ציפּורסקי, מ.
צירולניקאָוו, א.
צייטלין, א.
קאָהען, ב.
קאָהען, מ.
קאָהען, מ.
קאָהען, מ.

קאַנטאָר, מ.
קאָרן, ח.
קעלאָן, מ.
קוזין, ש.
קאַץ, ס.
קאַץ, י.
קאַץ, פּ.
קאַפּמאַן, ד. ס.
קאָזלאָווסקי, מ.
קאַפּלאַן, ל.
קאַרלינסקי, א.
קעלער, וו.
קעלער, עטל
קים, מ.
קורץ, ב.
קליין, מ.
קליפּער, ר.
קאַפּל, מ.
קאַפּעלאָוו, ה.
קושניר, מ.
קאָרן, י.
קעטנער, י.
קראַוט, ס.
קלאַפּמאַן, ה.
ריווקין, י.
ריווקין, א.
ראַיעוו, מ.
ראַכלים, ל.
רייבער, א.
רייבער, ה.
ראָזנבערג, ל.
ראַבינאָוויטש, ס
ראָון, ס.
ראָלער, ה.
רוטמאַן, ס.
רובין, א.
ראָטשטיין, מ.
ריטלמאַן, ס.
ריפּ, דזש.
ראָזנבוים, ל.
ראָזנטאַל, דזש.
ראַדינאָווסקי, מ.
ראַטנער, דזש.
שאַפּיראָ, ב.
שולמאַן, דזש.
שעפּס, ב.
שעפּס, ג.
שעפּס פּאַליע
שעפּס, דר.
שײַנים, א.
שאַץ, י.
שאַרף, מ. ר.
שאָר, מ.
שאָר. ס.
שיפּמאַן, א.
שיפּמאַן, מ.
שמעלניצקי, ל.
שמעלניצקי, א.
שטיימאַן, מ.
שאָלעם, ב.
שטיין, י.

ביַי דער געלעגנהייט פֿון אַ יום־טוב דערמאָנען מיר מיט צער די וואָס זיַינען פֿון אונדז אוועק און קענען זיך אין יום־טוב ניט באַטייליקן. זאָל כאָטש זייער נאָמען דאָ דערמאָנט ווערן צום גוטן. דאָס זיַינען די חברים.

בוטאָווסקי
פֿיַינשטיין
פֿוטליק
סטאַלבעק, ל.
פּעסיקאָוו, מ.
סילווערט, י.
שאָר, מ.
ניסנהאָלץ, מ.

——)::(——

## פֿאַרבאַנד לייַ־קאַסע

די ליַי־קאַסע פֿון יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד, צווייַג 20, באַגריסט אין נאָמען פֿון אַלע אירע מיטגלידער די י. ל. פּרץ־שול פֿון וויניפּעג צו איר דריַיסיקסטן יובל, און ווינטשט, אַז די צוקונפֿט פֿון דעם דאָזיקן לערנאַנשטאַלט זאָל נאָך איבערשטיַיגן איר פֿאַרגאַנגענהייט און קעגנוואַרט, און זאָל זוכה זיַין צו דערציען דורות אין גיַיסט פֿון אונדזער אָריגינעלער נאַציאָנאַלער קולטור אין אמת יידיש טראַדיציאָנעלן גיַיסט.

ש. גאָנעצקי, פּאַרזיצער.
ב. בראָנשטיין, סעקרעטאַר

——)::(——

## דער ווידערגעבורט פֿון יִדיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד צווייַג 220

פֿאַר אַ משך פֿון 12 יאָר האָט אין וויניפּעג עקזיסטירט אַ סירקין צווייַג פֿון יידיש־נאַציאָנאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד, און בלויז עקזיסטירט. אַבער כאָטש דער צווייַג האָט זיך געפֿונען 12 יאָר אין אַ פֿאַרגליווערטן, אפֿשר אויך אין אַ גסיסה צושטאַנד, האָט ער דאָך באַרעכטיקט זיַין עקזיסטענץ שוין דערמיט אַליין. וואָס ער האָט דערמעגלעכט זיַין ווידערגעבורט און איבערבוי מיטן אַנקום פֿון חבר י. וויַינשטיין, אין 1942.

מיט ערשטן באַזוך פֿון חבר וויַינשטיין, איז אין אַן ענגן קריַיז פֿון אַ הייפּעלע פֿריערדיקע חברים און עטלעכע ניַיע, דיסקוטירט געוואָרן די מעגלעכקייט פֿון אויפֿלעבן דעם בראַנטש. אַ דאַנק דער אַמביציע, גלויבן און עקשנות מצד ח׳ וויַינשטיין און אַ קליינער גרופּע חברים; אַ דאַנק זייער טיפֿסטער איבערצייַגונג, אַז דער "פֿאַרבאַנד" אַקטיוויזירט דעם יידישן פֿאָלקס מענטשן פֿאַר נאַציאָנאַלער באַפֿריַיונג און פֿאַר ארץ־ישראל, האָט זיך די אַקציע פֿאַר מיטגלידער איַינגעגעבן אַזוי, אַז צום ערשטן אינסטאַלירונג יום־טוב, אין 1942, איז דער צווייַג אויסגעוואַקסן מיטאַמאָל צו 115 חברים, אַנשטאָט די פֿריערדיקע פּופֿצן.

פֿון יענער אינסטאַלירונג זיַינען פֿאַרביַי 2 יאָר. כאָטש דער סירקין צווייַג פּרעטענדירט ניט צו זיַין דער אתה בחרתנו ביַים פֿאַרבאַנד, האָט ער אָבער צו פֿאַרצייכענען די פֿאָלגנדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע, קולטורעלע און געזעלשאַפֿטלעכע טעטיקייטן :

א) אָרגאַניזאַציאָנעל איז דער צווייַג אַ לאָיאַלער און וויכטיקער טייל פֿון דער גאַנצער ציוניסטישער אַרבעטער באַוועגונג. ער איז אַנגעשלאָסן און ענג פֿאַרבונדן מיטן אַקציאָנס קאָמיטעט, וואָס איז דער אָרגאַניזירנדיקער און קאָאָרדינירנדיקער כוח פֿון דער אויבנדערמאָנטער באַוועגונג. מיר האַלטן אָט דעם אופֿן פֿון אָרגאַניזאַציע פֿאַר אַ וויכטיקן פֿאַקטאָר.

ב) עס זײַנען געשאַפֿן געװאָרן ברידערלעכע באַציִונגען מיטן צװײַג 20. אַט די באַציִונגען האָבן דערמעגלעכט, אַז אַלע געמײנזאַמע געזעלשאַפֿטלעכע אונטערנעמונגען האָבן געבראַכט גוטע רעזולטאַטן מאָראַליש און פֿינאַנציעל.

מיר פֿירן דורך מיט גרויס דערפֿאָלג משפחה אָװנטן, אַלע דרײַ חדשים, װוּ מיר קומען זיך צונױפֿ צו פֿאַרברענגען אַ פּאָר שעה אין אַן אינטימער און חברשער סביבה. אָט דער "שבת אחים גם יחד" איז אַ קאָלאָסאַלער סטימול פֿאַר געמײנשאַפֿטלעכע אַקציעס

ג) מיר האָבן אָרגאַניזירט אַן אײגענע לײַ־קאַסע מיט אַ באַזונדער פֿאַרװאַלטונג. די לײַ־קאַסע גיט הלװאות אױף לײַכטע אױסצאָלונגען און שטיצט מיט אירע פּראָפֿיטן געזעלשאַפֿטלעכע, דערציערישע און קולטורעלע אינסטיטוציעס אין אײנקלאַנג מיט די פּרינציפּן פֿון פֿאַרבאַנד.

ד) אײנע פֿון די שענסטע און רײַכסטע קאַפּיטלען פֿאַרנעמט דער געװערקשאַפֿטן קאַמפּײן. די לעצטע פּאָר יאָר האָבן די אַקציעס באמת איבערגעשטיגן אונדזערע דערװאַרטונגען. דער צװײַג האָט ניט געװאַרט אױף דער פֿאָלקס קאָנפֿערענץ. ער איז גלײך צוגעטראָטן צו דער אַרבעט און צו דער קאָנפֿערענץ איז ער שױן געקומען מיט אַ ממשותדיקער סומע פֿון $1,200. אין װײַטעריקן גאַנג פֿון דער אַקציע איז דערגרײכט געװאָרן די פֿולע סומע פֿון $2,000 צװישן אײגענע חברים. דאָס האָט אַ סך דערמוטיקט אונדזערע חברים אין דער אַרבעט פֿון אַלגעמײנעם קאַמפּײן װי זאַמלער.

מיר זײַנען פֿאַרטראַטן אין קאָנגרעס מיט צװײ פֿאָרשטײער. דורך דער איניציאַטיװע פֿון בײדע פֿאַרבאַנד צװײַגן, איז דער קאָנגרעס אױפֿגעפֿאָדערט געװאָרן צו פֿאַררופֿן דעם גרױסן מאַס־מיטינג װוּ אַ הזכרה נאָך די קדושים אין װאַרשעװער געטאָ איז געמאַכט געװאָרן. מיר זײַנען אױך פֿאַרטראַטן מיט אַ צאָל זאַמלער אין הילפֿס פֿאַרבאַנד פֿאַר די מלחמה לײַדנדיקע אין דער אַרבעט פֿון די װעכנטלעכע הױז צו הױז זאַמלונגען.

מיר האָבן זיך באַטײליקט דירעקט פֿון דער קאַסע און מיט אינדיװידועלע בײַשטײַערונגען װי שערהאָלדערס אין דעם באַדן קױף פֿאַר קעמפּ קבוצה חניתה פֿאַר די הבונים.

אין דעם לאַנד פֿאָנד פֿאַר אױסלײזן באָדן אין ארץ ישראל פֿאַר די צוריקגעקומענע סאָלדאַטן האָבן מיר זיך באַטײליקט מיט דער סומע פֿון $100, װאָס באַרעכטיקט אונדז צו אַ סערטיפֿיקאַט אין ספֿר הזהב אױפֿן נאָמען פֿון אַ צאָל מיטגלידער פֿון דער עקזעקוטיװע.

אַ באַדײַטנדיקן אינטערעס האָבן חברים אַרױסגעװיזן אין דעם פֿאַראײניקטן ציון אַפּיל — יו. פּי. אײ ניט אַכטנדיק דערױף װאָס די גרעסערע בײַשטײַערונגען זײַנען לכתּחילה אַרױסגענומען געװאָרן פֿון דעם ליסט פֿון אונדזער מיטגלידערשאַפֿט, האָט דאָך אונדזער צװײַג באַװיזן צו שאַפֿן אַ ממשותדיקע סומע פֿון די אײגענע רײען. אױסער דעם האָבן זיך אַ צאָל חברים אָנגעשלאָסן אַן דעם אַלגעמײנעם קאָמיטעט װי זאַמלער.

אױפֿן קולטורעלן געביט האָבן מיר זיך אַקטיװ באַטײליקט אין דער פֿאַרשפּרײטונג פֿון חיים שװיס בוך "די נביאים"; אין די אַקציעס פֿון לערער סעמינאַר, מיט דר' אָװערבוך. מיר האָבן אַראַנזשירט לעקציעס מיט יעקב לעשטשינסקי און פּנחס גינגאָלד, פֿון ניו־יאָרק; מיט א. גאָלאָמב, ה. ספּעקטאָר, ג. סודאָק, ז. שקלאָװער און ל. ראָזנבערג, פֿון װיניפּעג. דער אינטערעס, די באַציִונג און די גרײטקײט מצד חברים צו העלפֿן אַלע אונדזערע אינסטיטוציעס און אונטערנעמונגען, זײַנען גאָר אַ פֿרײדיקע דערשײַנונג אין לעבן פֿון צװײַג.

דעם 7טן יוני איז דורכגעפֿירט געװאָרן דער יערלעכער "ביטחון אָװנט" בשותּפֿות מיטן אַקציאָנס קאָמיטעט. די שורות װערן געשריבן פֿאַרן 7טן יוני. דערום איז נאָך פֿריצײַטיק צו שרײַבן אַ קריטיק און ניט מיר דאַרפֿן עס טאָן. דער "ביטחון אָװנט" װערט אַ טראַדיציע בײַ אונדז אין שטאָט. מיר האָפֿן, אַז ער װעט אָט די טראַדיציע אָנהאַלטן אױף אַ דערפֿאָלגרײכן אופֿן.

ערשט איצט זעען מיר אײַן װי װיכטיק און נױטװענדיק עס איז אַ פֿאַרשטאַרקטער פֿאַרבאַנד. גרױסע אחריותן װערן אױף אונדזער צװײַג אַרױפֿגעלײגט. אָבער מיר נעמען זײ אױף זיך מיטן געהעריקן דרךארץ און איבערגעבנהײט. משה רובאַנעוקאַ.

———):(———

# 37 יאָר עקזיסטענץ פֿון אַרבעטער רינג אין װיניפּעג

## װיכטיקע אױפֿטוען אױף אַלע געביטן פֿון ייִדישן לעבן

סעפּטעמבער דעם 7טן, װעט װערן 37 יאָר אַז בײַ אונדז אין שטאָט פֿירט אַן זײַנע טעטיקײטן דער אַרבעטער רינג צװײַג 169. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האָט פֿאַרשריבן שײנע בלעטלעך אין דער געשיכטע פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין װיניפּעג.

די טוער פֿון אַרבעטער רינג אין שטאָט פֿילן זיך װי מחותּנים אױף דער גרױסער שׂמחה פֿון די פּרץ שולן, װײַל צו דער אַנטשטײונג פֿון די דאָזיקע שולן, צו זײער װוּקס און אַנטװיקלונג, האָבן די אַקטיװע מיטגלידער פֿון אַרבעטער רינג ניט נאָר, װי מען זאָגט אױף דעם באַלעגאָלישן לשון, "אונטערגעשטעלט אַ פּלײצע", נאָר אױך אַרײַנגעגעבן אַ סך נשמה, אַרױסגעװיזן פֿיל געטרײַשאַפֿט צו דער הײליקער אַרבעט פֿון דערציִען ייִדישע קינדער אין ייִדיש־פּראָגרעסיװן גײַסט.

די דערציִונג אַרבעט, די אַרבעט פֿאַר דער מאָדערנער װעלטלעכער שול, איז ניט פֿרעמד די טוער פֿון אַרבעטער רינג. די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע האַלט־אױס איבער גאַנץ אַמעריקע די גרעסטע שול־נעץ, אױף װעלכער עס װערט אױסגעגעבן יעדער יאָר איבער אַ האַלבן מיליאָן דאָלאַר. אָבער נאָך מער װי געלט װערט אַרײַנגעלײגט אין די שולן געטרײַע, איבערגעגעבענע אַרבעט, װאָס איז דורכגעדרונגען מיט הױכן אידעאַליזם.

אױך דער אַרבעטער רינג אין װיניפּעג האָט אױף זײַן רעכענונג אַ שײן בלעטל ייִדישע שולן און קולטור טעטיקײט. אונדזערע מענטשן האָבן זיך געפֿונען צװישן די ערשטע, װעלכע האָבן אין 1914 געשאַפֿן די ייִדיש־ראַדיקאַלע שול אין װיניפּעג — טאַקע די איצטיקע פּרץ שול, װעלכע פֿײַערט הײַנט אַזאַ װיכ־

טיקע דאַטע. אַבער דער אַרבעטער רינג אַליין האָט אין 1921 געעפֿנט אַן אייגענע שול, וואָס האָט דורכגעמאַכט אַן אינטערעסאַנטע אַנטוויקלונג. די שול האָט אין די 17 יאָר פֿון איר עקזיסטענץ אַרויסגעגעבן 1,800 תּלמידים און תּלמידות, וואָס אַ סך פֿון זיי פֿאַרנעמען היינט אַנגעזעענע פּלעצער אין דעם יידישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. אויך צווישן דער יידישער לערערשאַפֿט וועט איר געפֿינען גראַדואַנטן פֿון דער אַרבעטער רינג שול אין וויניפּעג.

די אַרבעטער רינג שול אין וויניפּעג האָט אויך אַרויסגעגעבן קינדער־ביכלעך, וועלכע זיינען אַ פּיאָנער צושטייער צו דער יידישער קינדער־ליטעראַטור.

אויפֿן געביט פֿון קולטור־טעטיקייט ביי אונדז אין שטאָט איז דער אַרבעטער רינג כּמעט געווען דער פּיאָנער און דער אַקטיוויסטער, געטרייער טוער. דורכן אַרבעטער רינג זיינען קיין וויניפּעג אַראָפּגעבראַכט געוואָרן די אָנגעזעענסטע פֿאַרשטייער פֿון דער יידישער ליטעראַטור, קולטור און פֿון די פּראָגרעסיווע פּאָליטישע באַוועגונגען. דער יידישער עולם האָט אַזוי אַרום געהאַט די מעגלעכקייט פּערזענלעך צו באַקענען זיך און אויסצוהערן אינטערעסאַנטע, גייסטרייכע לעקציעס פֿון די שענסטע יידישע פּערזענלעכקייטן. די טוער פֿון אַרבעטער רינג זיינען אויך געווען די גרינדער פֿון דער ערשטער יידישער צייטונג אין וויניפּעג. דער נאָמען פֿון דער צייטונג איז געווען "דער וויניפּעגער קוריער". שפּעטער האָט די צייטונג אָנגענומען דעם נאָמען "דער קאַנאַדער איד". די היינטיקע וויניפּעגער יידישע צייטונג, "דאָס יידישע וואָרט", וואָס שפּילט אַזאַ אַנגעזעענע ראָל אין לעבן פֿון אונדזער שטאָט, רעדאַקטירט פֿון פֿ' ש. מ. זעלטשען, און אַרויסגעגעבן פֿון פֿ' פֿ' סימקין, אַן אַקטיווער טוער אין אַרבעטער רינג — איז אַ המשך פֿון די דערמאָנטע צייטונגען.

דער אַרבעטער רינג האָט אויך אַ גרויסע ראָל געשפּילט אין דעם פּאָליטישן לעבן פֿון אונדזער שטאָט הגם דער אַרבעטער רינג איז ניט קיין פּאָליטישע אָרגאַניזאַציע. ניטאָ קיין איין פּאָליטישע געשעעניש אין וויניפּעג, וועלכע האָט געטראָגן אַ פּראָגרעסיוון, סאָציאַליסטישן כאַראַקטער, אַז דער אַרבעטער רינג זאָל ניט זיין אין איר באַטייליקט. צי דאָס איז געווען אַ שטרייק, די אַנטשטייאונג פֿון אַ יוניאָן, וואַלן, צי וועלכע ניט איז אַנדערע פּאָליטישע אַקציע — שטענדיק און אומעטום זיינען געקומען די מיטגלידער פֿון אַרבעטער רינג מיט הילף און שטיצע, סיי מאָראַלישע און סיי מאַטעריעלע.

דעם אַרבעטער רינג, אַלס פֿאָלקס אָרגאַניזאַציע, איז אַלעמאָל געווען נאָענט צום האַרצן די הילף אַרבעט פֿאַר אונדזערע ברידער און שוועסטער אויף יענער זייט ים. באַזונדערס אין אַן עת צרה. מיר זעען דעריבער אַלעמאָל די מיטגלידער פֿון אַרבעטער רינג אין די ערשטע רייען אין די פֿאַרשיידענע הילף אינסטיטוציעס. זיי זיינען געווען די גרינדער פֿון דעם הילף פֿאַריין אין דער צייט פֿון און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה. זיי געפֿינען זיך צווישן די גרינדער און אַקטיווע טוער פֿון דעם איצט עקזיסטירנדיקן הילף פֿאַריין, וועלכער האָט שוין ביז איצט געשאַפֿן גרויסע סומען פֿאַר אונדזערע ליידנדיקע ברידער און שוועסטער. מ. עלקין, אַן אַקטיווער טוער פֿון אַרבעטער רינג, איז די גאַנצע צייט דער סעקרעטאַר פֿון דעם הילף־פֿאַריין.

אויך קאָן דער אַרבעטער רינג פֿאַרצייכענען שיינע טעטיקייטן אויפֿן געביט פֿון ברענגען הילף צו אימיגראַנטן, וועלכע האָבן זיך דערשלאָגן קיין קאַנאַדע. אין 1921 האָט דער וויניפּעגער אַרבעטער רינג, אויפֿן רוף פֿונם הויפּט אָפּיס, זיך באַטייליקט מיט אַ שיינער סומע־געלט אויפֿצובויען אַ שפּיטאָל אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד. אויך אין דער איצטיקער צייט באַטייליקן זיך די מיטגלידער פֿון אַרבעטער רינג אַלס יחידים און די אָרגאַניזאַציע אַלס גאַנצע, אין זאַמלען מיטלען פֿאַר דער העלדישער רויטער אַרמיי און פֿאַר די אונטערערדישע קעמפֿער אין אַלע לענדער, וועלכע זיינען פֿאַרשקלאַפֿט פֿון די דייטשן. די דאָזיקע הילפֿס אַרבעט ווערט געטאָן דורכן יידישן אַרבעטער קאָמיטעט, וואָס זיין אָפּטיילונג אין וויניפּעג איז ענג פֿאַרבונדן מיטן אַרבעטער רינג און מיט די טרייד־יוניאָנס.

דער אַרבעטער רינג אין וויניפּעג — דאָס זיינען 37 יאָר אָנגעפּילט מיט אַקטיוויטעטן, וואַרעמע, געטרייע אַרבעט אויף אַלע געביטן פֿון יידישן און אַלגעמיינעם לעבן. שטענדיק און אומעטום וווּ עס איז עפּעס געשאַפֿן און געטאָן געוואָרן לטובת די יידישע מאַסן און לטובת דעם אַרבעטער קלאַס און פּראָגרעסיווער מענטשהייט — דאָרט זיינען אַלעמאָל געווען די אַרבעטער רינג מיטגלידער און די אָרגאַניזאַציע גופֿא. זיי זיינען קיינמאָל ניט געווען פֿון די נאָכלויפֿער און אונטערשטופּער, נאָר אַלעמאָל אין די ערשטע רייען, צווישן די פּיאָנערן, בוייער און שאַפֿער.

מיר וועלן פֿאַרענדיקן אונדזער קורצן איבערזיכט מיט אייניקע זאַצן פֿונם עדיטאָריעל אין "דאָס אידישע וואָרט", פֿון פֿעברואַר 11טן, 1938, וואָס איז געשריבן געוואָרן לכבוד דעם 30־יאָריקן יובל פֿון צווייג 169, אַרבעטער רינג.

"מיר אַליין קאָנען זיין עדות אויפֿן דעם, — ווערט געזאָגט אין דעם עדיטאָריעל, — אַז צו אונדזער היגן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן האָבן יענע פּיאָנערן געמאַכט גוואַלדיקע בייטראַגן, און אונדזער ישוב וואָלט געווען אַ סך אָרעמער גייסטיק, ווען זיי וואָלטן זיך ניט באַהויכט מיט זייער אידעאַליזם".

---

דער צווייג 169 אַרבעטער רינג באַגריסט האַרציק די פּרץ שול צום יום־טוב, וועלכן מיר באַטראַכטן אויך פֿאַר אונדזער יום־טוב, און ווינטשן ווייטערדיקן גרויסן דערפֿאָלג אין דער הייליקער אַרבעט — אין דערציען יידישע דורות אין גייסט פֿון די פּראָגרעסיווע אידעאַלן פֿון יידישן פֿאָלק און פֿון דער מענטשהייט. ד"נ.

# די פּרץ שול און די יידישע פֿאָלקס ביבליאָטעק



משה קאַנטאָר, פֿאָרזיצער

ווען מען זאָגט: שולן און ביבליאָטעקן איז ברייטסטן זין פֿון וואָרט, דאַרף דאָס וואָרט ביבליאָטעק זיין סינאָנים צו "בית מדרש": פּונקט ווי אַ בית

מדרש איז געווען א שול פאר דערוואקסענע, אזוי דארף אויך זיין א ביבליאטעק. ביי יידן איז קיינמאל ניט געווען קיין גרענעץ צום לערנען. א "ייד", איז געזעסן יומם ולילה און האט געלערנט. ער האט געוואוסט פון א דרדקי, חומש און גמרא מלמדים, פון א ישיבה, פון לערנען פאר זיך, פון אויפהערן גיין אין חדר, פון ענדיקן די ישיבה — אבער ער האט קיינמאל ניט געוואוסט פון ענדיקן לערנען.

ליידער, ליידער האט דער אמאליקער בית מדרש קיין יורשים ניט איבערגעלאזט : אין אן אמעריקאנער בית מדרש געלינגט קוים צוזאמענצושלעפן א מנין אינמיטן דער וואך. פון טרעפן עמיצן זיצן און לערנען פאר זיך אינמיטן טאג, הערט מען דא בכלל ניט.

אין דעם זין, האט דער מאדערנער בית מדרש, די ביבליאטעק, אביסל בעסער אפגעשניטן. די יידישע אפטיילונג פון ניו־יארקער ביבליאטעק, די מאנטרעאלער פאלקס ביבליאטעק און א רייע אנדערע האבן נאך היינט אויך גרויסע צאלן לעזער, סטודענטן און פארשער.

די וויניפעגער יידישע פאלקס ביבליאטעק קען ניט אין האט ניט בדעה זיך צו פארגלייכן צו די אויבנדערמאנטע און דאס איז, אגב, ניט איר שולד. עס איז אבער אויך ניטא וואס צו שעמען זיך מיט א ביבליאטעק פון 4,000 ביכער, איינגעטיילט אין 20 סעקציעס — פון ראמאנען ביז פילאזאפיע; א רעפערענץ אפטיילונג מיט 2 יידישע ענציקלאפעדיעס, אין יידיש און אין ענגליש, לעקסיקאנען, אלמאנאכן, יאר־ביכער, יארגענג און איינצלנע אויסגאבעס פון די וויכטיקסטע יידישע פעריאדישע צייטשריפטן.

מיט אונדזער יובילאר — די י. ל. פרץ שול, האט אונדזער ביבליאטעק די נאענטסטע קרובהשאפט, ניט דווקא דערפאר, וואס זי איז א שכנה אין דער שול געביידע.

די ביבליאטעק באזארגט די לערער מיט ווערטפולע מאטעריאלן אן וועלכע א לערער קען זיך ניט באגיין.

די עלטערע קינדער פון שול, זוכן אין ביבליאטעק רעפערענץ מאטעריאלן פאר זייערע עסייען.

מיטן אויסנאם פון די גאר יינגסטע קלאסן, נעמען א גרויסע צאל קינדער ארויס ביכער פון ביבליאטעק.

דאס איז אבער נאך ניט אלץ : א גרויסע צאל ביבליאטעק־ביכער געפינט זיך דירעקט אין שול, זיי ווערן ארויסגעגעבן צו די קינדער אהיים, געלייענט און שטודירט פון די קינדער אין די ארבעט פאר זיך פעריאדן און פארגעלייענט פון די לערער אין אלע קלאסן ביי פארשיידענע געלעגנהייטן.

נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז א ביבליאטעק דארף, ווי אויבן דערמאנט, זיין א בית מדרש, זוכט די פארוואלטונג אויף אלערליי אופנים כאטש טיילווייז אנצוהאלטן דעם פרינציפ :

1) זי אנאנסירט דורך צירקולארן און דורך דער פרעסע וועגן ניי־אנגעקומענע ביכער און רופט דעם עולם קומען לייענען. זאל דא פארצייכנט ווערן מיט צופרידנהייט, אז ניט קוקנדיק דערויף וואס אין ביבליאטעק זיינען פאראן צו עטלעכע קאפיעס פון די מערכטע ביכער, האבן מיר א ווארט־ליסטע אויף אייניקע ניי־דערשינענע ווערק. אין דער צייט ווען די שורות ווערן געשריבן, האט די ביבליאטעק צוגעקראגן פאלגנדיקע וויכטיקע ווערק :

י. צינבערג, "געשיכטע פון ליטעראטור ביי יידן", 10 בענד; אסיפ דימאוו, "וואס געווען", ב' 2; נ. י. טרונק, "טביה און מנחם מענדל אין ליכט פון יידישן וועלט־גורל"; יעקב לעשצינסקי, "וווהין גייען מיר?"; פ. שווארץ, "דאס איז געווען דער אנהויב"; "אלגעמיינע ענציקלאפעדיע אין יידיש", ב' 8 (אלע אנדערע זיינען שוין דא פון פריער).

בכלל האט די פארוואלטונג היי־יאר געמאכט אלע אנשטרענגונגען איינצוקויפן וואס מער ביכער, טאקע דערפאר, ווייל דער ביכער מארק איז אין אזא טרויעריקן צושטאנד.

דער אבאנענטן־אפצאל איז אינגאנצן אפגעשאפט געווארן. יעדער, ווער עס וויל, קאן קריגן ביכער צום לייענען פריי, אן אפצאל.

דעם 14טן מאי האט די ביבליאטעק באנייט איר טראדיציע צו פייערן שלום עליכם יארצייטן. מיר האפן אז די טראדיציע וועט ווייטער אנצוהאלטן.

דער שטודיר קרייז, וועלכער איז שוין באקאנט אין שטאט, האט א דירעקטע שייכות צום אויבנדערמאנטן בית מדרש גייסט. ער צייכנט זיך אויס ניט בלויז מיט אן ערנסטן פארלאנג גרינטלעך צו שטודירן ערנסטע ווערק. ער שאצט אפ און דערנעענטערט דעם יידישן שרייבער צום לעזער ווי פאלגנדיקער בריוו אויסטויש באווייזט :

בריוו פון ביביליאטעק שטודיר קרייז צום פאעט מנחם
זייער חשובער און ליבער פריינד, מנחם : —

דעם בריוו שרייבט צו אייך א קאמיטעט, וועלכער איז ספעציעל דערוויילט געווארן פאר דעם צוועק, פון ביבליאטעק שטודיר קרייז אין וויניפעג.

דער קרייז באשטייט פון ארום 30־35 פערזאן. מענער און פרויען, ליבהאבער פונם יידישן בוך און פארערער פונם יידישן שעפערישן גייסט. אין משך פון צוויי יאר צייט איז זיך דער קרייז וועכנטלעך צוזאמענגעקומען און צוגעהערט ווי ח' משה קאנטאר, א לערער אין דער היגער י. ל. פרץ שול, האט זייער געלונגען פארגעלייענט קאפיטלעך פון אייער "גייער". נאך יעדער פארלעזונג פלעגט פארקומען א דיסקוסיע און באלייכטונג.

פאר די צוהערער פון דעם קרייז איז יעדער מאל לייענען דעם "גייער" געווען אן איבערלעבונג פון זייער גרויסער יום־טובדיקייט און פון א טיפן, עסטעטישן און גשמהדיגן נענוס. די גרויסע צאל הערלעכע בילדער און דערהויבענע אידעען האבן אנגעפילט אונדזערע הערצער מיט באגייסטערונג און שיינקייט.

די רייכע קאוואלקאדע פון דראמאטישע געשעענישן מיט וועלכע "דער גייער" איז אנגעפילט, וועלכע שפיגלען אין זיך אפ דירעקט א גאנצן דור, און אומדירעקט אלע דורות פון אונדזער גייסטיקער קולטור, זיינען געמאלן מיט אן איבערראשנדיקער מייסטערהאפטיקייט און לויטערער איבערצייגונג. די אלע פערזאנען און געשטאלטן וועלכע גייען דורך דורכן "גייער" זיינען עכט, אמתדיק און לעבנס־טריי. און אזוי וועלן זיי פארבלייבן אויף אלע צייטן.

מיר, פון קרייז, פילן, אז "דער גייער" האט אונדז ניט נאר פארשאפט דעם פיינסטן גענוס און הנאה פון דער העכסטער מדריגה, נאר אז ער האט אונדז אויך באַרייכערט מיט אַ אוצר פון מאראלישע און עסטעט־טישע ווערטן, וועלכע וועלן אויך שטענדיק ווארעמען אונדזערע הערצער און לייכטן אין אונדזערע נשמות.

בייַ אונדזער סיום פון דעם "גייער" האט דער קרייז איינשטימיק באשלאסן אויסצודריקן אייך אונד־זער הארציקן דאנק און אויפריכטיקן יישר־כוח פאַר דעם וואס איר האט געשאפן פאר אונדז און פאַרן גאנצן פאלק ישראל אַ נייעם, אייביקן קוואל פון אמת, פון שיינקייט און פון באגייסטערונג.

מיט כבוד און דאנק,
יוסף דימענטשטיין.
משה קאנטאר.
אהרן צייטלין.

צום שטודיר קרייז, ביי דער יידישער פאלקס ביבליאטעק
וויניפעג

מיינע ליבע חברים : —

אייער בריוו פון 2טן מערץ וועט ביי מיר בלייבן לזכרון.

ווען איך האב אפגעדרוקט די ערשטע קאפיטלען פון "גייער", האט מיך אַ אלטער פרייַנד, שמואל ראַ־זנפעלד ע"ה, איינמאל א פרעג געטאן : — פאַר ווע־מען שרייבט איר עס ? . . איך האב געוווּסט וואס עס מיינט אזא פראגע ביי איינעם, וואס איז שוין גרייט צו זאגן קדיש אויף יידיש, און האב געענטפערט : — פאַר מיין איינן קינד . . . פאר אַז איינן קינד האט א מענטש א רעכט צו שרייבן וואס און ווי ער וויל.

ווען "דער גייער" איז געווען פארטיק צום דרוק און איך האב זיך געשלאגן מיט דער דעה וועגן דער צאל עקזעמפלארן, האט מיך א גוטער פרייַנט, א פאַר־לעגער, געטרייסט : — וואס איז דער חילוק וויפל צו דרוקן ? ס'וועט זיך אלץ איינס ניט פאַרקויפן.

מיט אט די געפילן, אז קיינער דארף עס ניט, האב איך דאס בוך ארויסגעגעבן. אייער בריוו — און ענלעכע בריוו וואס איך האב געקראגן — דער־ציילן, אז אין דעם מדבר, אויף וועלכן מ'האט פאַר־משפט דאס יידישע ווארט, זיינען נאך פאראן גרינע אַאזיסן, און אז מען גראבט דארט די ערד, שלאגן אויף פרישע קוואלן. איז — א דאנק זייַן ליבן נאמען דער־פאַר !

ווען אויך די לעצטע אַאזיסן זאלן, חלילה, אויס־געטריקנט ווערן, וואלט איך אלץ איינס געמוזט טאן דאס וואס איך טו. איך בין ניט בייַ זיך אין די הענט. אבער מיט אייך, קריגט מיין טוּנג א ממשותדיקן זין. אפשר ווייל מיר זיינען דער לעצטער דור אזא, סטייען מיר זיך צוזאמען דערהייבן און אויפוועקן דאס לוי־טערסטע וואס איז פאַרגראבן אין אונדז. דאס איז אינדזער בשותפותדיקע זכיה. און אפשר קען נאך געשען א נס און מיר וועלן מיט אונדזער אייגענער דערהייבונג זיך איינקויפן אויך יורשים.

וועל איך וויסן, אז איר זייט דא, און וויפל עס איז מיר נאך באשערט צו לעבן און ארבעטן, וועל איך ציילן מיינע ווערטער צו די וואס קענען זיך צינדן מיט דער העלקייט פון אייער בריוו צו מיר.

אייער
מנחם באריישא

שליסן מיר ניט מיטן שאבלאנעם נייען פון שלי־פעם דעם אדער יענעם באאמטן. מיר זיינען דא אויסן בלויז אונטערצושטרייכן אויף וויפל דער שול יום־טוב איז דירעקט אונדזערער, ניט בלויז דערפאר, וואס אונדזערע הויפט־טוער זיינען אויך לערער און טוער אין שול. אויף א באשיידענעם אופן זוכן מיר צו שמידן די גאלדענע קייט פון שול בענקל צו דער בית מדרש באנק. פונקט ווי די שול ליידן מיר אויך פון פעסימיסטן, וועלכע האבן א תירוץ זיך אויסדרייען פון אחריות און פונקט ווי די שול־טוער ענטפערן מיר אט די "קריטיקער" :

מיר טארן ניט זאמען
"נאר שמידן און פלעכטן
"מיר מוזן פאַרבינדן
"דעם הייַנט מיטן נעכטן.

"אַן אייביקער שפיל !"

ביבליאטעקס פאַרוואלטונג.

——):(——

## אַחדות פּרי לאָאַן

| | |
|---|---|
| ב. קאהען | ערן־פאַרזיצער |
| מ. האניק, | פרעזידענט |
| ס. שאר | געוועזענער פרעזידענט |
| ס. פינק | וויצע־פרעזידענט |
| ס. ראבינאוויטש | טרעזשורער |
| ס. טשיזווין | רעקארדינג־סעקרעטאר |
| ג. קעמעל | פינאנץ־סעקרעטאר |
| א. מייגער | פובליסיטי |
| מ. באס | אונטערנעמונגען |
| קאהען | סיק טשערמאַן |

קאנטראלערס : — ס. לעוויט, מרס. ה. ד. גראש און מ. קאפעל.

קאמיטעט : — וו. בעדער, ה. קריוואשעי, ה. וואַ־ליצער, ה. גאלדבערג, ה. מאגילעוו, ז. סניצלער

מיט 20 יאר צוריק, דעם 3טן נאוועמבער, 1924, איז געלייגט געווארן דער פונדאמענט פאַר אונדזער ארגאניזאציע — די אחדות פרי לאאַן. זעקס מיטגלי־דער זיינען זיך צוזאמענגעקומען אין הויז פון פריינד ד. שעל און געגרינדעט די ארגאניזאציע, וואס האט זיך אין משך פון דער צייט צעוואקסן און איז גע־ווארן איינע פון די אנגעזעענסטע ארגאניזאציעס אין וויניפעג, מיט א מיטגלידערשאפט פון איבער 200 הייַנט צו טאג.

פון איר ערשטן טאג אן פון דער גרינדונג האט זיך די אחדות פרי לאאַן געשטעלט פאַר אירע הויפט־צילן: ערשטנס, ארויסהעלפן די אייגענע מיטגלידער דורך אונדזער שפאר און ליי קאסע, וואס מיר האבן אנגעהויבן מיט די ערשטע 25 דאלאר פון אונדזערע ערשטע זעקס מיטגלידער און דערפירט ביז צו די צענדליקער טויזנטער, און צווייטנס, זיך אפצורופן אויף אלע וויכטיקע געזעלשאפטלעכע און הילפס־אקציעס ביי אונדז אין שטאט ווי אויסער דער שטאט.

ניט נאר זיינען מיר געווען פון די ערשטע יידישע ארגאניזאציעס, וואס האבן זיך אנגעשלאסן אין יידישן קאנגרעס און אנטייל גענומען אין דעם וועלפער פאנד פון דעם ערשטן טאג פון זיין גרינדונג, נאר מיר זיינען זייער שטאלץ אויך צו זיין די ערשטע געווינער פון דער מנורה פון דער פאלקס דיוויזיע ביים וועלפער פאנד, און זיינען גרייט דורך אונדזער ארבעט, זי אנ־צוהאלטן אויך אויף ווייטער.

מיר האבן אלעמאל גענומען אן אקטיוון אנטייל אין געווערקשאפטן קאמפיין, יו. פי. איי. און אלע אק־טיוויטעטן וואס האבן צו טאן מיט ארץ־ישראל.

אונדזער ברייטע הילף צום סאוועטן־פארבאנד דורך דעם יידישן פאלקס קאמיטעט, איז שטענדיק באַ־גלייט מיט א טיפן אינטערעס פון אלע אונדזערע מיט־גלידער צו דער גאבעלער ארבעט און מיט א געפיל פון העכסטער אנערקענונג און דאנקבארקייט צו דער רויטער ארמיי און אלע סאוועטישע פעלקער אין זייער איבערמענטשלעכן קאמף קעגן אונדזער אלעמענס שונא דעם היטלעריזם.

דער אפרוף פון אונדזער ארגאניזאציע אויף אלע מלחמה באמיִונגען פון אונדזער לאנד, ווי די וויקטארי לאאן, רויטער קרייץ קאמפאניעס און אנדערע איז אנט־שפרעכנדיק צו אונדזערע פאטריאטישע געפילן, וואס מיר האבן אלע צו אונדזער לאנד — קאנאדע, דאס לאנד, וואס מיר האבן ליב און זיינען גרייט צו קעמפן פאר דעם וווילזיין און צוקונפט פון אלע אירע בירגער.

מיר האבן שטענדיק געהאלפן די יידישע דער־ציִונגס אינסטיטוציעס אין שטאט און זיינען געווען פון די ערשטע, וואס האבן, געטריי צו אונדזער נאמען "אחדות" — "איינינקייט", געהאלפן שאפן די איי־ניקייט אויפן געביט פון יידישער דערציִונג ביי אונדז אין שטאט מיט וואס אונדזער וויניפעג קען זיך איבער־נעמען.

מיר זיינען אויך געווען פון די ערשטע יידישע ארגאניזאציעס אין שטאט צו שאפן א באזונדער פאנד, וואס זאל גענוצט ווערן נאך דער מלחמה אויף אראפ־ברענגען יתומים מעבר לים. מיר האבן גערופן פיל אנדערע ארגאניזאציעס נאכצוטאן אונדזער ביישפיל.

אונדזער פרעזידענט און אלע אונדזערע באאמטע זיינען זייער צופרידן צו באגריסן די י.ל. פרץ־שול צו איר 30 יאריקן יובל, און ווינטשן די שול־טוער, די קינדער און די לערער פיל דערפאלג אין זייער ארבעט צו פארשטארקן און אויסברייטערן די יידישע דער־ציִונג און די יידישע קולטור אין וויניפעג.

——)::(——

# אינדעפענדענט בני אברהם סיק בענעפיט

די ארגאניזאציע איז געגרינדעט געווארן אין 1916 און איז געגאנגען אויפן וועג פון אלע סאסייטיס און לאנדסמאנשאפטן: זי האט געגעבן קראנקען בע־נעפיט און טויטן בענעפיט צו אירע מיטגלידער. אבער ניט אין "ירושלים דקאנאדע" בלייבט אן ארגאניזא־ציע בלויז ביי "הלוואי מען זאל ניט דארפן" שטיצע. זי האט זיך גענומען שאפן הילף פאר אינסטיטוציעס, וועמען אלע האבן געווינטשן: "זאלן זיי לעבן און דארפן וואס מער, אבער אין א גוטן אופן!"

איז טאקע די אינדעפענדענט בני אברהם אנגע־שלאסן אין קאנאדער יידישן קאנגרעס, פאלקס קאמי־טעט פאר רוסלאנד, געווערקשאפטן קאמפיין א"א. מיר שיקן דעלעגאטן צו וויכטיקע אונטערנעמונגען און קאנפערענצן, מיר שטיצן מיט א ברייטער האנט פאר־שיידענע לאקאלע און נאציאנאלע אינסטיטוציעס.

פאר די לעצטע צוויי יאר האבן מיר געשאפן ארום $1,200 פארן יידישן פאלקס קאמיטעט פאר רוסלאנד; ארום $400 פארן געווערקשאפטן קאמפיין, און סלעט־נערע סומען פאר א גאנצער רייע אנשטאלטן.

צום 30טן יובל פון דער פרץ־שול ווינטשן מיר איר, אז זי זאל פארברייטערן און פארטיפערן איר דער־ציערישע טעטיקייט, זי זאל אלעמאל "דארפן" און מיר וועלן זיין גרייט צו שטיצן זי מיט וויפל נאר מיר וועלן קענען.

מ. לאכטער, פרעזידענט.

י. טרוט, ארגאניזאטאר.

——)::(——

# אינדעפענדענט פרי לאאן ארגאניזאציע

פרעזידענט ______ א. ווערטליב
וויצע־פרעזידענט ______ וו. טעדמאן
סעקרעטאר ______ ש. ריווסין
עקזעקוטיווע: — א. באס, מ. קרוגליקאוו, קאזאס. קארסונסקי, ווערייער, קרויטבערג, א. גארדאן, פראדקין.

פרויען אפטיילונג:

פרעזידענטין ______ מרס. גאלדשטיין
וויצע פרעזידענטין ______ מרס. בלאד
סעקרעטארין ______ מרס. רויטנבערג
עקזעקוטיווע: — פרויען סטאפמאן, ריווקין, בענד־מאן, מאנדעל, באגראד, ברעמען, רודין, קלינ־מאן און עלקע הענדין.

אין 1917 איז געגרינדעט געווארן די אינדע־פענדענט פרי לאאן. די גרינדער זיינען געווען: משה טעדמאן, יוסף רוזן, ס. ראבוטין און מ. לאמבערסקי ע"ה.

דער צוועק פון דער ארגאניזאציע איז געווען און געבליבן ביז היינט: קעגנזייטיקע הילף אין פאל פון קראנקייט, אדער נויט. גלייכצייטיק איז אויך געגרינ־דעט געווארן א קרעדיט קאסע פון אקציאנערן.

אין 1925 איז געגרינדעט געווארן די פרויען אפ־טיילונג פון אינדעפענדענט פרי לאאן. די גרינדערנס זיינען געווען: חברות ר. טעדמאן, ל. קרוגליקאוו, ס. גארדאן, ס. ראבוטין, מ. לאמבארסקי, מ. רוזן, מ. הענ־דין, פ. אשעראוו און ז. איצקאוו.

א דאנק אט דער ביי־צוגעקומענער אפטיילונג, איז די ארגאניזאציע ארויס פון די ענגע ראמען פון הילף און הלוואות צו מיטגלידער, צום ברייטערן פעלד פון סיסטעמאטישן אפרוף אויף יעדער יידישן געביט.

פאר די 27 יאר פון איר עקזיסטענץ, האט די אר־גאניזאציע געשטיצט מיט באדייטנדיקע סומען אלע קהלשע אינסטיטוציעס אין וויניפעג. מיר זיינען אויך אנגעשלאסן אין קאנאדער יידישן קאנגרעס. מיר באַ־טייליקן זיך אין אלע קאנפערענצן פון א נאציאנאלן כאראקטער און מיר שטיצן אלע נאציאנאלע אקציעס.

נעמענדיק אין אנבאטראכט, אז אונדזער מיטגלי־דערשאפט קומט פון די פארשיידענע שיכטן פון דער געזעלשאפט, ווערן פון דער ארגאניזאציע אראנזשירט לעקציעס אויף פארשיידענע פאליטישע און געזעל־שאפטלעכע טעמעס. באזונדערס ווערן אונדזערע יער־לעכע יום־טובים פאראנשטאלט אין קולטור אווענטן, וואס זיינען אן אמתער גייסטיקער גענוס פאר אלע מיטגלידער.

אין דער ערשטער וועלט־מלחמה האט זיך אונ־דזער ארגאניזאציע אקטיוו באטייליקט אין דער ארבעט פאר מלחמה ליידנדיקע. אין דער איצטיקער מלחמה באטייליקן זיך אונדזערע פרויען אין יעדער צווייג פון "וואר עפארט".

## בנות שלום אָרגאַניזאַציע

נעמט אָן אונדזערע מוטערלעכע באַגריסונגען און גליקוווּנטשן צו אײַער 30טן יובל. איר ברענגט דאָס יידישע קינד נעענטער צו זײַנע עלטערן און צו זײַן פֿאָלק. זאָלן אײַערע הענט זײַן געבענטשט.

מרס. קאַהן, פּרעזידענטין.

——):(——

זאָל די איצטיקע פֿירערונג אײַך שטאַרקן צו ווײַטערדיקער דערפֿאָלגרײַכער און שעפֿערישער שול און קולטור אַרבעט.

באַבראַווער פֿרויען אָרגאַניזאַציע.

——):(——

## 30 יאָר פּרץ שול — 30 יאָר בני אַברהם

1914 איז אַ היסטאָרישע דאַטע ניט נאָר אין דער וועלט־געשיכטע און ניט נאָר בײַ דער פּרץ־שול, נאָר אויך בײַ די בני אַברהם. אויב די פּרץ שול האָט זיך אָנגעפֿאַנגען מיט 17 קינדער, האָט אונדזער אָרגאַניזאַציע אָנגעפֿאַנגען מיט 9 מיטגלידער.

ווײַל איך בײַ דער געלעגנהײַט פֿאַרצייכענען פֿאָלגנדיקן אינטערעסאַנטן עפּיזאָד אין פֿאַרבינדונג מיטן נאָמען פֿון דער אָרגאַניזאַציע:

נאָכדעם ווי די 9 גרינדער האָבן אָנגענומען אַ באַשלוס זיך צו אָרגאַניזירן, האָבן זיי גענומען טראַכטן וואָס פֿאַר אַ נאָמען צו געבן דעם קינד, וואָס דאַרף ערשט געבוירן ווערן. יעדער איינער האָט דערפֿילט זײַן גײַסטיקע קרובהשאַפֿט צום נײַ־געבוירענעם און האָט אים געוואָלט געבן דעם נאָמען, וואָס געפֿעלט אים אַם בעסטן.

דער סיכסוך האָט זיך געענדיקט מיט דער פֿאָלגנדיקער עצה פֿון הרב י. כהנאָוויטש: איר זײַט "בני אַברהם", רופֿט אָן אײַער אָרגאַניזאַציע מיטן זעלביקן נאָמען. די קלוגע עצה איז אָנגענומען געוואָרן ויקרא שמו בישראל: "בני אַברהם".

שוין אין 1917 האָט די בני אַברהם זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דעם פּרוּוו צו העלפֿן לייזן אַלע פּראָבלעמען, וואָס האָבן געהאַט אַ שײַכות צום אַלגעמיינעם געזעלשאַפֿטלעכן, עקאָנאָמישן און קולטורעלן לעבן פֿון יידישן פֿאָלק. אָט די אַקטיווקײַט האָלט זי אָן ביז הײַנט.

אין 1921 האָט די בני אַברהם געשאַפֿן $2,240 פֿאַר די מלחמה לײַדנדיקע אין רוסלאַנד.

אין 1923 האָט די בני אַברהם אַמענדירט איר קאָנסטיטוציע און אַרײַנגעשריבן אַ נײַעם פּונקט: "די יסודות פֿון דער אָרגאַניזאַציע זײַנען ניט בלויז קעגנזײַטיקע הילף, נאָר אויך דירעקטע שטיצע צו יידישע געזעלשאַפֿטלעכע, קולטורעלע און דערציִערישע אינסטיטוציעס". אַ סובסידיע פֿון $50 פֿאַר יעדער דערציִונגס אינסטיטוציע איז דאַן גלײַך באַשטימט געוואָרן.

פֿון 1923 ביז 1926 איז אָנגעפֿירט געוואָרן אַ פּערמאַנענטע קאַמפּאַניע לטובת די קינדער־היימען אין סאָוועטן פֿאַרבאַנד. די סומע פֿון $2,685 איז פֿון אונדזן איבערגעשיקט געוואָרן פֿאַר די היימען.

אין 1927 האָט די בני אַברהם זיך פֿאַרנומען מיט קאָנסטרוקטיווער שטיצע צו דער יידישער קאָלאָניזאַציע אין קרים און אין אויפֿבוי פֿון בירא־בידזשאַן. צוויי טראַקטאָרס זײַנען געקויפֿט און אָפּגעשיקט געוואָרן: דער ערשטער צו די באַרג־יידן אין דער קאָלאָניע "טרוד", יעווּפּאַטאָריער ראַיאָן, און דער צווייטער, אַ "משין טראַקטאָר" פֿאַר $3,600 — קיין בירא־בידזשאַן.

דאָס האָט אונדז ניט געשטערט דורכצופֿירן אויך אַנדערע אַקציעס: מיר האָבן געשטיצט די פּראָגראַם־געליטענע אין ארץ־ישראל. מיר האָבן פֿאַרקויפֿט פֿאַר $600 אַקציעס פֿון דער ארץ־ישראל אַרבעטער באַנק. מיר פֿירן דורך יערלעכע אַקציעס פֿאַרן געווערקשאַפֿטן קאַמפּיין, ווי אויך פֿאַרן קרן היסוד. מיר האָבן געשטיצט מיט ממשותדיקע סומען דעם "אָרט", די ציש"אָ שולן אין פּוילן, דעם ייוו"אָ, לערער סעמינאַרן, דענווער סאַנאַטאָריום, הילף פֿאַר רוסלאַנד, וועלפֿער־פֿאַנד, פֿאַרלאַג "פֿון קוואַל" א"אַ.

מיר זײַנען אָנגעשלאָסן אין קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס און אין וועלפֿער־פֿאַנד קאָמיטעט. נאָר אַ גרויסן חלק האָבן מיר אין הילפֿס פֿאַרבאַנד: מיר באַזאָרגן מיט זאַמלער איייניקע נאָסן. אָט די "אומבאַקאַנטע סאָלדאַטן" טוען זייער אַרבעט לשמה אין קעלטן און אין היצן. זיי היטן געטרײַ דעם פּסוק: "כל המקיים נפֿש אחת מישראל, כאילו קיים עולם מלא".

אין אונדזער הײַנטיקן יובל יאָר, שאַפֿן מיר אַ פֿאָנד פֿון $2,500 צו זײַן גרייט אין נייטיקן מאָמענט. צו העלפֿן ווען און וווּ נייטיק.

ווען פֿאָרשער וועלן שרײַבן די געשיכטע פֿון יידישן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן אין וויניפּעג, וועט די בני אַברהם זיכער פֿאַרנעמען אַ בכבודיקן אָרט צווישן די פֿאָלקס אָרגאַניזאַציעס בײַ אונדז אין שטאָט.

איך וואָלט געקאָנט אָנווײַזן אויף נאָך אַ צאָל אַנדערע אַקציעס. איך מוז זיך אָבער צוריקהאַלטן איבער מאַנגל אין פּלאַץ. וויכטיק איז צו פֿאַרצייכענען, אַז די אַלע טעטיקײַטן זײַנען דורכגעפֿירט געוואָרן אויף אַ גאַנץ באַשיידענעם אופֿן אָן שום טומל, אָן דער זאָגענאַנטער "פּובליסיטי" און אָן טיילן כיבודים דעם אדער אָן אַנדער טוער, וועמעס אויפֿטוען זײַנען באמת פֿון אַזאַ ווערט, אַז עס איז פּשוט שווער אָפּצוהאַלטן זיך פֿון דערמאָנען נעמען. זאָל פֿאַר די טוער דינען אַלס באַלוינונג דער פֿאַקט, וואָס אַ דאַנק זייער אומדערמידלעכער אַרבעט, איז זיך די אָרגאַניזאַציע צעוואַקסן און צעבליט און וואָס אין יעדער ווינקעל פֿילט זיך דער חותם פֿון זייער נשמה.

מ. רובאַנענקאָ.

——):(——

## באַגריסונג פֿון בני אַברהם פֿרויען אָרג.

אַלס אָרגאַניזאַציע זײַנען מיר בלויז דרײַ יאָר אַלט, אָבער מיר זײַנען אַליין מאַמעס פֿון קינדער, וואָס גייען אין שולן. איז פֿאַר אונדז אַ יובל פֿון אַ דערציִונגס אַנשטאַלט, ווי די פּרץ שול, אַן אמתער יום־טוב און מיר שיקן אײַך אונדזערע האַרציקסטע מוטערלעכע ברכות.

ווען דער בני אַברהם אָרגאַניזאַציע איז שוין געשריבן געוואָרן. עס איז איבעריק צוצוגעבן אַז מיר פֿרויען, נעמען אַן אַקטיוון אָנטייל אויף אַלע געביטן.

די פֿרויען אָפּטיילונג בײַ דער בני אַברהם, איז געגרינדעט געוואָרן דעם 16טן אַפּריל, 1941, מיט 13 מיטגלידערינס. פֿאַר דער קורצער צײַט איז אונדזער מיטגלידערשאַפֿט פֿאַרפֿינפֿאַכט און אונדזער אַקטיוויטעט פֿאַרפֿילפֿאַכט געוואָרן.

האָפֿן מיר און ווינטשן זיך, אַז מיר אַליין און אונדזערע נאָענטע אינסטיטוציעס וועלן אָנגיין מיט דער וויכטיקער אַרבעט לטובת הכלל אין אַ צײַט פֿון שלום און גליק פֿאַרן יידישן פֿאָלק בפֿרט און פֿאַר דער גאַנצער מענטשהײַט בכלל.

מרס. א. קלאָואָף, פּרעזידענטין.

# האַרציקע באַגריסונג פון "בני יעקב"

די "בני יעקב" איז געגרינדעט געווארן אין 1927. פאַרזיצער איז א. בריקמאן, סעקרעטאר — מ. דיססאן. פאַרזאמלונגען קומען פאַר יעדער זונטיק, אין תלמוד־תורה.

——)::(——

# היברו סיק בענעפיט סאָסייטי

פ. בייקער ______ פּרעזידענט
דזש. בלומעס ______ וויצע־פּרעזידענט
י. קאווען ______ סעקרעטאַר
ג. חפין ______ פּראטאקאל סעקרעטאר
י. מערקל ______ קאסירער
ס. מידזשיקאווסקי ______ פינאנץ סעקרעטאר
ס. ד. ברוקלער ______ האספּיטאלער
ל. בוק ______ אלד איידזש און עמערדזשענסי
עקזעקוטיוו: — י. עלקין, ס. גאלדין, י. קאץ, ס. מאלינסקי, ה. ראלער, ל. סטאלער, מ. וויַיסמאן, װ. זיַידמאן, ל. פּאמין, ה. פּענסאן, ל. קאווען און מ. סלוצקי.

די היברו סיק בענעפיט סאָסיַיטי באַגריסט די י. ל. פּרץ שול צו איר 30טן יובל.

צווישן די עלטסטע פּראַטערנאַלע יידישע ארגאַניזאַציעס פאַרנעמט די הסב"ס א פּלאַץ אויבנאַן.

געגרינדעט אין אקטאבער, 1906, פון ראובן קאהען מיט דער הילף פון זיַינע ברידער אברהם און שלמה, האט די ארגאַניזאַציע אַנפאַנגס זיך אַנטוויקלט אויף אַ נאָרמאַלן, באַשיידענעם אופן, אבער גאר אינגיכן איז זי געווארן א פאָלקס ארגאַניזאַציע. זי האט עס צו פאַרדאַנקען דעם פאַקט, וואס זי האט זיך ניט באַנוגנט מיט באַזאָרגן אירע מיטגלידער מיט אַ דאקטאר, מעדיצין און קראַנקן בענעפיט, נאר האט אויך אנגעהויבן צו נעמען אַן אַנטייל אין אַלע יידיש געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע אונטערנעמונגען אין שטאט.

עס איז אוממעגלעך אויסצורעכענען, וואס די סאָסיַיטי האט אויפגעטאַן אין די 36 יאר פון איר עקזיסטענץ: זי האט אַלע יארן געשטיצט די תלמוד־תורה, דעם בית יתומים, מושב זקנים, מאונט כרמל קליניק און די י. ל. פּרץ שול. די היברו סיק בענעפיט סאָסיַיטי איז געווען צווישן די ערשטע זיך אפּצורופן מיט גרויסע סומען געלט צו העלפן די מלחמה ליַידנדיקע פון ערשטן קריג. ביַי היַינט צו טאָג שטיצט זי דעם הילפס פאַרבאַנד, דעם געווערקשאַפטן קאַמפּיין. דעם קאָמיטעט פאַר הילף צום סאָוועטן פאַרבאַנד, דעם יידישן אַרבעטער קאָמיטעט און אַ רייע אַנדערע יידישע לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע ארגאַניזאַציעס און אינסטיטוציעס.

מיט אַן אייגענער היים קען זיך באַרימען בלויז אונדזער ארגאַניזאַציע. מיר זאָגן דאָס ניט אין טאָן פון באַרימעריַי, נאר מיט באַדויערן, וואָס אַנדערע פּראַטערנאַלע ארגאַניזאַציעס האָבן עס ניט דערגרייכט, און, נאַטירלעך, מיט אַ געפיל פון שטאָלץ וואָס אונדזער היים, אויף 239 סעלקירק עווע., פאַרמאָגט אַ שיינעם זאַל, פּאַסיקע צימערן פאַר זיצונגען און איז אַנגענומען אַלס יידיש געזעלשאַפטלעכער צענטער אין וויניפּעג.

ניט דאָ איז דאָס פּלאַץ צו ריידן וועגן אונדזער בית עלמין. די פּרץ שול פיַיערט אַ יובל יום־טוב — זאָל זי זיך פרייען געזונטערהייד.

אונדזער גאַנצער קאָמיטעט אַרבעט ענערגיש אָנצוהאַלטן די טראַדיציע און אָפּצוהיטן די פּרינציפּן פון דער ארגאַניזאַציע, וועלכע איז אַ וויכטיקער טייל פון יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וויניפּעג.

——)::(——

# היברו פּראַטערנאַל לאָדזש

דער היברו פּראַטערנאַל לאָדזש איז איינע פון די יינגסטע ארגאַניזאַציעס אין שטאָט. געגרינדעט געוואָרן אויף גאַנץ אַנדערע יסודות ווי אַלע אַנדערע, וואָס ווערן דערמאָנט אין יובל־בוך.

צוויי יוגנט ארגאַניזאַציעס פון דער היברו סיק בענעפיט האָבן זיך פריער פאַראייניקט, דערנאָך זיך אָפּגעשפּאָלטן פון דער מוטער ארגאַניזאַציע און זיך אינקאָרפּאָרירט אַלס דער "היברו פּראַטערנאַל לאָדזש, אין 1938.

אַלס היגע געבוירענע און אַלס יוגנטלעכע, האָט די ארגאַניזאַציע ניט קיַין פאַרבינדונג מיט דער "אַלטער היים" און ווייניק ענלעכעס צו צילן און פּרינציפּן פון לאַנדסמאַנשאַפטן וכדומה.

אָבער טאַקע אין דעם ליגט די וויכטיקייט פון היברו פּראַטערנאַל לאָדזש. מעגלעך, אַז דורך אים קאָנען מיר כאַפּן אַ בליק ווי אונדזער געזעלשאַפטלעך לעבן וועט אויסזען ביַי אונדזערע קינדער און אייניקלעך.

ספּאָרט און רעקרעאַציע פאַרנעמען דאָס אָנגעזעענסטע, אָבער ניט דאָס איינציקע פּלאַץ אין היברו פּראַטערנאַל לאָדזש. שוין דער פאַקט אַליין, וואָס דער לאָדזש האָט אַסיגנירט אַ גרעסערע סומע פאַר יידישע דערציִונגס אַנשטאַלטן אין וויניפּעג און באַטייליקט זיך אין אַט דער שול־אויסגאַבע, צייגט אויף זיַין באַציִונג צו יידישער קולטור.

פול מיט יוגנטלעכן ענטוזיאַזם, שטרעבט דער הפ"ל, לויט זיַין אייגענער שפּראַך, "זיַין ברידערלעך פאַרבונדן איינער מיטן צווייטן און ביַיטראָגן זיַין געהעריקן חלק אַקטיוויטעטן לטובת דעם יידישן געזעלשאַפטלעכן לעבן אין וויניפּעג".

אין 1940 האָט הפ"ל זיך איַינגעאָרדנט אין אַן אייגענער היים. האָט ער זיַין היים אויך געמאַכט פאַר אַ היים פאַר אַנדערע געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען.

דער הפ"ל גיט אַרויס אַ בולעטין וואָס טראָגט צו צו דער געזעלשאַפטלעכער אַנטוויקלונג פון די מיטגלידער און מיט וועלכן דער לאָדזש שטאָלצירט.

אַ פרויען ארגאַניזאַציע איז געשאַפן געוואָרן, וואָס האָט פאַרברייטערט די אַקטיוויטעטן אין לאָדזש און פאַראייניקט גאַנצע פאַמיליעס אין איין ברידערלעכן בונד.

דער צוועק און גייַסט פון דער ארגאַניזאַציע ווערט אויסגעדריקט אין פאָלגנדיקע פּונקטן:

1. מעדיצינישע הילף פאַר מיטגלידער אין פאַל פון נויט.
2. חלילה אין אַ טויטנפאַל, צו אַראַנזשירן די לוויה.
3. אַנטוויקלען ביַי די מיטגלידער דעם גייַסט פון חברשאַפט.
4. נעמען אַן אַקטיוון אַנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן.
5. אויפהאַלטן און שיצן דעם נאָמען און דעם גייַסט פון יידישקייַט.

אַט ביַי די פּרינציפּן האַלט זיך דער לאָדזש און האָפט צו ברענגען פיל נוצן צו אייגענע מיטגלידער און דער יידישער געזעלשאַפט בכלל.

# יונגע פרויען כנסת ישראל סיסטערהוד



מרס. ה. שאפּירא, פּרעזידענטין

פּרעזידענטין ____________ מרס. ה. שאפּירא
וויצע־פּרעזידענטינס:—מרס. ס. באסאוואסקי, מרס. דזש. שוסטער און מרס. ס. סטאפּמאן
פּראטאקאָל סעקרעטארין ____ מרס. ס. קריסטאל
פינאַנץ סעקרעטארין _________ מרס. ל. רעזניק
קאסירערין ____________ מרס. דזש. פליישמאן
אונטערנעמונגס פאַרזיצערין ___ מרס. י. פּאָרטער

די יונגע פרויען כנסת ישראל סיסטערהוד איז געגרינדעט געווארן אין 1926, פון מרס. ה. שאפּירא, וואס האלט אן די פאַרזיצערשאפט פאַר אלע 18 יאָר ביז היינט צו טאג.

די סיסטערהוד האט זיך אנפאנגס געשטעלט איין צוועק: ארויסצוהעלפן אָרעמעלייט מיט גמילות חסדים, אז יענע זאלן ניט דארפן אנקומען צו צדקה. ערשט איצט ווערט אט די ארבעט געהעריק אפּגעשאצט, ווען די סיסטערהוד קריגט ברייוו פון געהאלפענע, וואס האבן א דאנק דער סיסטערהוד זיך געשטעלט אויף די אייגענע פיס און דארפן מער צו קיינעם ניט אנקומען.

מיטן עסן קומט דער אפעטיט : זעענדיק, אז שטיצן איינצלנע נויטבאדערפטיקסטע איז טאקע זייער א גוטע זאך, האט די סיסטעהוד זיך פארנומען אויף א ברייטער פעלד : זיך אפצורופן אויפן אפילו ניט נאר פון יחידים, נאר אויך פון ארגאניזאציעס און ניט נאר לאקאל, נאר אויך נאציאנאל.

אזוי האט די יונגע סיסטערהוד מיט עטלעכע יאר צוריק גענומען אויף זיך די אחריות אויפצוהאלטן א קינד דורך דער יוגנט עליה. הייאר שאפן זיי $480 פאַר דעם זעלבן צוועק.

ביי היינט צו טאג שטיצט די יונגע סיסטערהוד אלע וויכטיקע אקציעס אין שטאט. איז זי אויך צופרידן פון דער געלעגנהייט זיך אנצושליסן אין דער גרויסער צאל פריינט פון דער י. ל. פּרץ שול, וואס ווינטשן איר דערפאלג צו איר 30טן יובל.

# וואָלינער לאַנדסמאַנשאַפט

מ. מיילס ________________ פּרעזידענט
י. סילווער ______________ וויצע־פּרעזידענט
ראזנפעלד _______________ פינאנץ־סעקרעטאר
טש. גארין _____________ פּראטאקאל סעקרעטאר
ג. שטערן ________________ פינאנץ פאַרזיצער
מ. ד. לייבל ________________ קאסירער
טשודנאוווסקי __________ פאַרוויילונגס פאַרזיצער
עקזעקוטיווע : — גרינבערג, וויינשטיין, ברוקלער,
ר. קאהען, מאנישין, פּרעזאמענט, סאלאמאן, פליישמאן, פ. מעלמוד.

די וואלינער לאנדסמאנשאפט איז געגרינדעט געווארן אין 1931. פאר די 13־14 יאר פון איר עקזיסטענץ, האט זי א סך אויפגעטאן אויף דער יידישער גאס אין וויניפעג. זי ענטפערט ברייט אויף אלע הילפס רופן אויף דער יידישער גאס. זי אינטערעסירט זיך מיט אלע יידיש געזעלשאפטלעכע פּראבלעמען און באטייליקט זיך אין אלע וויכטיקע לאקאלע און נאציאנאלע אונטערנעמונגען.

פאר די אייגענע מיטגלידער האבן די וואלינער א גמילת חסד פאריין, ווו א מיטגליד קען קריגן א פאר דאלאר אין א נויטפאל.

ביי די וואלינער איז אויך פאראן א "לײדיס אקזילערי", וואס שטייט ניט אפּ פון די מענער אין איר געזעלשאפטלעכער אקטיוויטעט.

די וואלינער לאנדסמאנשאפט איז זייער צופרידן מיט דער געלעגנהייט צו באגריסן די י. ל. פּרץ שול צו איר 30טן יובל. גייט אן, טוער, לערער און עלטערן, מיט אייער גוטער ארבעט און דערלעבט צו פייערן אייער 50טן יובל.

——):(——

# וויניפּעג אייד אַסן. און לײדיס אַקזילערי

פּרעזידענט ____________________ י. פינקל
וויצע פּרעזידענט _____________ א. קושנעראוו
סעקרעטאר _________________ י. פּערלמאן
פּרעזידענטין לײדיס אקזילערי ___ מרס. ב. שיבא

מיר באגריסן די י. ל. פּרץ שול צו איר 30 יאריקן יובל און מיר ווינטשן איר צו טראגן די פאן פון קולטור אין דער ווייטער צוקונפט. זאלן געשטארקט ווערן די הענט פון די טוער, וועלכע פארנעמען זיך און וועלן זיך פארנעמען מיט דער הייליקער, נאבעלער ארבעט.

——):(——

# ליבערטי פרי לאָאַן

די באאמטע און מיטגלידער פון דער ליבערטי פרי לאאן, פון דער ארגאניזאציע וואס איז אקטיוו אויף אלע יידישע געביטן, באגריסט הארציק די י. ל. פּרץ שול צו איר 30־יאריקן יובל. מיר ווינטשן אירע טוערס זיי זאלן זוכה זיין צו דערציען דורות, וואס וועלן קעמפן פארן ווילזיין פון דער מענטשהייט בכלל און פון אונדזער יידישן פאלק בפרט.

ד. סירקיס, פּרעזידענט

# די ניקאלייעווער

רבי חנינא בן דוסא היה אומר: כל שמעשיו מרובים מחכמתו חכמתו מתקימת. וכל שחכמתו מרבה ממעשיו אין חכמתו מתקימת.

און ווי קען דען אנדערש זיין? מען שאצט אפ דעם מענטשן לויט זיינע מעשים. אויך ארגאניזאציעס ווערן אפגעשאצט לויט זייערע מעשים און לויט דעם נוצן וואס זיי ברענגען לטובת לכלל. צו אט די ארגאניזאציעס, וואס פארנעמען א חשובן ארט אויף דער יידישער גאס אין וויניפעג, געהערט בלי ספק דער ניקאלייעווער הילפס פאריין. א קורצער סך־הכל איבער דער גרינדונג, אנטוויקלונג און טעטיקייטן פונם פאריין אין פארלויף פון די פארגאנגענע 3 יאר, וועט פאקטיש דאס באווייזן.

ואלה תולדות הניקאלייעווער הילפס פאריין: ניט פאר נחת האבן יידישע הארעפאשניקעס און פאלקס־מאסן זייערע אלטע, איינגעזעסענע היימען פארלאזט מיט דער האפענונג צו געפינען א רויק און מער געזיכערט ווינקל אויפן צפון אמעריקאנער קאנטינענט. ווען די יידישע עמיגראנטן פון ניקאלייעוו, אזוי ווי די יידישע עמיגראנטן פון גאר דער וועלט, האבן צום ערשטן מאל דעם קאנאדער באדן באטראטן, האט אן אומעט זייערע נשמות ארומגעכאפט. אבער די נויט אין קאנאדע האט די יידישע אימיגראנטן אויסגעלערנט אייזן צו ברעכן, גאסן צו ברוקירן. "גרינע" האבן מיט זייערע כוחות אומעטום צוגעלייגט א האנט צום אלגעמיינעם אויפבוי פון דער יונגער קאנאדע. אין די טעג פון אפרו האט מען אהיים בריוולעך געשריבן.

מיטן לויף פון דער צייט האבן גענומען אנקומען ידיעות און הארצרייסנדיקע בריוו פון יידן פון ניקאלייעוו, אז זיי האבן גאר צוויי וועגן — אדער מיט פרויען און קינדער אין טייך בוג, צי אין דניעפער, אדער זיך נעמען צום וואנדער־שטעקן. און אז עס זיינען אנגעקומען די ערשטע בריוו צו פסח־חנן זעליכאווסקי און לייב זענטנער, אז ס'איז שלעכט, ס'איז באו מים עד נפש — האבן זיך פארזאמלט זעקס ניקאלייעווער לאנדסלייט: חנן־פסח זעליכאווסקי, ישכב כהן, מרדכי לובאנאוו, יעקב שניר, שמואל בורי און הערשל מילגרוים, אין דער היים פון דעם לעצטן, און באשלאסן צו רופן א פארזאמלונג פון ניקאלייעווער צו גרינדן א ניקאלייעווער הילפס פאריין. די ערשטע פארזאמלונג איז פארגעקומען אין חודש סעפטעמבער, 1911, אין דעם בנין פון דער אמאליקער תלמוד תורה, און דא איז געלייגט געווארן דער פונדאמענט פון דער ארגאניזאציע, וואס מיר רופן ניקאלייעווער הילפס פאריין. ס'איז באשלאסן געווארן אז יעדער מיטגליד זאל צוטראגן פינף דאלאר. דאס געלט זאל גיין איינצוצאלן אויף שיפס־קארטן פאר די אומגליקלעכע ניקאלייעווער וואס מוזן זיך ארויסרייסן פון די נעגל פון צאריזם.

נאכדעם ווי די ארגאניזאציע האט דערפילט איר חוב און ארויסגענומען א גאנצע רייע פאמיליעס אהער, איז באשלאסן געווארן, אז זייט ביי זייט מיט דער דאזיקער טעטיקייט, זאל די ארגאניזאציע זיך שטעלן נייע אויפגאבן, כדי צו האלטן די גאנצע לאנדסמאנשאפט ארגאניזירט. אזוי איז, למשל, איינגעפירט געווארן, אין 1913, א ליי־קאסע, כדי די מיטגלידער זאלן קאנען אין פאל פון נויט קריגן א גמילות חסד. די דאזיקע ליי־קאסע איז אין 1918 רעארגאניזירט געווארן אויף א מער ארגאניזאציאנעלן באזיס. אויפן באזיס פון אקציעס. היינט צו טאג פארמאגט די ליי־קאסע ביים פאריין אקציעס אויף דער סומע פון ארום $5,000.

אין 1918 האט די ארגאניזאציע זיך גענומען צו באזארגן די מיטגלידער מיט א פרייען דאקטאר און רפואות. שפעטער איז אויך איינגעפירט געווארן צו צאלן מיטגלידער אין פאל פון קראנקייט $5 א וואך.

אין 1920 איז באשלאסן געווארן צו גרינדן ביי דער ארגאניזאציע אן אומגליקפאל פאנד. דער צוועק פון דעם דאזיקן פאנד איז, אז ווען א מיטגליד איז אין אן עת צרה, זאל ער זיך ניט דארפן ווענדן נאך צדקה. ער זאל קאנען געהאלפן ווערן מיט א גרעסערער סומע פון א פאנד, וואס ער האט אליין געהאלפן שאפן און צו וועלכן ער האט אליין בייגעטראגן.

אט אזוי איז די ארגאניזאציע פון אירע ערשטע אויפגאבן צו ראטעווען אונדזערע ברידער אויף יענער זייט ים, אויסגעוואקסן אין א פאריין פון קעגנזייטיקער הילף.

אין אויב די ארגאניזאציע האט אויפן געביט פון קעגנזייטיקער הילף געהאלטן אין איין פארצווייגן זיך, אין איין צעוואקסן זיך, האט זי אבער אויפן געביט פון געזעלשאפטלעכער טעטיקייט אריינגעשריבן גאר א שיין קאפיטל געשיכטע, סיי אינם זין פון שטיצן פארשיידענע אינסטיטוציעס מיט געלט מיטלען, סיי אינם זין פון שיקן פארשטייער אנטיילצונעמען אין דער אדער יענער אונטערנעמונג לטובת הכלל.

דער ניקאלייעווער הילפס פאריין איז געווען דער איניציאטאר, וואס האט פארופן א קאנפערענץ פון 26 ארגאניזאציעס צו פראטעסטירן קעגן דעם באשלוס פון דער וויניפעגער סקול באורד צו שניידן דעם אזוי אויך שוין מינימום בילדונג פאר אונדזערע קינדער. די קאנפערענץ האט באאיינפלוסט די סקול־באורד צו ענדערן טיילווייז דעם באשלוס.

די ארגאניזאציע דערמאנט אויך אז זי האט געשטיצט מיט געלט־מיטלען די פאלגנדיקע אינסטיטוציעס און פאנדן: בית־יתומים, מושב זקנים, גאולה־פאנד, עמיגראציע געזעלשאפט, פארבאנד פאר מלחמה ליידנדיקע, פאלעסטינער ארבעטער פאנד, איקאר. דעפענס פאר סטרייק־פירער אין 1919, אינדוסטריעלע יוניאנס, מאונט כרמל קליניק, דענווער סאנאטאריום, י. ל. פרץ שול, ארבעטער רינג שול, שלום עליכם שול, פאלקס ביבליאטעק, פאגראם געליטענע אין ארץ־ישראל, יו. פי. איי., געווערקשאפטן קאמפיין, באזארן פאר סאוועטן פארבאנד, "ארט".

ויאמר אלהים לא טוב היות הניקאלייעווער פאריין לבדו. אעשה לו עזר כנגדו. און עס איז אין 1934 גערינדעט נעווארן דער ניקאלייעווער פרויען פאריין, וואס באשטייט פון פינף און זיבעציק פרויען. פאר דער דאזיקער צייט האט דער פרויען פאריין באוויזן צו דערגרייכן ממשותדיקע רעזולטאטן אויפן געזעלשאפטלעכן און קולטורעלן געביט. עס איז אונדזער האפענונג און דערווארטונג אז אונדזער פרויען פאריין וועט נאך ווייטער פארצייכענען גרויסע פארדינסטן אויף פארשיידענע געביטן און צווייגן פון אידישן לעבן.

ווען מיר ווארפן אונדזער בליק אויף צוריק, ווען מיר לויפן דורך אין אונדזער זיכרון אונדזערע ארבעטן, אונדזערע מעשים טובים סיי געזעלשאפטלעכע, סיי אונדזערע דערגרייכונגען פאר זיך אליין, פילן מיר זיך שטאלץ, נעמען מיר זיך פארשטיין דעם געדאנק פון דער משנה, אז לא המדרש העיקר, אלא המעשה.

## עסטרייך־פּוילישער פאַרבאַנד



ר. מאַזער, פּרעזידענט

נעמט צו אונדזער האַרציקסטע באַגריסונג צום יובל יום־טוב לכבוד 30 יאָר ווירקונג און טעטיקייט פון דער י. ל. פּרץ־שול. די שול האָט יאָרן־לאַנג אַרויסגערופן שטאָלץ ביי אונדז, וועמעס קינדער עס האָבן געקראָגן זייער דערציִונג דאָרטן.

זעצט פאָר אייער אַרבעט מיט דער זעלבער ליבע, געטריישאַפט און באַוווסטזיניקייט, ווי איר האָט עס געטאָן ביז איצט. נעמט צו אונדזערע האַרציקסטע ווינטשן פאַר דערפאָלג.

ל. ראָזנבוים.

מ. זונענשיין, סעקרעטאַר.

באַמערקונג פון רעדאַקציע: — לײדער איז די באַגריסונג אָנגעקומען צו שפּעט, האָבן מיר ניט מספּיק געווען צו געבן דעם עסטרייך־פּוילישן פאַרבאַנד די אָפּשאַצונג וואָס אַזאַ אָרגאַניזאַציע פאַרדינט

—):(—

## באַגריסונג פון פינסקער פאַריין



ל. קאַפּלאַן, פּרעזידענט

ערן־פּרעזידענט ______________ א. בערנשטיין
פּרעזידענט ______________________ ל. קאַפּלאַן
וויצע־פּרעזידענט ______________ מ. ריטשמאַן
פּראָטאָקאָל סעקרעטאַרין __________ פייגל קוזין
פינאַנץ סעקרעטאַר ____________ י. טאָלסטאָוו
קאַסירער ________ א. גאָלדשטיין און י. לאַפּמאַן
קולטור און אונטערנעמונג: מ. גלאַבערמאַן, מיס. ח. גאָלדשטיין, א. קוזין און יוסף קוזין.
האָספּיטאַלער ________________ י. גלאַבערמאַן
קאָנטראָלערס ___ ח. גלאַבערמאַן און מ. וואָלדמאַן
טראַסטים ___________ מ. סיימאַן און י. קוזין

דער פינסקער פאַריין איז געגרינדעט געוואָרן אין יאָר 1936, אויף דער איניציאַטיווע פון ל. קאַפּלאַן, א. בערנשטיין, א. גאָלדשטיין, גלאַבערמאַן ברידער א״א.

דער צוועק פון דעם פאַריין איז אָנפאַנגס ניט געווען גאַנץ קלאָר. עס איז פּשוט געווען אַן אויסדרוק פון ״שבת אחים גם יחד״. לאַנדסלייט האָבן געזוכט אַ געלעגנהייט זיך צוזאַמענצוקומען אָפטער, פאַרברענגען אין געמיטלעכע שמועסן וועגן דער אַלטער היים און דערמאָנען טעג לאַנג־פאַרגאַנגענע . . .

דאָס אַליין איז שוין געווען אַ ציל פאַר זיך. דערפאַר האָט דער פאַריין געטראָגן אָנפאַנגס בלויז אַ היימישן כאַראַקטער.

אונטערן דרוק פון די שווערע מלחמה־יאָרן איז די אָרגאַניזאַציע אַרויסגערוקט געוואָרן אין פאָדערגרונט פון געזעלשאַפטלעכע אַקטיוויטעטן.

דער פינסקער פאַריין נעמט אַנטייל אין אַלע אַקציעס אויף דער יידישער גאַס. באַזונדערס וואַרעם און ענטוזיאַסטיש האָט ער זיך אָפּגערופן אויף דער ״הילף פאַר סאָוועטן פאַרבאַנד״ אַקציע.

ביי היינט צו טאָג ציילט אונדזער מיטגלידערשיפט איבער 60 מענער און פרויען. די באַציִונג איז אַן אמת חברשע. אייז לאַנדסמאַן רופט דעם צווייטן ביים ערשטן נאָמען. חוץ אין לאָקאַל קומען זיך די לאַנדסלייט גאַנץ אָפט צוזאַמען אין די היימען. די פרויען האָבן אַן איינגענעם לייענקרייז און אַן איינענע קאַסע, פון וועלכער זיי שטיצן אַלערליי געזעלשאַפטלעכע אונטערנעמונגען.

דער י. ל. פּרץ שול אונדזער האַרציקסטע באַגריסונג און גליקוואונטש.

—):(—

## די פּראָפּאָיסקער

ווי שכנים פון פּרץ שול ניט נאָר אין זאַל, נאָר אויך אין גייסט, באַגריסן די פּראָפּאָיסקער לאַנדסלייט די פּרץ שול צו איר 30 יאָריקן יובל.

1910 באַלאַנגט צו די ״גליקלעכע״ יאָרן אין קאַנאַדע. די טויערן פון לאַנד זיינען געשטאַנען ברייט אָפן און ווער עס האָט נאָר געוואָלט האָט געקענט אַריינקומען. אַ שטראָם פון אימיגראַנטן האָט זיך דאַן געצויגן אין אַלע גרעסערע שטעט פון די פאַראייניקטע שטאַטן און קאַנאַדע.

זיינען קיין וויניפּעג געקומען מיטן שטראָם אַ צאָל פּראָפּאָיסקער. די ״גרינע״ האָבן געהאַט די חוצפּה זיך ניט צו פילן גליקלעך אין גאָלדענעם לאַנד. אדרבא. זיי האָבן געשמאַק געבענקט נאָך זייער פּראָפּאָיסק.

אַט די בענקשאַפט פון די ״גרינע״ און אויך די ״געלע״, וואָס זיינען געקומען מיט אַ פּאָר יאָר פריער, האָט אין דעם אויבנדערמאָנטן יאָר, 1910, געשאַפן די פּראָפּאָיסקער אָרגאַניזאַציע. אין 1911 האָט די זעלביקע אַרויסגענומען אַ רעגירונגס טשאַרטער.

ווי אַ לאַנדסמאַנשאַפט האָט די אָרגאַניזאַציע זיך געשטעלט פאַר איר צוועק — שטיצע צו לאַנדסלייט.

פֿאַר די וויניפּעגער לאַנדסלייט האָבן די פּראָפּאָיסקער געגרינדעט אַ שפּאָר און ליי קאַסע, און געהאָלפֿן ערשט אַריבערגעקומענע זיך איינצואָרדענען. זיי האָבן אָבער ניט פֿאַרגעסן אַן פּראָפּאָיסק. יעדער וואָך איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַ זאַמלונג און פֿאַרן געשאַפֿענעם געלט זיינען געשיקט געוואָרן "פּאַסילקעס" "אַהיים". אַ באַזונדערס וויכטיקע געשעעניש אין לעבן פֿון דער פּראָפּאָיסקער אָרגאַניזאַציע איז געווען דער פֿאַל, ווען 1,200 קליידער זיינען, דורך דר' דובראָווסקין, איבערגעשיקט געוואָרן קיין פּראָפּאָיסק.

אין אַ גאַנץ קורצער צייט זיינען די פּראָפּאָיסקער דאָך אַרויס פֿון זייער לאָקאַלן פּאַטריאָטיזם און האָבן זיך אָנגעהויבן צו אינטערעסירן מיט אַלע קהלשע ענינים.

ווען אין רומעניע איז אויסגעבראָכן אַ הונגער און אַ וויי־געשריי איז אָנגעקומען פֿון די דאָרטיקע יידן, האָט די פּראָפּאָיסקער אָרגאַניזאַציע אויף זיך גענומען די איניציאַטיווע צו שאַפֿן הילף פֿאַר די הונגער־ליידנדיקע. א. י. זלאָטין איז געוואָרן דער פֿאָרזיצער און א. י. באָראָדיצקי דער קאַסירער פֿון דער אַקציע. עטלעכע טויזנט דאָלאַר איז איבערגעשיקט געוואָרן צו הרב צירלסאָן אַלס רעזולטאַט פֿון דער אַקציע.

אַ פֿרויען אָפּטיילונג ביי די "פּראָפּאָיסקער" איז אָרגאַניזירט געוואָרן אין 1926. פֿון דאָן אָן איז די קולטור און געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעט געוואָרן פֿיל מער אינטענסיוו.

אין 1940 האָבן די פּראָפּאָיסקער געקויפֿט אַן איינגן צימער אין דער נייער געביידע פֿון מושב זקנים. אַרום $500 איז דאָן אויסגעגעבן געוואָרן פֿאַר דעם צוועק.

ביי היינט צו טאָג נעמען די פּראָפּאָיסקער אַן אָנפֿירנדיקן אָנטייל אין אַלע וויניפּעגער קהלשע אַרבעטן. פֿאָרזיצער און סעקרעטאַר פֿון הילפֿס־פֿאַרבאַנד פֿאַר מלחמה ליידנדיקע זיינען ווידער די צוויי אויבנדערמאָנטע פּראָפּאָיסקער — זלאָטין און באָראָדיצקי. די פּראָפּאָיסקער זיינען פֿאַרטראָטן ביים קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס, ביים וועלפֿער־פֿאָנד, אין אַלע ציוניסטישע אַקטיוויטעטן, אין אַלע קולטור אינסטיטוציעס און פֿונוואַנען נאָר עס קלינגט אָפּ אַ יידישער רוף — אַהין קומט גלייך אַן ענטפֿער פֿון די פּראָפּאָיסקער.

ה. לעווין, סעקרעטאַר.
יעקב שולמאַן, פֿאָרזיצער.

—):(—

## 30 יאָר קיעווער פֿרי לאָאַן און אייד אַסאָסיאיישאַן



ב. וואָרהאַפֿט, פּרעזידענט

דאָס איז געווען אין יענע צייטן ווען קיין קאַנאַדע האָבן געשטראָמט אימיגראַנטן פֿון גאַנץ רוסלאַנד און ספּעציעל פֿון קיעוו; אין יאָר 1913, ווען ביילים איז פּראָצעסירט געוואָרן פֿאַר דעם בלוט בילבול, זיינען די יידן דערמאָלט ניט זיכער געווען מיט זייער לעבן אין גאַנץ רוסלאַנד און בפֿרט אין קיעווער גובערניע. זיינען דאָן עטלעכע קיעווער אויך פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן קיין וויניפּעג און ניט האָבנדיק דאָ קיין פֿריינט, האָבן זיי געזוכט צו באַקענען זיך מיט לאַנדסלייט פֿון אַנדערע שטעטלער.

ווען די ערשטע וועלט־מלחמה האָט אויסגעבראָכן, אין 1914, און מיר זיינען אָפּגעשניטן געוואָרן פֿון אונדזערע אייגענע אויף יענער זייט ים, איז ביי אונדז אויפֿגעקומען דער געדאַנק, אַז מיר, די קיעווער לאַנדסלייט, זאָלן זיך פֿאַראייניקן אין אַ קערפּערשאַפֿט, וואָס זאָל קאָנען אַרויסהעלפֿן אונדזערע פֿאַמיליעס אין דער אַלטער היים — האָבן מיר געגרינדעט די "קיעווער פֿרי לאָאַן". קיין מיטגלידער פֿון אַנדערע גובערניעס האָבן מיר דאָן ניט אַריינגענומען, עס איז געווען בלויז אַ לאַנדסמאַנשאַפֿט מיט דער צייט אָבער האָבן מיר איינגעזען, אַז מיר קאָנען ניט זיין פֿאַרשפּאַרט אין די שמאָלע ראַמקעס פֿון איין גובערניע, ווייל נאָך אַלעמען זיינען מיר דאָך מיטגלידער פֿונם גאַנצן יידישן פֿאָלק. און מיר האָבן אונדזערע טירן געעפֿנט פֿאַר נייע מיטגלידער, ניט דווקא קיעווער.

די אימיגראַציע האָט זיך אָבער דאָן אָפּגעשטעלט און מיר האָבן געקאָנט אויפֿנעמען בלויז געציילטע אימיגראַנטן, אַנטלאָפֿענע פֿון די צאַרישע פֿאַרפֿאָלגונגען און רעוואָלוציאָנערע טוער וואָס זיינען אַנטלאָפֿן פֿון די צאַרישע טורמעס. פֿון די איז ווערט צו דערמאָנען דוד פֿעדער, זייער אַ פּראָגרעסיווער חבר, און ש. אַלמאַזאָוו, דער איצטיקער נאַציאָנאַלער סעקרעטאַר פֿון אַמעריקאַנער "איקאָר" און רעדאַקטאָר פֿון "נייע לעבן".

מיר זיינען אַריינגעטראָטן אין קאַנאַדער הילפֿס־פֿאַרבאַנד און מיר האָבן זיך אַריינגעוואָרפֿן אין דער אַרבעט פֿון זאַמלען געלט און אַרויסהעלפֿן מיט גרויסע סומעס דעם הילפֿס פֿאַרבאַנד.

דערוויסנדיק זיך פֿון די פּאָגראָמען אין אוקראַינע און זייענדיק אַן אָרגאַניזאַציע וואָס טראָגט דעם נאָמען קיעוו, דאָס האַרץ פֿון אוקראַינע, איז אויף אונדז געפֿאַלן דער גורל צו גרינדן דעם יידישן אוקראַינער פֿאַרבאַנד, מיטן שרייבער פֿון די שורות אַלס סעקרעטאַר. נאָך גרויסע באַמיִונגען איז אונדז געלונגען צו באַאיינפֿלוסן דעם יידישן קאָנגרעס און מיר האָבן געמיינשאַפֿטלעך פֿאַררופֿן אַ פּראָטעסט מיטינג אין אינדאַסטריעל ביוראָ, וואָס וויניפּעג האָט נאָך אַזוינס ניט געזען. הונדערטער קליינע קינדערלעך האָבן מאַרשירט צום מיטינג אין גרעסטן פֿראָסט און קעלט.

גלייך נאָכדעם האָבן מיר זיך גענומען צו העלפֿן דעם "דרייוו" פֿאַר אַ שיף קליידער און מיר האָבן געשיקט אַ דעלעגאַט קיין אוקראַינע אויסצוזוכן קרובים, וועלכע מיר האָבן אַראָפּגעבראַכט אַהער. ווען דער סאָוועטן פֿאַרבאַנד איז געבליבן די איינציקע רעגירונג אין רוסלאַנד, האָבן מיר מער קיין הילף פֿון דאַנען ניט געקאָנט שיקן.

ח' סעם אָווערבום האָט דאָן פֿאָרגעשלאָגן צו גרינדן אַ סיק בענעפֿיט און מיר זאָלן זיך רופֿן קיעווער פֿרי לאָאַן און אייד אַסן. מיר האָבן דערוויילט הר' וויקטאָר אַלס דאָקטאָר און ער שטייט מיט אונדז ביז היינטיקן טאָג.

אין 1930 האָבן מיר געגרינדעט אַ ליידיס אָקזילערי. זי העלפֿט אונדז אין דער פֿאַרצווייגטער אַרבעט, וואָס באַשטייט ניט נאָר אין אַרויסהעלפֿן אונדזערע חברים, נאָר אויך אין שטיצן אַלע אַנדערע אינסטיטוציעס אין שטאָט. איך וויל דאָ בלויז דערמאָנען

עטלעכע אינסטיטוציעס וועלכע געניסן פון אונדזער שטיצע: מושב זקנים, בית יתומים, תלמוד תורה, פרץ שול, שלום עליכם שול, די יידישע ארבעטער ציַיטונג "וואכנבלאט" א"א.

מיר זיַינען אנגעשלאסן אין די פאלגנדיקע ארגאניזאציעס: וועלפער פאנד, יידישער קאנגרעס, פאלקס קאמיטעט א"א. ווען קיעוו איז באפריַיט געווארן דורך דער רויטער ארמיי, האבן מיר צוגעטראגן טויזנט דאלאר צום פאלקס קאמיטעט, פאר בעטלעד אין א קיעווער שפיטאל.

איך וואלט געקאנט שריַיבן זייער א סך, אבער דאס פלאץ איז באגרענעצט. וויל איך זאגן: זיַיט באגריסט חברים און חברות פון דער י. ל. פרץ־שול, צו אייַער 30 יאריקן יובל! מיר פרייען זיך צוזאמען מיט אייַך!

א. וויַינראב

### א באגריסונג־ווארט פון פרעזידענט

געמט אז די הארציקע באגריסונג פון דער קיעווער פרי לאאן און אייך ארגאניזאציע צו אייַער גרויסן יום־טוב, וועלכער רייַסט זיך דורך ווי א ליכטיקער זייַל אין דעם פינצטערן לעבן פון די יידישע מאסן אין דער וועלט. היַינט צו טאג, איז ביַי מיר א פרייד אייַך צו באגריסן אין נאמען פון מיַין ארגאניזאציע. לאמיר האפן, אז מיר וועלן אינגיכן אויך פייַערן דעם זיג איבער דעם פאשיזם און אנטיסעמיטיזם און דערלעבן א שענערע און פרייַערע ארדענונג אויף דער וועלט.

ב. ווארהאפט, פרעזידענט.

## באגריסונג פון קיעווער לײדיס אקזילערי



מרס. ל. גאניק, פארזיצערן

אין נאמען פון אונדזער עקזעקוטיווע, פון מיר פערזענלעך און פון דער גאנצער אקזילערי, נעמט אן אונדזער הארציקן גרוס צו אייַער דרייַסיקסטן יובל. מיר שאצן אפ אייַער טעטיקייַט אויפן קולטור געזעלשאפטלעכן געביט דא אין שטאט און דריקן אויס אונדזער הארציקן דאנק פאר אייַער וויכטיקער דערציִונגס ארבעט. מיר ווינטשן אייַך אין דער צוקונפט נאך מער אויסצובריַיטערן אייַער ארבעט און פארגרעסערן די מיטגלידערשאפט פון דער שול. איר זאלט דערלעבן צו פייערן דעם קומענדיקן יובל אין א בעסערער און שענערער וועלט.



# עקזעקוטיווע פון י. ל. פרץ שול

## טשערניאַק, י. א.

(פּאַרזיצער)



וויניפּעג. געבוירן אקט. 5טן, 1885. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1905, פון ניקאָלייעוו; איי־נער פון די גרינדער און בויער פון דער י. ל. פּרץ שול, אנגע־זעענער אדוואקאט, פּאַרזיצער פון פּאַרלאַג „פון קוואַל", ענ־ציקלאָפּעדיע קאָמיטעט, אנגעזע־ענער טוער פון איוו"א, פּאַר־באַנד צוויַיג 20, ארט, קאַנאַדער אידישער קאָנגרעס, אינסטיטוט פאַר אינטערנאַציאָנאַלע אנגעלעגנהייטן אא"וו.

## קעלער, וו.

(יובל קאָמיטעט פּאַרזיצער)



וויניפּעג. געבוירן אין האָר־ראָשקע, וואָלינער גוב.; געקומען אין קאַנאַדע אין נאָוו. 1912; איינער פון די גרינדער און בוי־ער פון שול, וויצע־פּאַרזיצער פון קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס, אנגעזעענער טוער אין וועלפער־פאַנד, פּליטים קאָמיטעט, וועלט־קאָנגרעס, „פּאַבליק רילייישאַנס", ייוו"א, „ארט", „דזשאָינט", פאַרלאַג „פון קוואַל" אא"וו. שטיצט מיט א ברייטער האַנט יידישע נאַציא־נאַלע און לאָקאַלע אינסטיטוציעס.

## פּערלמאַן, חיים

(וויצע־פּאַרזיצער)



וויניפּעג. געבוירן אין 1893, אין פּראָפּאָיסק, רוסלאַנד; געקו־מען אין קאַנאַדע אין 1912; איינער פון די גרינדער פון דער י. ל. פּרץ שול. געוועזענער סעקרעטאַר און עקזעקוטיוויע מיטגליד פון פּאַרבאַנד, צוויַיג 20; מיטגליד פון פּראָפּאָיסקער פּאַריין, יידישע פאָלקס ביבליא־טעק אא"וו.

## זעלטשען, נחמן

(פינאַנץ־סעקרעטאַר)



וויניפּעג. געבוירן אין 1897. געקומען אין קאַנאַדע אין 1910. אין דער עקזעקוטיווע פון 1920 ביז 1944; מיטגליד פון יידיש־נאַצ. ארב. פאַרב., צוו. 20 און יידישער פאָלקס ביבליאָטעק; געוועזענ. פּאַרזיצער פון ציק"א, פּאַרזיצער פון שאָר קלוב, קאָפּ פון מאָנ. וואָלונטיר רעזערוו, אנגעזעענער טוער פון קאָנגרעס, יידישן ארבעטער קאָ־מיטעט, „קענעדיען קלוב" א"א.

## גרעי, מאַטל

(קאַסירער)

אנגעזעענער טוער. שטיצט מיט א ברייטער האַנט יידישע נאַציאָנאַלע און לאָקאַלע אינ־סטיטוציעס. מיטגליד פון קאַנאַ־דער יידישן קאָנגרעס, עקזעקוטי־ווע און מיטגליד פון צוויַיג 20 יידיש נאַצ. ארבעטער פאַרבאַנד; גע־וועזענער פּאַרזיצער פון אקצי־אָנס קאָמיטעט.

## זעלטשען, ש. מ. (מאַרק)

(דערציִונגס קאָמיטעט)



וויניפּעג. געבוירן אין האָמ־ליע, רוסלאַנד, 13טן דעצעמבער, 1885. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1912; אין דער עקזעקוטיווע פון 1921; רעדאַקטאַר פון „דאָס יידישע וואָרט", אנגעזעענער טוער אין קאַנאַדער יידישן קאָנ־גרעס, יידיש נאַציאָנאַלן ארבע־טער פאַרבאַנד צוו. 20, וועלפער פאַנד, „ארט", ציק"א, ייוו"א און אזוי וויַיטער.

## קאָהען, משה

(סעקרעטאַר)



וויניפּעג. געבוירן אין ווינאָ־גראַד, קיעווער גוב., אין 1902; געקומען אין קאַנאַדע אין 1922, אין עקזעקוטיווע זייט 1924; איינער פון די גרינדער פון דער יידישער פאָלקס ביבליאָטעק אין געוועזענער פּאַרזיצער; מיטגליד פון קאָנ. יידישן קאָנגרעס, יידי־שע ענציקלאָפּעדיע; סעקרעטאַר פון יידיש־נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד, צוויַיג 20.

## שעפּס, ב.

(קאָ־פּאַרזיצער פון ובל קאָמ.)



וויניפּעג. געבוירן סעפּטעמ־בער 1880; געקומען קיין קאַנאַ־דע אין 1904. איינער פון די גרינדער פון שול און געוועזע־נער פּאַרזיצער; וויצע־פּרעזי־דענט פון קאַנאַדער יידישן קאָנ־גרעס, מיטגליד פון יידיש־נאַציאָנאַלן ארבעטער פּאַר־באַנד צוויַיג 20. מיטגליד פון היברו סיק בענעפיט סאָסייטי, איוו"א און אזוי וויַיטער.

## שעפּס, ג.

(צפון אפטיילונג פאַרשטייער)



וויניפעג. געבוירן אין טשער־נאָוו, רוסלאַנד, 25טן אויגוסט, 1886, געקומען קיין קאַנאַדע אין פעברואַר, 1912. אין דער עק־זעקוטיווע פון 1914 ביז 1944. פאַרזיצער פון יידיש נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד צווייג 20. געוועזענער פאַרזיצער פון שול און פון היברו סיק בענעפיט. אנגעזעענער טוער אין אַרט. איוו״א און אזוי ווי״טער.

## סערלעצקי, ל.

(הויז פאַרוואַלטער)



וויניפעג. געבוירן אין 1892; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1911, אין עקזעקוטיווע זייט 1923. עקזעקוטיווע מיטגליד פון יידיש נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד, צווייג 20; ביקאַליייעווער ארגאַ־ניזאַציע.

## מיימאַן, בערל

(עלטערן קאָמיטעט)



וויניפעג. געבוירן אין 1893; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1920. אין עקזעקוטיווע זייט 1924. איינער פון די גרינדער פון דער לינקער פועלי ציון פּאַרטיי אין וויניפעג. מיטגליד פון צווייג 20 יידיש נאַצ. ארבעטער פאַרבאַנד. געוועזענער פאַרזיצער און איי־נער פון די גרינדער פון דער ווידישער פאָלקס ביבליאָטעק. מיטגליד פון יידישן ארבעטער קאָמיטעט, ציק״א, ייוו״א אא״וו.

## אוערבאַך, יעקב



וויניפעג. געבוירן אין 1889; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1911. אין פּרץ שול עקזעקוטיווע פון 1919. מיטגליד פון פאַרבאַנד צווייג 20, קאַנאַדער יידישער קאָנגרעס, בני ברית, פּראָפּאָס־קער, וועלפער פאָנד.

## אַרטנשטיין, וועלוול



וויניפעג. געבוירן אין 1896, אין פּאָטשאַיעוו, וואָלין; געקו־מען קיין קאַנאַדע אין 1912, אין דער עקזעקוטיווע זייט 1922. איינער פון די גרינדער פון דער יידישער פאָלקס ביבליאָטעק און פון לינקער פועלי ציון פּאַרטיי. פינאַנץ סעקרעטאַר פון דער ביב־ליאָטעק, קאָנטראָלער פון פאַר־באַנד צווייג 20. מיטגליד פון ענציקלאָפּעדיע קאָמי־טעט, ייוו״א, אא״וו.

## גאַנעצקי, ס.



וויניפעג. געבוירן אין מאָגע־לאָוו, אין 1896; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1911. עקזעקוטי־ווע מיטגליד פון פאַרבאַנד, צווייג 20, לאַנגע יאָרן פאַרזיצער פון לייַ קאַסע ביים פאַרבאַנד. מיטגליד אין הילפס קאָמיטעט פאַר מלחמה ליידנדיקע.

## זאַראָוו, ל.



וויניפעג. געבוירן אין 1892; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1921. אין עקזעקוטיווע זייט 1927. מיטגליד פון יידיש נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד, צווייג 20 בני ברית, יידישער פאָלקס ביב־ליאָטעק.

## זלאָטניק, ז.

וויניפעג. געקומען קיין קאַ־נאַדע אין 1913. אין דער עק־זעקוטיווע זייט 1920. מיטגליד פון יידיש נאַציאָנאַלן ארבעטער פאַרבאַנד, צווייג 20.

## טאָובמאַן, ב.

וויניפּעג. געבוירן איז 1889; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1907. ערשטער סעקרעטאַר פֿון י. ל. פּרץ שול. מיטגליד פֿון אַרבעטער רינג.

## כאַצקל, ה.



וויניפּעג. געבוירן אין 1893; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1930. אין דער עקזעקוטיווע זינט 1936. עקזעקוטיווע מיטגליד פֿון יידישער פֿאָלקס ביבליאָטעק.

## לעווין, ה.



וויניפּעג. געבוירן אין פּראָ־פּאַיסק, אין 1898; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1925. אין דער עק־זעקוטיווע זינט 1940. סעקרע־טאַר פֿון פּראָפּאַיסקער אָרגאַני־זאַציע, מיטגליד פֿון אידיש נאַ־ציאָנאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד, צווייג 20.

## מאָזער, ר.

וויניפּעג. געקומען קיין קאַ־נאַדע אין 1924. אין דער עק־זעקוטיווע זינט 1929. מיטגליד פֿון פֿאַרבאַנד צווייג 20, קאָנ־גרעס קאָונסיל, עקס־פּרעזידענט פֿון פּוילישן פֿאַרבאַנד.

## מיינס, מ.



וויניפּעג. געבוירן אין 1886; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1904. איינער פֿון די גרינדער פֿון שול. אנגעזעענער ציימונגס־מאַן. קאַסירער פֿון וויניפּעגער פּרעס קלוב, מיטגליד פֿון פֿאַר־באַנד צווייג 20, קענעדיען קלוב און בני ברית.

## מייערס, ת.

וויניפּעג. געבוירן אין 1905; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1922. אין דער עקזעקוטיווע זינט 1934. מיטגליד פֿון יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד, צווייג 20.

## מיינסטער, א.



וויניפּעג. געבוירן אין 1876; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1912. אין דער עקזעקוטיווע זינט 1918. מיטגליד פֿון יידיש נאַצי־אָנאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד, צוו. 20 און פֿון ניקאָלייעווער.

## מילער, ב.



וויניפּעג. געבוירן אין 1888; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1905. איינער פֿון די גרינדער פֿון דער י. ל. פּרץ שול, עקזע־קוטיווע מיטגליד פֿון פֿאַרבאַנד צווייג 20, מיטגליד פֿון אַרבע־טער רינג, קאַנאַדער יידישן קאָנ־גרעס, וויניפּעג היברו פֿרי לאָאַן.

## סמיט, יצחק



ווינניפּעג. געבוירן אין 1892; אין קאַפּוליע, מינסקער גוב.; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1905. אין דער עקזעקוטיווע זײַט 1929. עקזעקוטיווע מיטגליד פֿון פֿאַרבאַנד צווײַג 20, מיטגליד פֿון בני ברית, ליבערטי פּרי לאָאז.

## עלקין, משה



ווינניפּעג. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1904. געווען איינער פון די גרינדער פֿון פּריץ שול, שפּעטער געוואָרן אַ גרינדער פֿון ארבעטער רינג שול. איינער פֿון די אַנגעזעענסטע טוער אין אַרבעטער רינג צווײַג 169 און אין הילפֿס פֿאַרבאַנד, מיטגליד אין קאָנגרעס, ציק״א פֿאָלקס ביבליאָטעק אא״וו.

## סירקין, וו.



ווינניפּעג. געבוירן אין 1887. אין ניקאָלײַעוו; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1912. אין דער עקזעקוטיווע זײַט 1923. עקזעקוטיווע מיטגליד פֿון "פֿאַרבאַנד" צווײַג 20. מיטגליד פֿון בני אַברהם, אינדעפּענדענט בני אַברהם הילפֿס פֿאַרבאַנד.

## פּאַרטנאָוו, כּ.



ווינניפּעג. געבוירן אין 1875. אין קיעוו; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1904. איינער פֿון די גרינדער פֿון פּריץ שול. מיטגליד פֿון אַ רייע אַנדערע אָרגאַניזאַציעס.

## פּאָלינסקי, ס.



ווינניפּעג. געבוירן אין 1887; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1912. אין דער עקזעקוטיווע זײַט 1919. מיטגליד אין צווײַג 20 יידיש נאַציאָנאַלער אַרבעטער פֿאַרבאַנד.

## פּערלמאַן, דר' י.



ווינניפּעג. געבוירן אין 1886; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1912. דאָקטאָר און מיטגליד פֿון פֿאַרבאַנד צווײַג 20. איינער פֿון די גרינדער פֿון דער פּריץ שול. אַנגעזעענער טוער אין אַ גאַנצער רייע לאָקאַלע און נאַציאָנאַלע אָרגאַניזאַציעס

## פּלאַטקין, יעקב



ווינניפּעג. געבוירן אין 1884; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1908. אין דער עקזעקוטיווע זײַט 1925. מיטגליד פֿון יידיש נאַציאָנאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד, צווײַג 20, און פֿון דער יידישער פֿאָלקס ביבליאָטעק.

## פּײַערמאַן, יעקב



ווינניפּעג. געבוירן אין 1894; געקומען קיין קאַנאַדע, אין 1913. אין דער עקזעקוטיווע זײַט 1915. מיטגליד פֿון פֿאַרבאַנד, צווײַג 20, היברו סיק בענעפֿיט, בני אַברהם, מאַונט כּרמל קליניק א״אַ.

## פֿריידין, יוסף



וויניפּעג. געבוירן אין 1890; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1913. אין דער עקזעקוטיווע זינט 1922. מיטגליד פֿון פֿאַרבאַנד צווייג 20, געוועזענער פֿאַרזיצער פֿון יידישער פֿאָלקס ביבליאָטעק, מיטגליד פֿון וועלפֿער פֿאַנד. זייער אַנגעזען אין די היגע דראַמאַטישע קרייזן.

## קאָהען, ב.



וויניפּעג. געקומען קיין קאַנאַדע אין 1912. מיטגליד פֿון עקזעקוטיווע פֿון 1920. אַנגעזעענער טוער פֿון וועלפֿער פֿאַנד. מיטגליד פֿון פֿאַרבאַנד צוו. 20, קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס, שאַך קלוב א״אַ.

## ראיעוו, משה



וויניפּעג. געבוירן אין 1893; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1924. אין דער עקזעקוטיווע זינט 1929. מיטגליד פֿון יידיש־נאַציאָנאַלן ארבעטער פֿאַרבאַנד צווייג 20, יידישער פֿאָלקס ביבליאָטעק א״אַ.

## קושנעראָוו, א.



וויניפּעג. געבוירן אין יאַנואַר 1879; געקומען קיין קאַנאַדע, אין סעפּטעמבער, 1912. אין דער עקזעקוטיווע זינט 1919. מיטגליד פֿון אינדעפּענדענט פֿרי לאָאַן, קאָנגרעס קאָונסיל א״אַ.



די היינטיקע פּרץ־שול געביידע



**י. ל. פרץ־שול מוטער פֿאַריין (צווײַג 1) עקזעקוטיווע — 1944**

ערשטע שורה: (פֿון רעכטס) ס. פּראַסאַוו (מיטגליד. פֿאַרז.), א. שעכטער, ע. קעלער (וויצע־פֿאַרז.), מלכה זעלטישע (פֿינאַנץ־סעקר.), פֿ. טשערניאַק (פֿאַרז.), ב. מײַער (־רעק. סעק.), א. פּאַלינסקי, קאַסירערין, פֿ. דאַזער (קאָרעספּ. סעק., א. מײַנסטער (אינטערנעמונגס־פֿאַרזיצערין), י. גורעוויטש, (קולטור פֿאַרזיצערין).

2טע שורה: י. גילמאַן, א. ד. וואַכנאַוו (רויטער קרייז פֿאַרז.) ק. פּאַזין, ס. באַראַדיצקי, ב. פּלאַטקין, ח. אווערבאַך, ב. סטאַפּמאַן, א. באַטשינאַוו, ס. ראַבינאַוויטש, פּ. שעפּס ס. זעלטישע

דריטע שורה: ליובאַ קאַהען, ס. בעלאָף, ק. לודוויק, וו. סירקין, נ. פֿיינבליט טש. בראַנשטיין, ס. גאַנעצקי, ק. פּערילמאַן, דזש. סעדלעצקי, ס. פֿינק ב. גובערמאַן.

פֿערטע שורה: מ. ראַזאַלאַווסקי, וו. דאַנער, ר. קליפּער, מ. וואָלפּסאָן, ס. ראָזנבערג, ב. דובאַוו, א. י. זלאַטין, ב. קרוגליקאַוו, ב. רעמיס, ל. זאַראַוו.

פֿינפֿטע שורה: מ. מײַערס, וו. ראָזנפֿעלד, ה. כאַצקע, כ. פֿרידמאַן, ר. עלקין, פֿ. באַראַדיצקי, י. פֿײַערמאַן.

די פֿאָלגנדיקע מיטגלידערינס פֿעלן: — ב. אווערבאַך, מ. באַראַדיצקי, ס. טשערי, י. קאַרז, דריבין, מ. גרעי, ס. גובערמאַן, ח. גאַלובאַוו, ר. מאַזער, מ. נאַטאַנזאָן, ה. ראַלער, ס. שנעעס, א. ציפּורסקי.

# 25 יאָר מוטער פאריין צווייג 1

## טשערניאַק, פֿאַניע
(פֿאַרזצעריין)



ווינּיפּעג. געבוירן (גאָלדין), אויגוסט 7טן, 1886; געקומען קיין קאַנאַדע אין סעפּטעמבער 1907, פֿון ניקאָלײַעוו. מיטגליד פֿון שול עקזעקוטיווע פֿון 1914. גרינדערין פֿון מוטער פאריין. פֿאַרזיצערין פֿון לייענקרייַז קאָונסיל. מיטגלידערין פֿון פֿאַר־באַנד צווייַג 20, "אַרט", ייוו"א, קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס. אנגעזעענע טוערין אויף אַלע געביטן פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן.

## קעלער, עטל
(וויצע־פֿאַרזיצערין)



ווינּיפּעג. געבוירן אין האראַ־דישטש, מינסקער גוב.; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1906. איינע פֿון די גרינדערינס פֿון פּרץ שול און מוטער פאריין. איינע פֿון די אַקטיווסטע טוערינס אין ביידע. מיטגלידערין פֿון יידיש נאַציאָ־נאַלן אַרבעטער פֿאַרבאַנד, צווייַג 20, איוו"א, "אַרט", א"א.

## מילער, בערטאַ
(סעקרעטאַרין)



ווינּיפּעג. געבוירן אין 1890; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1906. אין דער שול עקזעקוטי־ווע פֿון 1914 ביז 1944. איינע פֿון די גרינדערינס פֿון מוטער פאריין. מיטגלידערין פֿון קאַנאַ־דער יידישן קאָנגרעס, "אַרט", וועלפֿער פֿאַנד א"א.

## זעלטשען, מלכה
(פֿינאַנץ־סעקרעטאַרין)



ווינּיפּעג. געבוירן (פּערלמאַן) מאַי 5טן, 1899; געקומען קיין קאַנאַדע סעפּטעמבער 1912, פֿון פּראָפּאָיסק, רוסלאַנד. מיטגלי־דערין פֿון פּרץ שול עקזעקוטיווע פֿון 1914 ביז 1944. אנגעזעענע טוערין אין לייענקרייַז קאָונסיל, וועלפֿער פֿאַנד קאָמיטעט און "וואָר עפֿאָרט" קאָמיטעט.

## פּאָלינסקי, אײַדאַ
(קאַסירערין)



ווינּיפּעג. געבוירן אין 1894; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1907. אין מוטער פֿאַריין 24 יאָר. עקזעקוטיווע מיטגלידערין פֿון רויטן קרייץ, מיטגלידערין פֿון י. וו. ה. א. און נאַציאָנאַלן קאָונסיל פֿון יידישע פֿרויען.

## גורעוויטש, ע.
(קולטור־פֿאַרזיצערין)



ווינּיפּעג. געבוירן (גערשאָ־וויץ), אין יאָר 1896, אין ראַדין, ווילנער גוב.; געקומען קיין קאַנאַדע, אין 1912. אין מוטער פֿאַריין זייַט 1924.

## דאַזאָר, פּ.
(קאָרעספּאָנדענץ־סעקרעטאַרין)



ווינּיפּעג. געבוירן אין 1888; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1914. אין מוטער פֿאַריין זייַט 1924. מיטגלידערין פֿון פּראָ־פּאָיסקער אָרגאַניזאַציע.

## וואַכנאָוו, א. ד.
(רויטער־קרייץ פֿאַרזיצערין)



ווינּיפּעג. געבוירן אין 1889, אין אָדעס; געקומען קיין קאַנאַ־דע אין 1907. אין מוטער פֿאַריין זייַט 1921. מיטגלידערין פֿון בית יתומים, הדסה, פּיאָנערן פֿרויען, נאַצ. קאָונסיל פֿון יידי־שע פֿרויען, לייענקרייַז קאָונסיל, "וואָר עפֿאָרט" קאָמיטעט.

## פראַסאָוו, ס.

(מיטגלידערשאַפט פּאַרזיצערין)

וויניפּעג. געבוירן אין גאַמעל; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1912. אין מוטער פּאַריין 12 יאָר. מיטגלידערין אין פּראַפּאַיס־קער, פּיאָנערן פּרויען, כאַר, און נאַציאָנאַלער קאָונסיל פון יידי־שע פּרויען.

## מיינסטער, פּ.

(אונטערנעמונגס־פּאַרזיצערין)

וויניפּעג. געבוירן אין 1885; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1913. מיטגלידערין אין שול זייט 1918. עקזעקוטיווע מיט־גלידערין פון ביקאַליעווער אָר־גאַניזאַציע.

## אַווערבאַך, בת־שבע



וויניפּעג. געבוירן אין 1890; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1912. איינע פון די ערשטע מיטגלידערינס אין דעם מוטער פּאַריין. מיטגלידערין אין פּראַ־פּאַיסקער, נאַציאָנאַלער קאָונסיל פון יידישע פּרויען, "אָרט" און מוטער פּאַריין לייענקרייז.

## באָראָדיצקי, פּרומע



וויניפּעג. געבוירן אין 1887, אין פּראָפּאַיסק, רוסלאַנד; געקו־מען קיין קאַנאַדע אין 1910. אין מוטער פּאַריין זייט 1922. מיט־גלידערין פון פּראָפּאַיסקער, פּי־אָנערן פּרויען, הדסה א"א.

## אַווערבאַך, כאַסיע



וויניפּעג. געקומען קיין קאַנאַ־דע אין 1911, פון פּראָפּאַיסק, רוסלאַנד. אייני פון די גרינדע־רינס פון דער שול. אנגעזעענע טוערין אין דער פּראָפּאַיסקער ארגאַניזאַציע, קאַנאַדער יידישן קאָנגרעס, וועלפער פאָנד, "וואר עפּאָרט" קאָמיטעט א"א.

## באָראָדיצקי, סטעשע



וויניפּעג. געבוירן אין 1894; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1912. אין מוטער פּאַריין זייט 1919. מיטגלידערין פון פּראַ־פּאַיסקער, פּיאָנערן פּרויען און אַנדערע.

## אײַזיקאָוויטש, מאַני

טאָראָנטאָ. געבוירן, 1894; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1911. געווען א מיטגלידערין אין מוטער פּאַריין פאר א משך פון 15 יאָר ביז איר אָפּפאָר קיין טאָראָנטאָ. איז דאָרטן אַקטיוו אין פּיאָנערן פּרויען און אַנדע־רע אָרגאַניזאַציעס.

## באָראָדיצקי, מאַשע



וויניפּעג. געבוירן אין 1897; געקומען קיין קאַנאַדע אין 1913. אין מוטער פּאַריין זייט 1929. מיטגלידערין אין הדסה און אין דער פּראָפּאַיסקער אָר־גאַניזאַציע.

# ר׳ צבי-הירש ארקין ע״ה

(ביאגראפֿישע נאטיצן)



מיט אַן ערך 75 יאָר צוריק איז ער געבאָרן געוואָרן אין דער שטאָט סלאָנים, גראָדנער גוב., רוסלאַנד, ביי זייער אַן אינטעליגענטער משפּחה, ווו תורה וגדולה איז געווען במקום אחד. ער האָט שוין דעמאָלט, צוזאַמען מיט דער טראַדיציאָנעלער יידישער דערציִונג אויך געקראָגן אַ וועלטלעכע בילדונג אין דער ״יעווריסקאַיע אוטשילישטשע״.

אין דעם יאָר 1901 האָט ה. ארקין, צוזאַמען מיט זיין פֿרוי, חנה־מירל (איר צו לאַנגע יאָר, אַגב זיינע אַ קוזינע), פֿאַרלאָזן דאָס צאַרישע רוסלאַנד און איז מיט די ערשטע יידישע עמיגראַנטן אַוועקגעפֿאָרן קיין אַרגענטינע, ווו ער האָט זיך באַזעצט אויפֿן באָדן פֿון דער איק״אַ און איז געוואָרן אַ פֿאַרמער.

אָבער צוליב דעם שווערן, הייסן קלימאַט און צוליב אַנדערע סיבות, האָט ה. ארקין עמיגרירט פֿון דאָרט קיין וויניפּעג, קאַנאַדע. ער האָט דאָ די ערשטע צייט, ווי פֿיל אַנדערע יידישע עמיגראַנטן, געליטן גרויס נויט און דחקות. איבערגעטאָן כל עבודת פּרך. געוואַנדערט איבער מערב קאַנאַדע, פֿון וויניפּעג קיין קאַלגאַרי, פֿון דאָרטן אַזש קיין פּרינץ רופּערט, ב״ק. אין 1924 קערט ער זיך אום צוריק קיין וויניפּעג און גרינדעט דאָ אַ גוט־גייענדיקן געשעפֿט.

הגם מר. ה. ארקין איז ניט געווען אַקטיוו אינם היגן געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, צוליב זיין שוועריקייט פֿון הערן, אויף וואָס ער האָט שוין געליטן אַ לענגערע צייט, דאָך איז ער געווען וואַך צו אַלץ, וואָס ס׳איז פֿאָרגעקומען אין יידישן לעבן ניט נאָר פֿון אַ לאָקאַלן כאַראַקטער, נאָר ער האָט אויך נאָכגעפֿאָלגט דעם גאַנג פֿונם יידישן לעבן אומעטום.

ער איז בטבע געווען שטאַרק געבונדן צום אָרטאָדאָקסישן נוסח, געווען אויך אַן איבערצייגטער ציוניסט, דאָך האָט ער געהאַט אַ וואַרעם געפֿיל צו אַלע אַנדערע יידישע ריכטונגען און באַוועגונגען, אַפֿילו ווען ער איז ניט מסכים געווען מיט זייערע ענד־צילן. ער האָט זיי אַלעמען געשטיצט מיט אַ גאַנץ ברייטער האַנט.

---

אין די לעצטע 16-15 יאָר פֿון זיין לעבן, האָט ה. ארקין זיך אָפּגעגעבן מיט יידישע און אַלגעמיינע פֿילאָזאָפֿישע שטודיעס. ער האָט זייער פֿיל געלייענט, געלערנט און אַ סך געשריבן. ער האָט פֿאַרפֿאַסט אַ ווערק, וואָס טראָגט דעם נאָמען ״די דעמאָקראַטיע פֿון דער יידישער הלכה״ (געזעצגעבונג). ער האָט עס נאָכדעם איבערזעצט אין ענגליש. פּראָפֿעסאָר לאָדזש, פֿון מאַניטאָבער אוניווערסיטעט, און אונדזער דר. ח. זשיטלאָווסקי ע״ה, האָבן זיך זייער וואַרעם אָפּגערופֿן וועגן דער אַרבעט.

דאָס דאָזיקע ווערק ווערט איצט, פֿון זיינע יורשים, צוגעגרייט צום דרוק אין ענגליש, אונטער דער רעדאַקציע פֿון דעם באַרימטן פּראָפֿעסאָר דר׳ ראָבאַק, פֿון האַרוואַרד אוניווערסיטעט. אין דעם דאָזיקן בוך וועט אויך אַריינקומען אַלענגערע אָפּהאַנדלונג איבער דעם ווערק פֿונם זעלבן פּראָפֿעסאָר.

ער איז נפֿטר געוואָרן דעם 21טן פֿעברואַר 1943. זיין טויט איז ניט נאָר געווען אַ פֿאַרלוסט פֿאַר זיין פֿרוי און קינדער און זייערע פֿילצאָליקע פֿריינט אין שטאָט, נאָר אויך פֿאַר דער גאַנצער יידישער וויניפּעג בכלל און פֿאַר דער יידישער אינטעליגענץ בפֿרט.

פ״ז.

ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳.

# ר׳ משה (מאָרים) הייד ע״ה

1935—1868



ר׳ משה הײַד איז געווען איינער פֿון די סאַמע ערשטע און וויכטיקסטע בויער פֿון דער יידישער געמיינדע אין וויניפּעג.

געקומען איז ער אַהער אין 1893, ווען קײַן יידיש לעבן איז נאָך דאָ כמעט ווי ניט געווען. דאָס גרינגסטע וואָלט פֿאַר אים געווען אַרײַנוואַרפֿן זיך אין דער ניט־יידישער וועלט און פֿאַרשלונגען ווערן פֿון איר. ער איז אָבער געווען אַ שטאָלצער און באַוווּסטזיניקער ייד און האָט באַשלאָסן זײַן גאַנצע ענערגיע און פֿעיקייטן ווידמען דעם יידישן פֿאָלק, און צוזאַמען מיט דער קליינער גרופּע יידן פֿון יענער צײַט האָט ער זיך באַטייליקט אין דער גרינדונג פֿון אַזעלכע יידישע אינסטיטוציעס ווי די שערי צדק שול, די תלמוד תורה, דעם בית יתומים, די יונײַטעד היברו רעליף און דעם לאָקאַלן לאָדזש פֿון די בני ברית, און פֿון די אַלע אינסטיטוציעס איז ער פֿאַר אַ צײַט געווען דער פּרעזידענט.

נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה האָט ער זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער אימיגראַציע געזעלשאַפֿט און איז געווען איר קאַסירער. אַרום 1925 איז ער, צוזאַמען מיט י. א. טשערניאַק געפֿאָרן קײַן אָטאַוואַ. דאָרט האָבן זיי באַגעגנט ס. האַרט גרין און אַ דעלעגאַציע פֿון מאָנטרעאָל און טאָראָנטאָ און צוזאַמען אײַנטערוועגירט בײַ דער רעגירונג פֿאַר אַ דערלויבעניש אַרײַנצולאָזן אַ צאָל יידישע אימיגראַנטן.

אויף דער באַן־רײַזע צווישן וויניפּעג און אָטאַוואַ, האָט ער זיך צום ערשטן מאָל פֿאַרינטערעסירט מיט דער פּרץ־שול און ביז זײַן טויט פֿאַרבליבן איינער פֿון אירע אָנהענגער און שטיצער.

נאָך זײַן טויט האָבן זײַנע קינדער, צו לאַנגע יאָר זיי, באַשלאָסן אָנהאַלטן זייער פֿאָטערס פֿאַרבינדונג מיט דער שול און האָבן מנדב געווען אַ יערלעכע בײַשטײַערונג אויף זײַן נאָמען, פֿאַר אַן עסייען קאָנטעסט פֿון די תּלמידים פֿון דער שול.

ת׳נ׳צ׳ב׳ה׳.

## שניאור־זלמן נאָזיק ע"ה



געבוירן, פֿעברואַר 24טן, 1863, אין יעליסאַוועט־גראַד, רוסלאַנד; געקראָגן אַ טראַדיציאָנעלע יידישע דערציִונג, שפּעטער געוואָרן אַן אָנגעזעענער משׂכּיל אין שטאָט; זיך באַטייליקט אין פֿאַרשיידענע געזעלשאַפֿטלעכע אַרבעטן; געשטאָרבן דעם 14טן מערץ, 1938.

## מאָניש־יוסף וואַכנאָוו ע"ה



געבוירן אין 1882; געקומען קײַן קאַנאַדע אין 1907; געווען אַן אָנגעזעענער מיטגליד אין עדת ישורון שול; זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אַ גאַנצער רייע אָרגאַניזאַציעס; געווען אַכט יאָר נאָכאַנאַנד פּרעזידענט פֿון "אחדות פּרי לאָאן"; געשטאָרבן אין 1932.

## פּעסיע גרינשפּאַן ע"ה



געבוירן אין 1876; געשטאָרבן דעם 29טן נאָוועמבער, 1943; געווען איינע פֿון די ערשטע פּיאָנערין אין דער אידנברידזשער יידישער ערד אַרבעטער קאָלאָניע.

# דעם 15טן מאי האָט די פּרץ שול אָפּגעשלאָסן דאָס 30טע יאָר פון איר עקזיסטענץ

### די פּרץ שול איז

- פון די ערשטע און עלטסטע שולן אין אמעריקע.
- פון די גרעסטע שולן אויפן קאָנטינענט.

### די ערשטע צו גרינדן

- א קינדערגאַרטן.
- א נאָרמאַלע טאָג־שול.
- א מוטער פאַריין.

### פּרץ שול דערגרייכונגען

- 10 גראַדוירונגען פון עלעמענטאַר שול — 632 תלמידים גראַדוירט.
- 17 גראַדוירונגען פון מיטל־שול — 244 תלמידים גראַדוירט.
- 14 גראַדוירונגען פון העברעע קורסן — 120 תלמידים גראַדוירט.
- 20 תלמידים ארויסגעגעבן אלס יידישע לערער.
- אויסגעגעבן א דריטל מיליאָן דאָלאַר אויף יידישער דערציונג.

### די פּרץ שול באשטייט היינט פון

- א פּערסאָנאַל פון 14 לערער.
- 450 תלמידים וואָס לערנען אין :
- 2 יאָר קינדערגאַרטן.
- 7 קלאַסן טאָג־שול.
- 7 קלאַסן אָוונט־שול.
- 3 קלאַסן מיטל־שול.
- 2 קלאַסן העברעע קורסן.

דאָס יידישע קינד קען פריי דערצויגן ווערן, נאָר אין א יידיש־וועלטלעכער שול.

אין דער הברשער און פרייער אַטמאָספערע פון דער י. ל. פּרץ שול, וועט זיך אייער קינד פילן גוט און צופרידן.

אין פּרץ שול לערנען און ווערן דערצויגן קינדער פון 3 ביז 18 יאָר.

אין אייך איז געווענדט אַז אייער קינד זאָל אָנהייבן זיין דערציונג אין קינדער־גאָרטן אויף א שפּילנדיק אַרבעטנדיקן אופן; קריגן זיין פולע אַלגעמיינע און יידישע בילדונג אין טאָג־שול; פאַרברייטערן און פאַרטיפערן זיינע ידיעות אין די העברעע קלאַסן פון אָוונט־שול, מיטל־שול און העברעע קורסן.

א נאָרמאַלע דערציונג באַרייכערט דאָס גאַנצע לעבן.

# דערקלערונג פון דער רעדאקציע

די אַרבעט אויף דער דאָזיקער אויסגאַבע איז געווען פאַרבונדן מיט אַ מאַסע שוועריקייטן און מיט פּילצאַליקע דעטאַלן. אַ באַשרענקטע צאָל מענטשן באַלאָדן מיט אַ סך אַנדערע אַרבעטן, האָט געמוזט דורכפירן אַט די גאַנצע אַרבעט און אין אַ באַגרעניצטער צייַט.

דער מאַנגל אין פּאַפּיר און די שטרענגע רעגירונגס רעגולאַציעס, האָבן אונדז ניט דערלויבט אויסצוטיילן פּאַסיקע רעמלעך און אָרנאַמענטן ווי אונדז האָט זיך געוואָלט.

עס איז דערפאַר נאַטירלעך, אַז מיר זייַנען באַגאַנגען פעלערן און געמאַכט טעותן. מעגלעך פאַרדריסלעכע טעותן. אויב, ווי אַ רעזולטאַט פון אַט די טעותן איז וועלכער ס'איז יחיד אָדער אָרגאַניזאַציע געקריוודעט געוואָרן, פאַרזיכערן מיר זיי. אַז עס איז ניט געווען אַבזיכטלעך און מיר באַדויערן עס זייער. לכבוד דעם גרויסן יום־טוב פון דער שול. בעטן מיר זיי חבריש ענטשולדיקן אונדז און פאַרגעסן אויף דעם.

מיט חברישן גרוס,

פאַר דער רעדאַקציע קאָמיסיע,

וו. קעלער, פאָרזיצער.

מ. קאַנטאָר, סעקרעטאַר.

---

## תיקון טעות

נאָכדעם ווי דאָס גאַנצע בוך איז שוין אָפּגעדרוקט באַמערקן מיר מיט פאַרדראָס אַז —

פאָלגנדע זייַנען אינגאַנצן ארויסגעלאָזט געוואָרן:

אחדות פרי לאָאַן פרויען אָרגאַניזאַציע, מרס. ס. פינק פאָרזיצערין.

דאָדעק ברידער.

י. שאַר (יואוועליר).

פון פאָלגנדיקע ביאָגראַפיעס זייַנען אויסגעלאָזן געוואָרן די בילדער :

מרס. ב. סטאַפּמאַן.

מ. גאַן (פון גאַנס בייקערי).

ווי אויבן דערמאָנט, עס איז מעגלעך, אַז נאָך איינצקע זייַנען, ניט ווילנדיק, געקריוודעט געוואָרן. מיר ענטשולדיקן זיך פאַר די אַלע און מיר פאַרזיכערן נאָכאַמאָל, אַז מיר האָבן, חלילה, קיינעם ניט געמיינט צו קריוודען, אָדער פוגע בכבוד זייַן. ד.ז.

